

בען גיילינג אַלס „רב עליע"
אין לייוויקס „שמאַטעס"



בען גיילינג אַלס „שטאָט משוגענער"
אין גאָלדפאַדענס
„די בישוף מאַכערן"



בען גיילינג אַלס „משה'לע פידלער"
אין יושקעוויטשעס „מענדעל ספיוואַק"

# ניט א שמייכל

פון

ב ע ן  ג י י ל י נ ג

אַ בוך פון לייכטן הומאָר און סאַטירע
פאַר אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר



אַרויסגעגעבן פון
פאַרלאַג „זיך אַליין“
1949

# אינהאַלט

זייט

**פּאָעמען און לידער**



* * *

**יום - טוב מעשׂות**

זייט



* * *

## אין די בערג



* * *

## טיפּן און פאַרשוינען

## אינהאַלט — (פאָרזעצונג)



* * *

**נאַטור און מענטש** — (שטימונגען)

# אנשטאט א פאר־רעדע

איידער איר באקענט זיך מיט'ן מחבר'ס געדאנקען, זייט אזוי גוט און באקענט זיך מיט'ן מחבר אליין. . . .

— שלום עליכם — שטרעק איך אייך אויס א האנט — שלום עליכם, טייערע לעזער. . . .

— האו דו יו דו ? — ענטפערט איר מיר אויף אייער אמעריקאנישן אידיש — האו דו יו דו . . . און ווער זיינט איר ? . . .

— וואס הייסט ? — שטאמל איך האלב פארוואונדערט — דאס בין איך דאך אליין . . . איך בכבודו ובעצמו . . . דער מחבר פון דעם דאזיקן ווערק וואס איר האלט איצט אין האנט. . . . טוט מיר אן דעם כבוד — לייענט, און „גיט א שמייכל". . . .

— עפעס האבן מיר יא געהערט פון אייך, און עפעס ניט — זעה איך ווי איר באטראכט מיך פון אויבן אראפ — זאגט דעם אמת, איר זיינט טאקע א שרייבער, אדער איר מאכט זיך בלויז פאר א שרייבער?

— דעם אמת געזאגט — ענטפער איך אביסל דרייסטער — דעם אמת געזאגט, בין איךביים פאך גאר א אידישער אקטיאר . . . א אידי־שער אקטיאר וואס שרייבט. . . .

— וואס מיינט איר? — קוקט איר מיך אן א פאר'חידוש'טער.

— איך מיין, איך בין א שרייבער וואס שפילט טעאטער — פאר־פלאנטער איך נאך מער פאר אייך דעם ענין. . . .

דא געהט איר שוין גאר ארוים פון די כלים, און איר קוקט אויף מיר ווי מ'קוקט אויף אן אויסטערלישער חיה. . . .

— מ'נא, — קוועטשט איר מיט די פלייצעס — נא דיר גאר אזא מין באשעפעניש . . . אן אקטיאר וואס שרייבט . . . און א שרייבער וואס „עקט". . . . איך ווייס נאך אלין ניט ווער איר זיינט . . . ווי קומט

איר צום שרייבן? . . . ווי קומט איר צום „עקטן?" . . . רעדט קלאָרע דיבורים. . . .

זעה איך דאָך שוין אַז איר ווערט אין כעס, און איר קענט נאָך אַוועקלייגן (און אפשר חלילה אַוועקוואַרפן. . .) מיין בוך איידער איר לייענט אים . . . וועל איך אַרויס מיט לשון און אייך דערציילן גענויער מיט וועמען איר האָט דאָ צו טאָן. . . .

אַז איך בין געבוירן געוואָרן, איז אַ פאַקט וואָס מיין מאַמע האָט מיר אַליין דערציילט, ווען איך האָב איר געפרעגט פון וואַנען איך קום. און מיין טאַטע, דער קליינשטעטלדיקער שניידער, האָט באַשטעטיגט אירע ווערטער. . . . נאָך אַ פאַקט אַז איך בין געבוירן געוואָרן, נעם איך דערפון וואָס איך גיב איצט אַרויס מיין בוך . . . וואָלט איך ניט געבוירן געוואָרן, וואָלט אַ פרעמדער, ניט איך, איצט אַרויסגעגעבן דעם בוך . . . און וואָס איר ווינטשט מיר, וואָלט איר געוואונטשן יענעם. . . .

געבוירן געוואָרן בין איך אין 1898 (איצט ווייסט איר ווי אַלט איך בין. . .) אין קראַסנאָפּאָליע, אַ קליין שטעטעלע אין סובאלקער גובער־ניע, געלערנט אין היימישן חדר, שפּעטער אין סובאלק'ער ישיבה, און געווען פאַררעכנט פאַר אַן עלוי. . . . אין מיין שטעטל זיינען אַלע מקנא געווען מיין מאַמען, באַ וועמען עס וואַקסט אַ זונדל, וואָס וועט מסתמא זיין אַ רב ערגעץ אין אַ קליין שטעטל, וואו איך וועל פּסק'ענען שאלות, און מאַכן אַ לעבן פון פאַרקויפן ליכט מיט הייוון. . . . אַ בלאַט צייטונג קומט אָן באַ אונז אין שטעטל איינמאָל אַ וואָך, צום גביר פון שטאָט, און זי געהט, די צייטונג הייסט עס („דער יוד", דוכט זיך) איבער די הייזער. . . . אליקום צונזער'ס לידער זינגט מען אין אַלע אידישע הייזער, און דאָס גיט מיר דעם ערשטן שטויס צו נעמען שרייבן . . . פּאַ־ראָדיעס, לידלאַך, אויף די היימישע שטעטלדיקע פאַרשווינען . . . מיט די מעלאָדיען פון צונזער'ס לידער. . . . גאַנץ קראַסנאָפּאָליע זינגט מיינע לידלאַך, אָבער ווייטער געהט עס ניט. . . .

צו פערצן יאָר, פאָר איך צו מיין טאַטן קיין אַמעריקא, וועלכער איז שוין אַוועק פון דער היים מיט אַכט יאָר פריער, און שוויצט אין די דאָ־

מאָלסטיקע "סוועט שעפּער" פערצן און זעכצן שעה אַ טאָג . . . און, פאַר־שטעהט זיך, אַז דאָ איז מיין וועג ניט אויסגעלייגט מיט בלומען. . . . אַ וואָך נאָך מיין קומען קיין אַמעריקא, נעמט מיך מיין פאָטער זעהן אַ פאָרשטעלונג אין דעם דאַמאָלסט באַרימטן אַגיד'ס מוזיק האָל, אויף קלינטאָן סטריט, אין ניו־יאָרק, און איך בין שוין אַן „אָפּגעקאָכטער" . . . אַ פארפאַלענער . . . איך פיהל אַז איך וועל שוין אָן טעאַטער ניט קענען לעבן. . . . (מיט יאָרן שפּעטער, שוין זייענדיק אַן אַקטיאָר, האָב איך אויסגעפונען, אַז מיט'ן טעאַטער איז אויך שווער צו לעבן. . .). איך ווער אַ מיטגליד אין דער פרייער אידישער פאָלקס-ביהנע, אָבער זיי שפּילן בלויז צייטווייליג . . . און דאָס איז ניט גענוג פאַר מיר. . . . שליס איך זיך אָן מיט אַן אַמאַטאָרן טרופּע און שלעפּ זיך אַרום אויף דער פּראָ־ווינץ . . . הונגער מער ווי איך שפּיל, אָבער איך בין אַן אַקטיאָר. . . . און דורך לאַנגע גלגולים, קום איך אָן צו מאָרים שוואַרץ'ן, אין אידישן קונסט טעאַטער.

עס נעמט ניט לאַנג און איך ציה שוואַרץ'ס אויפמערקזאַמקייט, און ער גיט מיר גרויסע ראָלן צום שפּילן . . . (גרויסע ראָלן מיט קליינע ווײדזשעס . . . ש-ש-ש . . . זאָגט קיינעם ניט אויס . . .). אָפּשפּילנדיק פינף יאָר אין קונסט טעאַטער, פאַרלאָז איך מאָרים שוואַרץ'ן און פאָר צוריק אויף דער פּראָווינץ — הערט און שטוינט — אַלס אַ בוף קאָמיקער אין אַ שונד טעאַטער . . . וואו איך זינג, טאַנץ, און שטעל זיך אויף אַן אויער . . . ביז אויף היינטיקן טאָג. . . .

— נו, און וואָס איז מכוח שרייבן? — פרעגט איר מיך.

— שרייבן — ענטפער איך אייך — האָב איך געשריבן דורך די אַלע יאָרן, אין טאָראָנטאָ'ער „אידישן זשורנאַל", אין מאָנטריאָל'ער „קענעדער אָדלער", פילאַדעלפיער „אידישע וועלט", און אין „פאָרווערטס".

די מערסטע הומאָרעסקעס, מאָנאָלאָגן, און מעשה'לאך וואָס געהען אַריין אים דעם בוך, האָבן זיך טאַקע געדרוקט אין „פאָרווערטס", און אַ דאַנק דער מאַטעריעלער הילף און איניציאַטיווע פון מיינע באָס־

טאָנ'ער פריינט. האָב איך איצט די געלעגנהייט אַרויסצוגעבן מיין בוך „גיט אַ שמייכל".

קענגן וואָס דערצייל איך דאָס אייך? . . .

איך האָב אייך בלויז געוואָלט באַווייזן, אַז מ'דאַרף ניט זיין קיין געבוירענער שרייבער . . . אַ סימן האָט איר, אַז איך שרייב אויך. . . .

און אויב איך וועל קענען אַרויסרופן באַ אייך אַ שמייכל, וועט מיין בוך זיין באַרעכטיגט צו זעהן די ליכטיקע וועלט, און פאַר מיר וועט דאָס שוין זיין אַ טייל פון שכר. . . .

לייענט . . . און „גיט אַ שמייכל". . . .

אייער,

בען גיילינג

אפריל, 1949

באָסטאָן, מאסס.

# אַ לעקטשורער בעסער ווי איינשטיין

מיין פעטער גרונם'ס סאָסייעטי, די חברה „נופלי חולים אונטערשטיצונגס פאראיין", האָט באשלאָסן צו ברייגגען אַ לעקטשורער צו איינעם פון אירע מיטינגען. דעם פאָרשלאַג האָט געמאַכט טאַקע דער פרעזידענט אַליין, ברודער עליע קאָפּוסטע.

— עס איז ניט קיין פּלאַן — האָט ער גע'טענה'ט — צו קומען צו יעדן מיטינג און ריידן בלויז פון קרקע. איך בין אַן עלטערער מענטש, „ענד איט גיווס מי דהי שיווערס" . . . ווי פלעגט מיין באָבע זאָגן: אַז מען דערמאָנט זיך אַן טויט, איז מען ניט זיכער מיט'ן לעבן. . . .

אַלע מעמבערס זיינען געווען איינפארשטאַנען, אַ חוץ ברודער גרעבערמאַן, דער אנדערטעיקער. . . .

אָבער וואו נעמט מען דעם לעקטשורער? ווער זאָל ער זיין? און איבער וואָס זאָל ער לעקטשורן?

האָט מען זיך געווענדעט צו מיין פעטער גרונם, און ער האָט פאָרגעשלאָגן פּראָפעסאָר איינשטיין. . . .

— אַזוי ווי — מאַכט ער — איבער דער גאַנצער וועלט זיינען קוים פאראַן צוועלף מענטשן וואָס פארשטייען איינשטיינ'ס טעאָריע, איז ער דער פאַסענדסטער לעקטשורער פאַר אונז. . . . צו אונזער מיטינג קומען קוים אַ דאָזן מעמבערס, וועט קיינער ניט פארשטיין דעם לעקטשורער און אַלע וועלן זיין צופרידן.

— טשערמאַן — האָט אים איבערגעשלאָגן ברודער העריגגמאַן, דער גראָסערימאַן — אַ פּאָינט אָוו אָרדער.

— וואָס איז אייער פּאָינט אָוו אָרדער? — פרעגט דער פרעזידענט.

— מיין פּאָינט אָוו אָרדער איז — זאָגט ברודער העריגגמאַן — אַז מיר דאַרפן איינגאַנצן ניט קיין לעקטשורער. שלאָפן קאָן איך אין דער היים . . . נאָר אויב איר ווילט שוין יאָ מוטשען די מעמבערס, שלאָג איך פאַר מ'זאָל טיילן רעפרעשמענטס נאָכ'ן לעקטשור. . . .

— זעצט אייך אַוועק — קלאַפּט דער פרעזידענט מיט'ן האַמער — מיר האָבן נאָך ניט באשלאָסן ווער עס זאָל לעקטשורן, און ער האַלט שוין ביים עסן. . . . זייט איר אַלע איינפארשטאַנען אַז מיר זאָלן ברייגגען פּראָפעסאָר איינשטיין? . . .

— ברודער פּרעזידענט — שטעלט זיך אויף וועלוול דער אידישיסט — גיט מיר די פּאָדלאָגע . . . איך וויל מאַכן אַ דעקלאַראַציע.

## גיט אַ שמייכל

— טשערמאַן, לאָזט אים ניט ריידן — שלאָגט אים איבער ברודער קעסל־בויך — איך פּראָטעסטיר.

— וואָס איז אייער פּראָטעסט? מאַכט עס בקיצור — ענטפערט דער פּרע־זידענט אומגעדולדיג.

— איך האָב פּיינט אַז מען רעדט טערקיש — זאָגט ברודער קעסלבויך — פּאַדלאָגע . . . דעקלאַראַציע . . . אַרגומענטאַציע . . . עקספּלאַנאַציע . . . בּאַ אונזערע מיטינגען דאַרף מען ריידן „פּלעין" אידיש. . . . טשערמאַן, גיט מיר דעם פלאָר, ביקאָז איך וויל מאַכן אַן עקספּליינייש‌אַן. . . .

— גערעכט, גערעכט — באַמקען צו עטליכע מעמבערס, און עס ווערט אַ שטיקל טומל.

— שאַראַפּ! — קלאַפּט דער טשערמאַן מיט'ן האַמער — בּי קוויעט ענד דאָנט עקט לאַיק ענימאַלס. . . . ברודער וועלוול, איר האָט דעם פלאָר, אָבער רעדט אידיש, אַלע זאָלן אייך פאַרשטיין. . . .

— ברודער פּרעזידענט, שוועסטער און ברידער — רעדט וועלוול — עס איז זייער ווינשנסווערט מיר זאָלן האָבן אַ לעקציע צו איינער פון אונזערע פאַר־זאַמלונגען. אָבער ברודער גרונם'ס פאָרשלאַג, צו ברייגנען פּראָפעסאָר איינ־שטיין אהער, איז, מילד גערעדט, לעכערליך. . . . ניט פּראָפעסאָר איינשטיין וועט צו אונז קומען, ניט מיר קאָנען — ווי זאָל איך עס זאָגן אויף אידיש? — „אַפּאָרדן" אים צו ברייגנען. . . . ברודער גרונם זאָגט, אַז איינשטיינען פאַר־שטייען בלויז צוועלף מענטשן, איך וועל אייך געבן אַ לעקטשורער וואָס קיין איין מענטש פאַרשטייט אים ניט . . . זיין בעבען האָט אַ שם איבער דער גאַנ־צער וועלט . . . און ער רעכנט ניט טייער אויך . . . פאַר פופצן דאָלער וועט ער קומען אויף אונזערע עקספּענסעס, און אויב זיינע אייגענע עקספּענסעס, וועט ער נאָך קומען פאַר ביליגער — פאַר אַ צענערל. . . . זיין נאָמען איז פּראָפעסאָר דזשאָרדזש קרעק־נאָט (גדליה קנאַקניסל, אויף אידיש) . . . און ער לעקטשורט אין דעם „קאָלעדזש פאַר דערוואַקסענע קליינוואַרג". אין פּאַוקיפּסי.

דאָס איז אַלעמען געפעלן געוואָרן, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו ברייגנען דעם דאָזיגן לעקטשורער צום נעקסטן מיטינג, ווייל דער נעקסטער מיטינג איז שטרייך־אָווענט. . . .

אָבער דאָ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ דעבאַטע. וואָס זאָל זיין די טעמע פון דער לעקציע?

מיין פעטער גרונם האָט פאָרגעשלאָגן, ער זאָל לעקטשורן איבער „דעם קאָסמאָס און זיינע אַטאָמען" . . . ברודער קעסלבויך האָט געוואָלט מ'זאָל לעקטשורן איבער „אַפּעטיטלאָזיגקייט" . . . און ברודער הערינגמאַן האָט גע־וואָלט מ'זאָל לעקטשורן איבער „שלאָפלאָזיגקייט". . . .

אָבער דאָס מאָל האָט אויסגעפירט ברודער גרעבערמאַן, דער אנדערטעיקער:
— אינגאַנצן ניט דערמאַנען קיין סעמעטערי באַ אונזערן אַ מיטינג — האָט ער אַרגומענטירט — איז געגן אונזער קאָנסטיטושאַן . . . מוז דער לעק־טשורער ריידן וועגן סעמעטערי . . . און עס איז איינשטימיג באַשלאָסן געוואָרן, אַז די טעמע פון דער לעקטשור זאָל זיין —
„די גייסטיגע השפעה פון דער סעמעטערי אויפ׳ן מענטשליכן לעבן". . . .
ווען דער לעקטשורער וועט קומען און וואו די לעקציע וועט זיין, וועל איך אייך לאָזן ווסן. . . .

# די מויל צו גרויס פאַר די ציין

מיין פעטער גרונם האָט, ניט פאַר אייך געדאַכט, טראָבל מיט די ציין.
וועט איר דאָך מיר פרעגן: מה רעש? . . . אַז מ׳האָט טראָבל מיט די ציין, גייט מען צום דענטיסט.
הערט איר, אָט דאָס איז דאָך די צרה, וואָס דער פעטער איז געגאַנגען צום דענטיסט. . . .
— בין איך ניט געגאַנגען צום דענטיסט — באַקלאָגט זיך מיין פעטער — האָב איך גאָרניט געוואוסט וואָס פאַר אַ טראָבל מ׳קען האָבן פון ציינער . . . אַז מ׳קען האָבן צרות פון ציינער וואָס זיינען נאָך ערגער פון ציין־וועהטאָג. . . .
און מיין פעטער דערציילט מיר די גאַנצע געשיכטע. אזוי ווי ער האָט זיך נאָר אַוועקגעזעצט ביים דענטיסט אויפ׳ן טשער, און דער דענטיסט האָט אַ קוק געטאָן באַ אים אין מויל אריין, האָט ער, דער דענטיסט הייסט עס, אַ זאָג געטאָן:
— פע . . . אייערע ציינער האָבן ניט די ווערט וואָס די מויל טראָגט זיי . . . געל און צופוילט ווי אַ יאַפּאַנעזישער דיפּלאָמאַט. . . . אָט וויפיל ציינער איר האָט אין מויל, אַזוי פיל דאַרף מען אַרויסנעמען. . . . און בכלל האַרמאָנירן ניט אייערע ציינער מיט אייער פיין געשווירענער גראָהער בערדל. . . . איר מוזט זיי אַרויסנעמען איינציגווייז, אָבער מיט איין מאָל. . . .
פרעגט אים מיין פעטער אַ צושראָקענער:
— אָבער וואָס פאַר אַ פּנים, דאָקטאָר, וועל איך האָבן אָן ציינער? . . . מיין מויל וועט דאָך אויסזעהן ווי אַ לעקטשורער אָן אַ טעמע. . . .
— פאַרלאָזט זיך אויף מיר — פאַרזיכערט אים דער דענטיסט — איך וועל אייך אַריינשטעלן אַ סעט נייע, ווייסע פּערלדיגע ציין, אַז ניט נאָר איר אַליין, נאָר אַפילו אייערע בעלי חובות וועלן אייך מער ניט דערקענען . . . און עס וועט

## גיט אַ שמייכל

אייך ניט קאָסטן טייער אויך . . . איך האָב פיינט צו באַרייסן מיינע קאָסטאָמער, באַטש רייסן איז מיין מלאכה, כע־כע־כע. . . .

בקיצור, נאָך איידער מיין פעטער האָט צייט געהאַט צו לייענען קריאת שמע, איז ער שוין געשלאָפן ביים דענטיסט אויפ'ן טשער. . . .

מילא, ווען ער איז אהיימגעקומען, האָט די טאַנטע אויסגע'בטל'ט צו אים אַלע אירע חלומות:

— וועלכער משוגענער — מאַכט זי — לאָזט זיך אַרויסנעמען אַלע ציינער און באַצאָלט נאָך דערפאַר? . . . אויב דעם דענטיסט פעלן אויס ציינער, האָט ער דאָך נאָך דיר געדאַרפט צוצאָלן. . . .

נאָר וואָס האָט איר דער פעטער געקענט ענטפערן, אַז ער האָט דאָס מויל ניט געקענט עפענען. . . .

אַוועק אַ פּאָר וואָכן, און גאָט האָט געהאָלפן, דער דענטיסט האָט פאַרטיג פאַר מיין פעטער דעם סעט נייע, ווייסע פּערלדיגע ציין. אָנגעטאָן זיי. און אַ קוק טוענדיג אין שפּיגל, האָט מיין פעטער, דעם אמת זאָגנדיק, זיך טאַקע ניט דערקענט. ער איז גאָר מיט צוואַנציק יאָר אינגער געוואָרן . . . און ווען ניט דאָס גרויע בערדל זיינס, וואָלט אים די טאַנטע ניט דערקענט. . . .

איז דאָך גוט, האַ? . . . טאַ הערט־זשע ווייטער.

מיין פעטער האָט ליב צו שפּילן פּינאָקל, און לעצטן זונטאַג, נאָך אַ מיטינג פון זיין סאָסייעטי — די „חברה אנשי חולי נופלים" — זעצט ער זיך אַוועק שפּילן אַ פּינאָקל מיט'ן פּרעזידענט, עליע קאַפּוסטע, און נאָך אַ פּאָר. מען „דילט" אויס אַ האַנט, און אַזוי ווי מיין פעטער גיט אַ זאָג — פּאָור הונדערט — פליען אים אַרויס די אויבערשטע ציין פון מויל, גלייך צו קאַפּוסטע'ן אין פּנים אַריין. . . . ווערט דאָך מסתמא אַ געלעכטער . . . מיין פעטער פילט ווי זיך צו באַגראָבן אין דר'ערד אַריין . . . אָבער שפּילן מוז מען . . . ער ווערט „עקסייטעד", און אַזוי ווי ער גיט זיך נאָכדעם אַזאָג — פּאָור פיפטי — גליטשן זיך אים אַרויס די אונטערשטע ציין און פאַרפליען צו אים אין גאָרגל אַריין, און מיין פעטער נעמט זיך ווערגן. . . . איידער מ'האָט אים אָפּגעראַטעוועט, האָט מען אים שיער אַ לונג אונטערגעהאַקט. . . . ווייזט אויס, אַז דער דענ־טיסט האָט אים געמאַכט דעם „סעט" צו לויז, און לויזע ציינער זיינען פונקט ווי גרויסע קאַלאָשן אויף קליינע שיך — זיי שלעפּן זיך. . . .

דער דענטיסט זאָגט יאַקבי, אַז עס איז ניט זיין שולד, נאָר דעם פעטער'ס, ער האָט אַ צו גרויסע מויל. . . . ווי געפעלט אייך אַ חוצפה פון אַ דענטיסט, אַזוי צו באַליידיגן מיין גוטן, שטילן פעטער?

אָבער דאָס ערגסטע, באַקלאָגט זיך פאַר מיר דער פעטער, איז דאָס וואָס ער האָט אויפגעהערט צו שלאָפן ביינאַכט. . . .

## מיין פעטער גרונם

מיין פעטער האָט אַ טבע צו שלאָפן מיט אַן אָפן מויל . . . נו, איז שלאָפן אָן די ציינער האָט ער מורא אַז עס וועט אים זיין קאַלט אין מויל . . . שלאָפן מיט די ציינער, האָט ער מורא אַז ער וועט זיך דערווערגן אינמיטן שלאָף, נאָך איידער ער וועט פּאַספּייען צו זאָגן וידוי. . . . און די טאַנטע יאָדעט אים נאָך אויך.

גוט אויף דיר — רייצט זי זיך מיט אים — האָסט זיך געדאַרפט האַלטן מיט דיינע איינענע ציינער, און פאַר דעם געלט בעסער מיר קויפן אַ פּאָר־קאָוט.

אידישע קינדער, אפשר האָט איר אַן עצה פאַר מיין פעטער? וואָס זאָל ער טאָן? אויפגעבן דעם פּינאָקל, אַרומגיין אָן ציינער, אָדער אויפגעבן דעם שלאָף? . . . לאָזט מיר באַלד וויסן.

# דזשייקעלע שווער זיך

מיין פעטער גרונם האָט אַ שוואָגער, איז ער דאָס וואָס מען רופט אין ענגליש — „דהי בלעק שיעפּ אָוו דהי פעמילי”.

ס'הייסט, ער איז חלילה ניט קיין גנב, ניט קיין באַנקיר, ניט קיין גענגסטער, אפילו ניט קיין פּאָליטישן. ניין, אַזוי נידעריק איז ער נאָך ניט געפאַלן. . . . און דאָך שעמט זיך מיט אים די גאַנצע משפחה.

וועט איר דאָך מיך פרעגן: ווי באַלד ער איז ניט אָט די אַלע אויסגע־רעכנטע זאַכן, און קיין גאַליציאַנער איז ער אויך ניט, און קיין ליטוואַק אודאי ניט, וואָס־זשע איז ער אַזוינס וואָס די משפחה נעמט איין בושה מיט אים?

איז דער תירוץ: ער איז אַ בלאָפער. . . . און דזשייקעלע איז ניט גלאַט אַ בלאָפער, אַ דילעטאַנט. דזשייקעלע בלאָפט מיט טאַלאַנט. . . . ווען וואַשינג־טאָן וואָלט געוואוסט פון דזשייקעלע'ן, וואָלט דזשייקעלע שוין לאַנג געווען אַ גרויסער דיפּלאָמאַט. . . .

ליגט ער נעבאַך איינגעלייגט צוועלף שטונדן אַ טאָג אין דער גראָסערי זיינער, פאַרקויפט הערינג מיט ציבעלעס, און די משפחה, מיט דער ווייב זיינער אינאיינעם, דערגייען אים די יאָרן און שעמען זיך מיט אים — באשר וואָס? ער בלאָפט אונטער אַביסל. . . .

איך זעה שוין ווי איר קוועטשט מיט די פּלייצעס, איר זעהט ניט איין וואָס די משפחה האָט נעבאַך צו דזשייק'ן, ער איז נעבאַך גאָט די נשמה שולדיק. . . . קענט איר ניט דזשייק'ן. . . . די משפחה וואָלט אים שוין מוחל געווען דאָס בלאָפן זיינס, איז אָבער די צרה מיט אים, וואָס ער טוט נאָך אָפּ שטוקעס כדי די בלאָפס זיינע זאָלן האָבן אַ פּנים פון אמת. . . .

אָט באַלד ווי ער האָט גענומען „אויסגיין” מיט זיין באַשע גנענדלען,

## גיט אַ שמייכל

האָט ער איר צוגעזאָגט, אַז צו די תנאים וועט ער איר ברייננגען אַ רינג פון פיר קערעטס, ווארום קיין געלט ברוך השם פעלט ניט, אין די ביינק איז דאָ „פּלענטי״. . . . ער האָט איר נאָר ניט געזאָגט, אַז עס איז ניט זיין געלט וואָס ליגט אין די ביינק . . . אין די ביינק איז טאַקע דאָ „פּלענטי״ געלט. . . . האָט דאָך אָבער דזשייקעלע ניט געוואָלט בלייבן קיין ליגנער און קיין „סייף ברעכער״ איז ער ניט . . . דערצו דאַרף מען שוין האָבן „נווירוו״ . . . האָט ער גענומען באַ זיך אין דער גראָסערקע פיר מעהרען, געמאַכט פון זיי אַ קרענצל, און גע־בראַכט זיי באַשע גנענדלען צו די תנאים — אַ רינג פון פיר „קערעטס״. . . .

נו, נו, האָט זיך עס אַביסל אָפּגעטאָן. . . . ווען ער ברעכט טאַקע איין אַ סייף וואָלט זיך די משפּחה אַזוי ניט געשעמט מיט אים, ווי מיט אָט דעם שפּיצל זיינעם. . . .

אָבער לעצטנס האָט ער ניט נאָר גענומען בלאָפן יענעם, נאָר ער האָט שוין אַליין גענומען גלויבן אין זיינע בלאָפס, אַז זיי זיינען אמת . . . און טאָמער גלויבט איר אים נאָך אַלץ ניט אַז ער זאָגט דעם אמת, שווערט ער זיך מיט טויטע שבועות אַז ער זאָגט אייך דעם אמת . . . און דערביי גיט ער אפילו ניט אַ פינטל מיט אַן אויג. . . . און דערפאַר רופט אים שוין ניט די משפּחה „דזשייקעלע בלאָפער״, ער האָט שוין באַ זיי אַ נייעם נאָמען — „דזשייקעלע שוועֶר זיך״ . . . און דזשייקעלע שווערט זיך אויף וואָס די וועלט שטייט. . . .

אָט האָט ער די וואָך זיך געשוואָרן, אַז דער רוסישער אַמבאַסאַדאָר האָט שפּאַצירט אויף דער עווענין, און האָט אָנגעכאַפּט אים, דזשייק׳ן, צו פרעגן וואו געפינט זיך דאָ אַ כשר׳ער רעסטאַראַן, ווייל עס האָט זיך אים פאַרשמעקט אַ שטיקעלע געפילטע פיש. . . .

— גיי אַוועק, דו בלאָפסט . . . אַנו, שוועֶר זיך. . . .

האָט איר שוין געמעגט הערן די שבועות זיינע:

„איר זאָלט אַזוי דערלעבן צו זיין ביי מיין באָבען אויף אַ ברית״ . . .

און נאָך אַזעלכע וויציגע שבועות, וועלכע זיינען אַזוי אָריגינעל ווי די ליגנס זיינע. . . . דער עולם לאַכט, גלויבט אים ניט, ווייסט אַז ער זאָגט אַ ליגן, און דזשייקעלע אַליין ווייסט אויך אַז ער זאָגט אַ ליגן, אָבער אים ווילט זיך אַז איר זאָלט גלויבן. עס גייט אים פּשוט אין לעבן . . . ער וועט אָפּטאָן ווער ווייסט וואָס, אייך צו איבערצייגן אַז וואָס ער זאָגט איז אמת. . . . אָבער, ווי איך האָב אייך שוין פריער געזאָגט, איז ער ניט קיין גנב, ניט קיין באַנקיר, ניט קיין גענגסטער, ניט קיין פּאָליטישן, ניט קיין גאַליציאַנער, און ניט קיין ליטוואַק, נאָר גלאַט אַ בלאָפער. . . . טאָ וואָס־זשע שעמט זיך אַזוי די משפּחה מיט אים?

כ׳ווייס אויך ניט . . . סיידן איר זאָלט זיך באַקענען מיט דזשייקעלען אַליין, וועט איר אויסגעפינען דעם פאַרוואָס. . . .

מיין פעטער גרונם

# פע... בר... אַר...

אויב איר האָט געדענקט, מײַנע פריינט, אַז דער ווינטער איז שוין אויף יענער זייט סיביר, און איר מעגט שוין אַרויסנעמען פון טראַנק דעם איינגע־קאָנפערטן בעדינגג סוס, האָט איר הפנים פאַרגעסן אַז עס איז פאַראַן אַזאַ חודש ווי פעברואַר... און נאָך פעברואַר קומט ערשט מערץ.... איר האָט אַוודאי געמיינט אַז עס האַלט שוין באַ אַפּריל.... איך בלעים אייך נישט, ווייל קיין ספירה ציילט איר דאָך ניט... וואָרים איז געווען... האָט איר זיך געטראַכט מסתמא, אַז דער וועטער־נביא האָט אָן אייך פאַרגעסן... און מיר־ניט, דיר־ניט, אייך אונטערגעשיקט אַ שלח־מנות׳ל — דעם פרילינג וועטער.... אָבער מיין פעטער גרונם האָט ניט פאַרגעסן. לעצטע וואָך, ווען דער טהערמאָ־מעטער איז אַרויף אַזש ביז זעכציק, און איר האָט זיך געשמאָלצן אין דער זון ווי אין מיטן תמוז, איז נאָך מיין פעטער אַרומגעגאַנגען אָנגעטאָן אין קאַלאָשן, וואָלענע אונטערוועש, מיט אַ וואַרימען שאַליק אויפ׳ן האַלז, און וואַטע אין די אויערן....

— פעטער — האָב איך זיך געבעטן באַ אים מיט רחמנות אין קול — וואָס האָט איר זיך אַזוי אָנגעפּעלצט? איר וועט דאָך נאָך חלילה צושמאָלצן ווערן....

— נו, איז וואָס? — האָט מיין פעטער געשמייכלט פילאָזאָפיש און אַרומגעוויקלט דעם שאַליקל שטייפער אַרום האַלז — שניי צוגייט אויך, פונ־דעסטוועגן קומט ער צוריק.... זאָלסט וויסן־זיין, פלימעניקל מיינער, אַז אַלץ וואָס דו זעהסט אָדער דו פילסט איז ניט מער ווי אַ דמיון — אַן אילוזיע... דאָס ווייזט זיך דיר נאָר אויס אַזוי, אַז דיר איז וואַרים. אָבער איך ווייס בעסער... מיין אידישער לוח זאָגט מיר אַז עס גייט צו שבט... און, ווי פלעגט זאָגן האַווריל׳ע באַ אונז אין שטעטל? — „שוואַט ניע בראַט״... מיט שבט, הייסט עס, קאָנסטו ניט שליסן קיין ברודערשאַפט... וואָרים איידער דו וועסט אים דערלאַנגען די האַנט, וועלן דיר אָפּפרירן די פינגער... כאַ־כאַ־כאַ....

— אויב אַלץ איז ניט מער ווי אַ דמיון, אַן אילוזיע — האָב איך געקיבעצט מיין פעטער — פאַר וואָס זשע פרייכט איר אַזוי אונטער די וואַרימע קליידער, און איר ווישט זיך דעם שוויים פון שטערן?... זאָל זיך אייך דאַכטן אַז די קעלט איז אויך ניט מער ווי אַן אילוזיע, און טוט באַטש אויס די קאַלאָשן... כאַ־כאַ־כאַ....

— לאַך, לאַך — האָט מיין פעטער געערדט געלאַסן — אָבער דו וועסט מיך ניט איבעררעדן... איך ווייס וואָס עס קומט... און דערפאַר שוויץ איך.

## גיט אַ שמייכל

ניט פון היץ, חלילה . . . דאָס איז אַ קאַלטער שוויס. . . . ניט אומזיסט האָט מען דעם חודש אַ נאָמען געגעבן פעברואַר. . . . איין זאַך מוז מען צוגעבן די רוימער — זיי האָבן געקאָנט לאַטיין . . . און דער שורש פון פעברואַר ליגט אין די דריי לאַטיינישע ווערטער, פע . . . בררדר . . . אררדר. . . . אדרבא, פלימעניקל מיינער, נעם דעם וואָרט פעברואַר און צי אים אויס אויף לאַטיין . . . אַזוי ווי איך זאָג דיר — פע . . . בררדר . . . אררדר . . . און זעה אויב עס וועט דיר ניט גלייך אַריבערגיין אַ פרעסטל איבער'ן לייב. . . . ביזט באַקאַנט מיט אברהם רייזען'ס לידל: „הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן, היינט איז אייער צייט" ? . . . איך בין זיכער אַז ער האָט דאָס לידל געשריבן אין חודש פעברואַר . . . אַלע טאָג אַ פרישער שנייעלע . . . יעדן צווייטן טאָג, אַ נייער שטורם וועטערל . . . און דער ווינט קלאַפט דיר אַ גאַנצע נאַכט אין די פענסטער, און לאָזט דיר מיט אַן אויג ניט צומאַכן. . . . ער האָט מורא, דער פעברואַר דיינער, טאָמער וועסטו חלילה איינשלאָפן און פאַרגעסן אַז ער לעבט . . . אַז ער איז דאָ . . . אַז ער בושעוועט. . . . און אַז די ווינטן האָבן ניט אויפגעהערט, האָט רייזען געשריבן נאָך אַ ליד — „מאי קא משמע לן?" . . . ווי איינער זאָגט, וואָס קלאַפסטו אַזוי מיט דיינע רעגנס ? . . . וואָס ווילטו, אַז אפילו ביינאַכט זאָל איך דיר אויך הערן ? . . .

דערפאַר, פלימעניקל מיינער, טראָג איך די וואַטע אין די אויערן . . . און איך וועל ניט אַרויסנעמען די וואַטע ביז פסח . . . ביז'ן סדר . . . און אַז מיינע קינדער וועלן מיך פרעגן: מה נשתנה הלילה הזה ? . . . טאַטע, ווהאַט העפּענד ? אַר'נט יו יורסעלף טו־דעי ? . . . נאָ מאָר קאָלאָשן . . . נאָ מאָר קאָטן ? . . . וועל איך זיי ענטפערן: עבדים היינו . . . איך בין געווען פאַרשקלאַפט צו מיין ערגסטן שונא — דעם סיבירניק פעברואַר. . . . הי געיוו מי אַרטראַיטיס . . . ניוראַיטיס . . . און סליפּלעס נאַיטס . . . באַט נאָ מאָר ! . . . פסח לאָך איך פון זיין היטעלע. . . . גוד־באַי, פלימעניק מיינער. איך גיי אין דראָג סטאָר באַשטעלן אַ הוסט־מעדעצין . . . איך בין זיכער אַז אין פעברואַר וועל איך זיך פאַרקילן . . . מ'דאַרף דעריבער זיין צוגעגרייט.

מיין פעטער איז אַוועק, און איך בין שוין געווען גרייט צו שווערן אַז דאָס מאָל האָט ער אַ טעות, אַז עס וועט שוין מער קיין ווינטער ניט זיין. איצט זעה איך אָבער אַז ער איז שוין ווידער גערעכט . . . עס איז טאַקע פעברואַר, ווי מיין פעטער זאָגט: פע . . . בררדר . . . אררדר. . . .

היט זיך פאַר אַ קאָלד !

מיין פעטער גרונם

# אַמעריטשקע גנב

אז מיין פעטער גרונם זאָל זיך באַקלאָגן אויף אַמעריקע, האָבן טענות צו אַמעריקע, איז געווען פאַר מיר אַ נייעס. אָבער אַזוי ווי ער איז אַ גאַנצע וואָך אַרומגעגאַנגען אַן אָנגעכמורעטער און געבורטשעט „אַמעריטשקע גנב״, צו קיינעם אַ וואָרט ניט געערדט, האָט די טאַנטע באַשע גיטל געשיקט נאָך מיר, אפשר וועל איך אויסגעפינען וואָס מיין פעטער האָט צו אַמעריקע. . . .

— אָט אַזוי ווי דו זעסט — האָט מיך באַגריסט די טאַנטע — שוין אַ גאַנצע וואָך גייט ער אַרום און בורטשעט: „אַמעריטשקע גנב״ . . . און לאָזט אויס דעם כעס צו מיר. . . .

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שטיק, פעטערל? — האָב איך אים גענומען אויפ׳ן צימבל.

— זי איז דאָך אַ אידענע — צולאָזט זיך מיין פעטער — האָב איך מיט איר ניט וואָס צו ריידן . . . אָבער דיר וועל איך דערציילן . . . וועסטו אויס־געפינען וואָס אַמעריטשקע גנב איז. . . .

— אדרבא — צי איך מיין פעטער פאַר׳ן צונג — איך בין גאָלע אויערן . . . דערציילט. . . .

— עס האָט זיך מיר פאַרוואָלט קויפן אַ סוט — הויבט אָן מיין פעטער, און קוקט מיך אָן צו זעהן וואָס פאַר אַן איינדרוק די דאָזיקע ווערטער וועלן מאַכן אויף מיר — נו, נו . . . בין איך אויסגעגאַנגען וואו די שטאָט האָט נאָר אַן עק . . . ואינגו . . . ניטאָ . . . כאָטש גיי און טראָג די שבת׳דיקע קאַ־פּאָטע אינדערוואָכן. . . . בין איך דאָך אָבער אַ איד אַן עקשן . . . האָב איך זיך איינגעשפּאַרט . . . איך מוז קריגן אַ סוט . . . און כח הוה . . . איך בין אַרומגעגאַנגען אַזוי לאַנג ביז איך האָב דערזעהן אַ סוט אין אַ ווינדאָו. . . . לויף איך אַריין הענדום פּענדום אין סטאָר. קומט צו צו מיר אַ סעילסמאַן, אַ יונגערמאַנטשיק מיט וואָנצעלאַך, און פרעגט מיך:

— מיסטער — מאַכט ער — וואָס ווילט איר?

— דאַרפסט נאָך פרעגן — ענטפער איך אים אומגעדולדיק — איך וויל קויפן אַ סוט. . . .

— איז דאַט סאָ? — מאַכט צו מיר דער יונגערמאַנטשיק און דרייט בשעת מעשה אַ וואָנצעלע — איך האָב פאַר אייך דעם אמת׳ן סוט . . . אויב איר וועט באַצאָלן דעם פּרייז. . . .

— נעוועער מאַינד דעם פּרייז — ווער איך נאָך מער אומגעדולדיק — דו

## גיט אַ שמייכל

ווייז מיר נאָר פריער דעם סוט. . . . אָבער דער יונגערמאַן מיט דער וואָנצעלע איילט זיך ניט. . . .

— וואָס פאַר אַ סוט — מאַכט ער — ווילט איר? אַ מעיפּל סוט, אָדער וואָלנאַט? . . .

— אַי, שלעכט . . . טראַכט איך מיר . . . אַזוי ווייט האָלט עס שוין אין אַמעריקאַ, אַז מען מאַכט שוין סוטס פון האָלץ? . . . נאָר מילא . . . זאָל שוין זיין פון האָלץ, אַבי אַ סוט. . . .

— מיך אַרט ניט — זאָג איך אים — פון וואָס פאַר אַ מאַטעריאַל. . . .

און איך ברען אָנצוקוקן דעם סוט. . . . אָבער דער יונגערמאַנטשיק איילט זיך ניט . . . ער פּאַרציט דעם רויך פון סיגאַרעטל און קוקט מיך אָן מיט אַ שעלמישן קוקעלע. . . .

— איר האָט מיר ניט געזאָגט — מאַכט ער — וואָס פאַר אַ סוט איר ווילט איך זאָל אייך ווייזן: אַ בעד־רום סוט . . . אָדער אַ דאַינינג רום סוט. . . .

גלאָץ איך דאָך מסתמא אויס אויף אים אַ פּאָר אויגן . . . און איך טראַכט צו זיך אַליין:

— „אַמעריטשקע גנב” . . . מען מאַכט שוין צווייערליי סוטס . . . איינעם פאַר'ן בעד־רום און אַן אַנדערן פאַר'ן דאַינינג־רום. . . . נו, יאָ, אַז קיין פּאַדזשאַמעס זיינען ניטאָ, וועט מען טראָגן סוטס. . . . און איך ענטפער דעם סעילסמאַן מיט דעם וואָנצעלע:

— אויב עס וועט מיר געפעלן — מאַך איך — וועל איך נעמען ביידע.

— זייער שעהן — פאַרנויגט זיך דער יונגערמאַנטשיק — אָבער איך מוז אייך זאָגן פריער, אַז דער בעד־רום סוט וועט אייך קאָסטן צוויי הונדערט און פופציק דאָלער . . . און דער דאַינינג רום סוט, פיר הונדערט און פופציק. . . .

— ע —בין איך שוין געוואָרן אויסער זיך — אַזעלכע הוים־שינדער זייט איר — האָב איך זיך צושריען אויף אַ קול . . . מ'האָט מיך טאַקע געוואָרנט דורך דער ראַדיאָ, אַז איך זאָל זיך היטן פאַר פּעיקערס . . . צוויי הונדערט און פופציק דאָלער פאַר אַ סוט! . . . איך וועל אייך רעפּאָרטן צו דער אָ. פּ. עי.!

מילא, וואָס זאָל איך דיר לאַנג ברייען . . . מען האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַר'ן קאָלנער און אַרויסגעוואָרפן. . . . ערשט דאַמאָלסט, ליגנדיק אויפ'ן סאַידוואָק, האָב איך דערזעהן, אַז איך בין גאָר אריין אין אַ פוירניטשור סטאָר . . . אין דער שוי־ווינדאָו זיינען געווען אָנגעשטעלט פאַרשידענע שטיקער מעבל, און אַ מענערשע פיגור, אָנגעטאָן אין אַ שיינעם סוט, מיט אַ סאַין: „ווי העוו אָל די סוטס יו וואָנט”. . . .

— נו — האָט מיין פעטער זיך אָפּגעזיפצט — אָט האָסטו דיר אַמעריטשקע

גנב. . . . געה וויים, אַז אַ בגד איז אַ סוט, און די פוירניטשור באַ מיר אין הויז איז אויך אַ סוט. . . . אַזעלכע פעיקערס . . . אַ שפּראַך האָבן זיי דאָס אויסגעטראַכט . . . נאָר אויף אָפּצונאַרן . . . אוי, אַמעריטשקע גנב! . . .

ווי געפעלט אייך די מעשה? . . .

טאַמער איז געווען איין איד, מיין פעטער גרונם, וואָס האָט געהאַלטן שטאָל און אייזן פאַר אַמעריקע, האָט ער באַדאַרפט גיין קויפן אַ סוט. . . .

## שולמית באַ דער סאָסייעטי

די דאָזיקע געשיכטע האָט מיר דערציילט מיין פעטער גרונם, און ווי ער פאַרזיכערט מיר, איז דאָס כמעט אַן אמת'ע מעשה.

די לעידים אקזילערי פון דער חברה „אנשי חולה נופלים" האָט זיך אונטערגענומען צו שאַפן אַ פאָנד אויסצוטיילן פרייע מצה צו אָרימע מענטשן אויף פסח.

ווי אַזוי שאַפט מען אַזאַ פאָנד?

איז באַשלאָסן געוואָרן מ'זאָל געבן אַ טעאַטער פאָרשטעלונג, און די ווייבער אַליין װעלן שפּילן. עס זאָל זיין אַ פאָרשטעלונג בלויז פון ווייבער, אפילו די מענער־ראָלן וועלן געשפּילט ווערן פון ווייבער. . . . מיסעס וואורשטמאַן, די פרוי פון דעליקאַטעסן סטאָר, וועלכע איז די טשערלידי פון דער אקזילערי, האָט זיך אונטערגענומען צו „קאָוטשן" די „פּלעי".

— צ'אָלראַיט — האָט זי פאַרזיכערט אירע מעמבערקעס — איך האָב זיך אָנגעזעהן מיט אַזוי פיל אידישע „טריאַטערס", אַז עס קריכט מיר שוין פון האַלז. . . . אַלע מאָנטאַג און דאָנערשטאַג וואַרפט מען מיר אריין בענעפיט טיקעטס אין סטאָר. איך מוז דאָך גיין, צי איך וויל, צי איך וויל ניט. . . .

אויסגעקליבן צום שפּילן האָבן זיי אברהם גאָלדפאַדן'ס אומשטערבליכע אָפּערעטע, „שולמית". ערשטנס, איז דאָס אַ שיינע „פּלעי", האָט גע'טענה'ט מיסעס וואורשטמאַן; און צווייטנס, געדענקט זי אויף אויסוועניק אַלע „סאָנגס" פון דער „פּלעי", די באָבע אירע, עליה השלום, פלעגט זיי זינגען פאַר איר ווען זי איז נאָך אַ קליין קינד געווען. . . . און פאַר איין וועג וועט זי אַליין, מיסעס וואורשטמאַן, טאַקע שפּילן די ראָלע פון „שולמית". . . .

דאָ איז אַפילו געוואָרן אַ שטיקל טומל צווישן די איבעריקע ווייבער־ראָליסטן, וועלכע האָבן גע'טענה'ט אַז „שולמית" דאַרף זיין שלאַנק, יונג און שעהן, און זי, מיסעס וואורשטמאַן, איז שוין אַ אידענע אין די יאָרן, און וועגט, קיין עין הרע, געגויע דריי הונדערט פונט. . . . אָבער מיסעס וואורשט־

מאַן האָט געסטראַשעט, אַז אויב זי שפּילט ניט „שולמית", ציט זי זיך אײַנ־גאַנצן צוריק, און זי וועט אפילו ניט „קאָוטשן" די „פּלעי". . . . איז געבליבן, אַז מיסעס וואורשטמאַן זאָל שפּילן שולמית. . . .

איצט האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ קריגעריי באַ די ווייבער, ווער עס זאָל שפּילן אבשלום, וואָרים אַלע ווייבער האָבן געוואָלט האָבן דעם „טריל" פון גיין אָנגעטאָן אין „טייטס" און טראָגן אַ בערדל. . . . אָבער אויסגעפירט האָט מיסעס קלעצל, די טשיקן־פּליקערין . . . אַ אידענע אין איין עלטער מיט מיסעס וואורשטמאַן, נאָר אביסל פעטער פון יענער . . . ערשטנס, ווייל צו דער „שולמית" פּאַסט זיך אַ פעטער „אבשלום", און צווייטנס, ווער נאָך וועט פאַר־קויפן אַזוי פיל טיקעטס צו דער „פּלעי" ווי זי, מרס. קלעצל ? . . .

אָבער שווערער פון אַלץ איז געווען צו קריגן אַ פרוי וואָס זאָל וועלן שפּילן „צינגעטאַנג", וואָרים קיין איינע פון די פרויען האָט זיך ניט געוואָלט אויסשמירן אין סאַזשע. . . . אָבער דאָ האָט וואָלונטירט מיסעס האָלצמאַן, דעם קוילן־דילער'ס ווייב — נישקשה — האָט זי געזאָגט — אויב מיין מאַן ווערט פאַרשוואַרצט אַ גאַנץ יאָר, מעג איך פאַרשוואַרצט ווערן כאָטש איין נאַכט. . . .

ענדליך האָט מען זיך איינגעטיילט מיט אַלע ראָלן און מ'האָט גענומען מאַכן פּראָבע. פאַר דריי מאָנאַטן ציט זיינען די ווייבער געווען פאַרנומען מיט דער דאָזיקער אונטערנעמונג, און פאַר די מענער פון די דאָזיקע ווייבער, איז דאָס לעבן געווען אַ רעגעלער גיהנם . . . וואָרים בייטאָג זיינען די ווייבער אַרומגעלאָפן פאַרקויפן טיקעטס, און ביינאַכט האָבן זיי שטודירט זייערע ראָלן. און וועלכער מאַן וועט עס געבן אַן אַרגומענט אַ ווייב אַן אַקטריסע ? . . .

מיסעס וואורשטמאַן האָט אפילו געוואָלט אויסגעפינען ווי געטריי איר מאַן איז איר, האָט זי אים אַ פרעג געטאָן :

— אַזוי ווי — פרעגט זי אים — איך שפּיל שולמית, ווייסטו דאָך מסתמא, אַז אין ערשטן אַקט ווער איך פאַרבלאָנדזשעט אין „דעזערט", וועסטו מיר קומען זוכן? . . . האָט מיסטער וואורשטמאַן איר געענטפערט, אַז זי זאָל גאָר קיין מורא ניט האָבן, ווער עס וועט איר צו'גנב'ענען ביינאַכט, וועט איר זיכער אָפּברייגגען צוריק אין דער פרי. . . .

און אָט איז געקומען די נאַכט פון דער פאָרשטעלונג. דער זאַל איז געווען געפּאַקט, מען איז ממש אויף די קעפּ געשטאַנען, וואָרים יעדער פרוי־ראַליסטן האָט פאַרקויפט פאַר העכער הונדערט דאָלער טיקעטס, און דער סוקסעס איז געווען אַ זיכערער.

— נו, און די פאָרשטעלונג ? . . .

— פרעג ניט — מאַכט מיין פעטער גרונם לאַכנדיק — ווען איר דערמאָן

זיך, לאָך איך נאָך . . . דאָס איז געווען אַ פאָרשטעלונג וואָס איך וועל קיינ־מאָל ניט פארגעסן. . . . דער עולם האָט געהאַט אַזאַ „גוד טאַים” אַז ס'איז ווערט געווען אַלע געלטן. . . . כאַ, כאַ, כאַ . . . אין דער סצענע ווען שולמית בלייבט אַליין אין דער מדבר, האָט מיסעס וואָרשטמאַן — „שולמית” — אַנ־שטאַט צו זינגען איר אַריע, אַרויסגענומען אַ גרויסן „קלאָב סענדוויטש” און גענומען רייבן אויף ביידע באַקן. . . . האָט דער עולם גענומען לאַכן . . . האָט זי זיך צושריען אויפ'ן עולם: „וואָס כאַכאַטשעט איר, אינדיאַנער וואָס איר זענט? . . . וואָס האָט איר געוואָלט, איך זאָל בלייבן איינער אַליין אין „דע־זערט” אָן עסן? איך בין דאָך ניט מער ווי אַ שוואַכע פרוי. . . . האָט דער עולם נאָך מער געלאַכט. . . . נאָר דער קלימאַקס איז געקומען אין צווייטן אַקט, ווען די „טאַיטס”, וועלכע מיסעס קלעצל האָט געטראָגן אַלס „אבשלום”, האָבן שוין מער ניט געקאָנט פאַרטראָגן מיסעס קלעצל'ס פעט־לייביקייט און זיי האָבן געפּלאַצט. . . .

— כאַ, כאַ, כאַ . . . מיט אומגעדולד — ענדיקט מיין פעטער גרונם לאַכנ־דיק — וואַרט איך אויף זייער נעקסטער פאָרשטעלונג. . . .

## אַ לעקטשור אין „דזשוּאיש”

די מעשה, וואָס איך גיי אייך דאָ באַשרייבן, האָט מיר דערציילט מיין פעטער גרונם. איר מעגט עס הערן:

— די וואָך — אַזוי הויבט אָן מיין פעטער — דערהאַלט איך אַ בריוו פון מיין סאָסייעטי, „די זאַזולקער אַנשי חולה נופלים אונטערשטיצונגס פאַר־איין”, וואָס לייענט זיך אַזוי:

„ווערטער ברודער:
איהר זיינט היערמיט העפליכסט איינגעלאַדען צו אונזער ספּע־ציעלען פערזאַמלונג, מיט'ן צוועק, אום איינער אידישער לעקציאָן בייצוואָווינען, וואָס וועט שטאַטפינדען אין אונזער רעגעלער מי־טינגס לאָקאַל, אַם דאָנערשטאַג אָווענדס. דער בארימטער יודישער לעקטאָר, פילאָלאָג און אידיש־קענער, פּראָפעסאָר טשיזשיק, ווירט לעקטשורען איבער „יודישער דערציהונג”. עס איזט דאַרום זייער ווינטשענווערטהע זי זאָלען דיזע לעקציאָן בייוואָהנען, אונד אויך איהנעם קינדער מיטברענגען. פאַרפעלט ניט דיזען היסטאָרישען מיטינג. רעפרעשמענטס ווירד סערווירט ווערען. . . .
מיט אַכטונג,
עליע קאַפּוסטע, פּרעזידענט.”

## גיט אַ שמייכל

— איבערגעלייענט דעם בריוול — רעדט ווייטער מיין פעטער — האָב איך זיך דערפרייט. שוין טאַקע צייט. טראַכט איך מיר, אַז מיר זאָלן זיך נעמען צו אונזערע קינדער און זיי געבן אַ מער אידישע דערציהונג . . . וואָרים צו קיין גנאי זאָל עס מיר ניט זיין, האָב איך אַליין אויך צופיל ניט מקפיד געווען אַז מיינע קינדער זאָלן עפּעס ווייסן פון אידישקייט. דייוועלען, דעם באַי מיינעם, האָב איך קליינערהייט אפילו יאָ געגעבן אין חדר אריין . . . געמאַכט אים אַ בר־מצוה פּאַרטי . . . און טעסעלע, די עלטערע טאָכטער מיינע, האָט אַפילו געזונגען אידישע „סאָנגס", וואָס זי פּלעגט זיך אויסלערנען אָדער פון די רעקאָרדס, אָדער אין אידישן „טרעיאַטער" . . . אָבער גלעידים'ל, די מיזינקע מיינע, פאַרשטייט שוין אַפילו ניט וואָס טאַטע־מאַמע רעדן צו איר. בקיצור, איך האָב אַ קאָמאַנדעווע געטאָן מיט דער טאַנטע דיינער, און איבערהויפּט מיט די קינדער, אַז מיר מוזן אַלע גיין צו דער לעקציע וועגן אידישער דערציהונג. מילא, די טאַנטע דיינע, אַז זי האָט דערהערט אַז עס וועט זיין רעפרעשמענטס, האָט זי באַלד צוגעשטימט . . . אָבער די קינדער, איבערהויפּט מיין מיזינקעלע, גלעידים'ל, האָט אַפילו ניט געוואָלט הערן דערפון.

— פּליז, פּאַפּאַ — האָט זי זיך געבעטן ביי מיר — ליוו מי עלאָן . . . אַי וואודענ'ט אנדערסטענד וואָן וואָרד אָוו איט. . . .

— נעווער מאַינד ! — האָב איך זיך איינגעשפּאַרט — ועסטו זיך אויסלערנען. . . . עס איז דאָך מיר אַ שאַנדע אַפילו פאַר מיין פּלימעניק (דאָס מיין איך דיך) . . . יענער שרייבט אין אידישן פּעיפּער, און מיינע קינדער קענען קיין אידיש ניט. . . .

הכלל, דאָס מאָל האָט מען מיך געפאָלגט (עפּעס בין איך דאָך פאָרט אַ טאַטע), און מיר זיינען אַלע געגאַנגען צו דער לעקציע.

אונזער מיטינג לאָקאַל איז געווען געפּאַקט. אַלע מעמבערס האָבן געבראַכט זייערע קינדער, און ווען מיר זיינען אָנגעקומען, האָט עליע קאַפּוסטע, אונזער פּרעזידענט, שוין געהאַט נאָר וואָס פאָרגעשטעלט דעם לעקטאָר, פּילאָלאָג און אידיש־קענער, פּראָפעסאָר טשיזשיק, אַ בלאַסער יונגערמאַן מיט רויטע אויגן און אַ שוואַרץ בערדל. . . .

עס איז געוואָרן שטיל, און דער פּראָפעסאָר האָט אָנגעהויבן :

„לעידים און דזשענטלמען, דהי סאַבדזשעקט אָוו מאַי לעקטשור טונאַיט איז — דזשואיש עדיוקיישאַן, ענד דהערפאָר אַי וויל ספּיק טו יו אין פּלעין מאַמע לשון. . . .

„דזשואיש עדיוקיישאַן, מיינע פריינט, איז סאַמטהינג וואָס מען קען ניט אַנאַליזירן וואָן טו טהרי . . . עס וואָלט מיר גענומען אַן אָל נאַיט טו ספּיק וועגן דעם . . . און איך וויל אייך ניט קיפּן סאָ לעיט. . . באַט אַי קען טעל

## מיין פעטער גרונם

יו דהאט מאטש . . . עס וואָלט געווען וועדי גוד, ווען איר זאָלט וויסן סאָמ־טהינג עבאוט איט . . . לאַיק מי פּאַראינסטענס.. . . . דהי טראָבל וויטה יו פּיפּל איז, וואָס איר מיינט אַז דזשואיש איז הארד טו אנדערסטענד, אָר טו ספּיק . . . און דערפאַר האָט איר נעגלעקטעט יור טשילדרענס דזשואיש עדיור־קעישאָן. . . . באט דהי טרוטה איז, אַז דזשואיש איז דזשאסט דהי סעים ווי מאַמע־לשון . . . און מאַמע־לשון איז וועדי איזי . . . עסק יור מאדהערס, דהעי וויל טעל יו, אַז איך זאָג ניט קיין לאַי. . . . רעמעמבער, מאַי פרענדס, איר מוזט געבן אייערע טשילדרען עי דזשואיש עדיוקיישאַן . . . און פאַר דעם מוזן זיי, עבאָוו אָל, פריער קענען דהי דזשואיש לענגוויטש. . . . איך טיטש דזשואיש עוורי דעי ענד נאַיט אין מאַי פּרייוועט היברו סקול . . . היער איז מאַי קאַרד.״

דער פּראָפעסאָר האָט געענדיגט. דער פּרעזידענט האָט באַדאנקט דעם לעקטאָר פאַר זיין גוטהאַרציקייט, וואָרים ער האָט די דאָזיקע לעקציע געגעבן אומזיסט — אָן אַ פּעני געלט . . . אַלע האָבן אפּלאָדירט. דערנאָך האָט מען זיך מחיה געווען מיט די רעפרעשמענטס. . . .

ארויסגייענדיק פון האָל, מאַכט צו מיר גלעידים׳ל:

— דעדי — מאַכט זי צו מיר — אַי עם גלעד דהאט אַי וועגט וויטה יו טו דהי לעקטשור . . . דהיס פּראָפעסאָר ספּיקס סאָטש עי פּלעין דזשואיש . . . אַי אנדערסטוד עוורי וואָרד הי סעד. . . .

— נו, האָב איך געענטפערט לאַכנדיק — אויף דעם איז ער דאָך אַ פּראָפעסאָר. . . .

איך האָב צוגעזאָגט מיין פעטער, אַז איך וועל אייך, מיינע פריינט, איבער־געבן די גאַנצע מעשה, און איך האָלט מיין וואָרט. . . . אויב איר זוכט אין אַ מעשה אַ מוסר השכל, וועט איר עס אַליין מוזן געפינען. . . .

## טשאַפּט הערינג מיט המן־טאַשן

מיין פעטער גרונם׳ס סאָסייעטי, די „חברה אנשי חולי נופלים״, האָט די וואָך געפּראַוועט אַ פּורים־פּאַרטי, און, ווי מיין פעטער גיט איבער, איז די פּורים פּאַרטי געווען אַזאַ סוקסעס, אַז עס איז נאָר אַ שאָד וואָס פּורים איז בלויז איין מאָל אַ יאָר. . . .

דער פּרעזידענט, מיסטער עליע קאַפּוסטע, האָט פאַר דעם צוועק גערופן אַ ספּעשל מיטינג, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז צו דער דאָזיקער פּורים פּאַרטי מוזן אַלע מעמבערס אנוועזענד זיין און ברייגנען זייערע אייגענע רע־פרעשמענטס . . . וואָרום די געלט פון דער טרעזשורי דאַרף די סאָסייעטי האָבן

פאַר „סיק בענעפיט”, פאַר סעמעטערי, און אויף שנאַפּס פאַר דער חברה קדישה.

עס וועט אויך זיין אַ לעקטשורער, וואָס וועט לעקטשורן וועגן פורים; און אלס אַ „ספּעשל טריט” וועט ער, עליע קאַפּוסטע אַליין, לייענען די מגילה, ווארים קיינער אין דער סאָסייעטי קען ניט אזוי די שוואַרצע פּינטעלעך ווי ער, עליע קאַפּוסטע. . . . אין דער אַלטער היים איז ער געווען אַ טרעגער, וואָס פלעגט טראָגן קליינע קינדער אויף דער פּלייצע אין חדר אריין . . . און ער ווייסט דעריבער וואָס אין דער מגילה שטייט. . . .

דעם אָוועגט פון דער פורים פּארטי איז דער מיטינג לאָקאַל געווען איבער־געפּאַקט. עס זיינען געקומען אַלע מעמבערס מיט זייערע ווייבער און קינדער, און אַלע האָבן געטראָגן פּעקלאַך מיט עסנוואַרג. מיסטער בייגלמאַן, דער בעקער, האָט געבראַכט צוועלף דאָזן המן־טאַשן.

— איך קאָן מיינע סאָסייעטי ברידער — האָט ער געזאָגט צו דער ווייב — זיי קאָנען רייבן די סעודה . . . טאָ זאָלן זיי עסן און געדענקן. . . .

מיסעס הערינגמאַן, דעם גראָסער'ס ווייב, האָט געבראַכט צוויי גרויסע דזשאַרס מיט געהאַקטע הערינג. זי איז אַ ליטוואַטשקע, און המן־טאַשן מיט „צאַפּט הערינג” איז זייער געשמאַק . . . אזוי זאָגט זי.

ווען דער עולם האָט זיך אויסגעזעצט, האָט דער פּרעזידענט, עליע קאַ־פּוסטע, גערופן אַלעמען צו אָרדער און געבעטן מ'זאָל זיך פאַרהאַלטן רוהיג.

— הערט אויף צו גראַגערן! — האָט ער געקלאַפּט מיט'ן האַמער — ווער עס וועט זיך ניט פאַרהאַלטן רוהיג, וועט היינט כאַפּן בא מיר המן'ס מפּלה. . . . דער עולם האָט זיך איינגעשטילט.

— און איצט — מאַכט עליע קאַפּוסטע — וועל איך אייך פאַרשטעלן אונ־זער לעקטשורער. דאָס איז אונזער אייגענער דאָקטאָר פלאַסטערמאַן, וועלכער וועט ריידן איבער פורים.

אַלע האָבן אַפּלאָדירט. דער דאָקטאָר איז ארויף אויף דער פּלאַטפאָרמע און אָנגעהויבן אזוי:

„מיינע פריינט! די טעמע פון מיין היינטיגער לעקציע וועט זיין וועגן „די ווירקונג פון פורים'דיקע המן־טאַשן אויף פּסח'דיקע קניידלאַך”. . . .

„האָט איר אַמאָל, מיינע פריינט, זיך פאַרקלערט פאַרוואָס פורים פאַלט דווקא אויס אום פורים און ניט גראָדע אום פּסח? . . . דאָס איז דערפאַר, מיינע פריינט, ווייל פּסח עסט מען קניידלאַך און ניט קיין המן־טאַשן, און וואָס פאַר אַ יום־טוב וואָלט געווען פורים אָן המן־טאַשן?

„ווען פורים וואָלט אויסגעפאַלן פּסח, אנשטאָט פורים, וואָלטן מיר ניט געהאַט ניט קיין המן, ניט קיין ויזתא'ס; מיר וואָלטן געווען אַ פאָלק פון גאָלע מרדכי'ס, און דאָס טויג ניט, מיינע פריינד. . . . דער המן־טאַש איז זייער לייכט

צו פארדייען, איר קאנט זיך מיט קיין המן־טאש'ן קיינמאל ניט איבערעסן, ווארים דער המן־טאש, מיינע פריינט, פארמאגט דריי שפיצן, און ער איז זייער לייכט צום אפברעכן. . . .

דער המן־טאש, מיינע פריינט, איז אויך א סימבאל געגן דעם לעצטן המן, געגן היטלער'ן, וועלכער האט געוואלט פארכאפן די וועלט, פון אלע זייטן, אבער געגן זיינען געשטאנען די דריי שפיצן — אמעריקע, ענגלאנד און רוס־לאנד . . . און א מכה האט ער געגעסן ניט קיין קניידלאך . . . "

דער דאקטאר האט זייער שטארק אויסגענומען מיט זיין פורים'דיקער לעק־ציע. מיסטער פעטמאן, דער בוטשער, האט זיך אויסגעדריקט, אז ער האט הנאה געהאט פון דער לעקטשור פונקט אזוי פיל ווי פון די „טשאפט הערינג", ער האט „פלעין" געלעקט די פינגער. . . .

אבער אם בעסטן האט זיך דער עולם אמוזירט ווען נאכ'ן לעקטשור האט דער פרעזידענט, עליע קאפוסטע, אנאנסירט, אז איצט וועט ער לייענען די מגילה, נאר אנשטאט די מגילה, האט ער גענומען זאגן די פסח'דיקע הגדה. . . .

עס האט אויסגעבראכן א געלעכטער צווישן די מעמבערס און דער פרע־זידענט האט געקלאפט מיט'ן האמער און געשריען:

— גראבע יונגען, וואס איר זייט! איר האט אפילו ניט קיין רעספעקט פאר דער מגילה! . . .

האט דער עולם נאך מער געלאכט, און דער פרעזידענט האט געסטראשעט צו שליסן דעם מיטינג. האט וועלוול „דער אידישיסט" זיך אויפגעשטעלט און געפרעגט דעם פרעזידענט, אויב ער מעג אים שוין פאר איינוועגנס פרעגן די פיר קשיות? . . . איז ערשט געווארן דער אמת'ער געלעכטער. . . . דאן ערשט האט זיך עליע קאפוסטע געכאפט, אז ער איז פון פורים אריינגעפארן אין פסח אריין . . . און ער האט געסטאפט לייענען.

צום שלום האט ער פארגעשטעלט א זינגערין, עפעס א בלאנדע נקבה פון א נאיט־קלאב, וועלכע האט געזונגען „שו־שו־בעיבי" . . . אבער קיינער האט איר סאי ווי ניט געהערט . . . אלע זיינען געווען ביזי מיט די המן־טאשן און „טשאפט הערינג". . . .

— א שאד — לאכט מיין פעטער גרונם — וואס פורים איז נאר איין מאל אין יאר. . . .

גיט אַ שמייכל

# מיין פעטער אין ווייסן־הויז

מיין פעטער גרונם וועט היינטיקן ניו־יעירס האָבן צו געדיינקן ווי לאַנג ער וועט לעבן, ווארים דאָס וואָס עס האָט מיט אים געטראָפן טרעפט זיך ניט אַ ליאַדע פּראָסטן בשר ודם.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן — דאָס איז געווען, דוכט זיך, פרייטאג, צוויי טעג פאַר ניו־יעירם — דערלאַנגט אים דער לעטער־קעריער אַ בריוו, און מיין פעטער חלש'ט שיעור פאַר איבערראשונג.

דער בריוו האָט געטראָגן דעם שטעמפּל פון דער ווהאיט־האוז.

מיט ציטערנדיקע הענט עפנט ער דעם קאָנווערט און דאַרטן שרייבט זיך בפירוש אזוי:

„מיין טייערער גרונם באַשע־ גיטל'ס!

„דער פרעזידענט פאַרלאַנגט דעם כבוד צו האָבן אייך מיט אייער פרוי אַלס געסט צו זייער ניו־יעירס פּאַרטי אין ווהאיט־האוז.”

(אונטערגעצייכנט)

פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט”

די טאַנטע באַמערקט ווי ביים פעטער בייטן זיך די קאָלירן אין פנים. וויל זי דאָך אויך וויסן וואָס איז'ם בריוול שטייט, לייענט ער איר איבער דעם בריוועלע, און אויך זי, די טאַנטע, בלייבט שטיין מיט אַן אָפענעם מויל, די פּיס האַקן זיך איר אונטער, און זי פּאָספּייעט קוים זיך אוועקזעצן — מיט אַמאָל גיט דער פעטער אַ רעד אַרויס, ווי ניט מיט זיין קול, און ווי אַ גענעראַל צו זיין אַרמיי:

— באַשע־גיטל, וואָס זיצסטו? מיר פאָרן! . . .

— טו מיר אַ טובה, גרונם — ענטפערט די טאַנטע, קומענדיק צו־זיך — זײַ אינדערהיים . . . איך האָב פיינט צו קריכן אין די הויכע פענסטער. . . .

— רייד מיר ניט אין דער גאַל אַריין, באַשע־גיטל — ווערט מיין פעטער אויסער זיך פון כעס — דרייסיק יאָר געוואוינט אויפ'ן סטופ איז גענוג . . . שוין צייט אַריינצוגיין אין די הויכע פענסטער! . . . מיינע סאָסייעטי ברידער פון דער חברה „אנשי חולי נופלים” וועלן צעפּוקעט ווערן פאַר קנאה, מיט עליע קאַפּוסטע'ן אינאיינעם . . . יענער האַלט זיך דאָך אויך פאַר אַ גאַנצן פרעזידענט. . . שנעלער, באַשע־גיטל, ריר זיך! . . . וואו איז מיין שבת'דיקע

## מיין פעטער גרונם

קאפאטע? גרייט מיר אן פרישע אונטערוועש און זאקן, איך וועל דערווייל ארונטערלויפן נעמען א שאין אויף די שיך . . . און דו טו זיך אויך אן די ווייסע שטערן־טיכל אויפ'ן קאפ.

— ווער ווייסט, אויב איך וועל שוין קענען אריינקריכן אין דער שבת'־דיקער קליידל? — באקלאגט זיך די טאנטע — אפילו דער קארסעט גייט שוין אויך קוים ארויף ארויף מיר . . . נאר מילא, איך וועל טרייען. . . .

דערציילן אייך ווי לאנג עס האט גענומען מיין טאנטע זיך איינצושנורעווען מיט'ן קארסעט, וואס זי האט געטראגן אלס כלה־מיידל, וואלט פארנומען צו פיל צייט, וועלן מיר דאס איבערהיפן, ווי די ראמאנען־שרייבער טוען. . . . און איינס־צוויי־דריי, אט איז שוין מיין פעטער מיט דער טאנטע אין דעם גרויסן עס־צימער פון דער ווהאיט־האוז. . . .

דער צימער איז פול מיט געהויבענע געסט, אמבאסאדארן פון אלע פאר־אייניגטע פעלקער מיט זייערע פרויען, אלע אנגעטאן אין טייערע קליידער, און מיין פעטער גרונם אין זיין שבת'דיקער קאפאטע, מיט דער יארמולקע אויפ'ן קאפ, פאסט זיך גראד אריין אהער. . . . פילע אמבאסאדארן מיינען, אז ער איז דער נייער טערקישער אמבאסאדאר צו די יונייטעד סטייטס. . . .

מיט אמאל באווייזט זיך דער פרעזידענט מיט מרס. רוזוועלט. אן אר־קעסטער שפילט אויף די אמעריקאנער הימנע, אלע געסט שטייען שטיפע, אנגעצויגענע, ווארטנדיק אז דער פרעזידענט און מרס. רוזוועלט זאלן זיי באַ־גריסן. נאר מערקווערדיק, דער פרעזידענט גייט גלייך צו צו מיין פעטער גרונם און באגריסט אים דעם ערשטן.

מיין פעטער מאכט די ברכה שנתן מכבודו לבשר ודם, און מיין טאנטע גיט זיך אזא פארנויג, אז די שנירלאך פון איר קארסעט פלאצן אזש. . . .

איצט גייט מען צום רייך־געדעקטן טיש, און מרס. רוזוועלט טיילט יעדן גאסט צו דעם כבוד פון אנווייזן וואו צו זעצן זיך. . . .

— אייך, טייערער גרונם, וועל איך אוועקזעצן לעבן דעם רוסישן אמבא־סאדאר . . . איר קומט דאך פון רוסלאנד, וועט איר האבן פון וואס צו ריידן, באקענט זיך. . . .

נאכדעם ווי אלע האבן זיך אויסגעזעצט, האט דער פרעזידענט געטרונקען א טאוסט צום רוסישן אמבאסאדאר און זיין שכן צו דער רעכטער האנט, מיסטער גרונם. דערנאך האט מען געטרונקען צו אלע אנדערע אמבאסאדארן, גענעראלן, פאליטישנס און טשיעפס או סטעף. דער טיש איז געווען געדעקט מיט טייערן קאוויאר און נאך אזעלכע פאטראוועס, נאר מיין פעטער גרונם האט זיך צו זיי נים צוגערירט. . . .

## גיט אַ שמייכל

— אוי — האָט ער זיך געטראַכט — ווען מען דערלאַנגט מיר איצט אַ שטיקל הערינג מיט אַ ציבעלקע. . . .

אין פאַרלויף פון׳ם עסן האָט מען, נאַטירליך, גערעדט וועגן דער מלחמה, וועגן וועלט־פּאָליטיק, און אין אַלץ האָט מיין פעטער גענומען דאָס וואָרט. זאָל דער פּרעזידענט זעהן וואָר גרונם איז . . . ווער ווייסט? אפשר וועט ער אים נאָך אָנבאָטן אַ שטעלע אין זיין קאַבינעט. . . .

און עפּעס פּונקט ווי דער פּרעזידענט וואָלט געטראָפן מיין פעטער׳ס געדאַנקען: ער לייגט אַרויף אויף מיין פעטער׳ס אַקסל זיין האַנט און זאָגט:

— פריינט גרונם, ניט געזאָרגט! פּאַלעסטינע וועט זיין אַ אידיש לאַנד . . . און אַלס צייכן אַז איך מיין וואָס איך זאָג, אַפּאָינט איך אייך אַלס דעם ערשטן אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר פון די יונייטעד סטייטס צו פּאַלעסטינע ! . . .

דער אָרקעסטער שפּילט אויף די „התקוה״, און אַלע געסט, מיט׳ן פּרעזידענט, שטעלן זיך אויף. נאָר מיין פעטער קען זיך פון אָרט ניט רירן. . . . די טאַנטע רייסט אים און טאַרעט אים:

— גרונם, שטיי אויף, מ׳שפּילט דאָך די „התקוה״!

מיין פעטער כאַפּט זיך אויף, קוקט זיך אַרום אַ צעמישטער, ערשט ער איז גאָר אין שול באַ דער חברה אנשי חולי נופלים, וועלכע פּראַוועט אַ ניו־יעירס פּאַרטיי . . . מיין פעטער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס און איז אַזוי איינגעשלאָפן. . . .

אין וואַיט־האַוז איז ער טאַקע ניט געווען, אָבער דעם חלום וועט ער האָבן צו געדענקען.

# פעטער גרונם׳ס סוכה

אַ גרוס אייך פון מיין פעטער גרונם.

אַ יום־טוב׳דיקן, אָן אויסגעפּוצטן, מיט זיין שפּיציקער בערדל אַרומגעטרימט און נאָך מער פאַרשפּיצט, האָב איך אים געטראָפן אין זיין נייער סוכה, וואָס ער האָט אויפגעשטעלט ביי זיך אין זיין „בעק יאַרד״.

— פעטערל — האָב איך אים גענומען אויפ׳ן צימבל, נאָכדעם ווי ער האָט מיך מכבד געווען מיט אַ שנעפּסל — וואו האָט איר גענומען דרעגנגלאָך, ברעטער, טשוועקעס און סכך אויפצובויען אַ נייע סוכה? . . . עפּעס האָבן מיר דאָך איצט אַ שאָרטעדזש״ אין בוי־מאַטעריאַלן . . . וואו האָט איר געקראָגן „פּראַיאָריטי״? . . .

— דו רעדסט ווי אַ שוטה — האָט מיין פעטער מיך געענטפערט מיט זיין

# מיין פעטער גרונם

קלוגן שמייכל, און אָנגעגאָסן נאָך אַ גלעזל — די אידישע סוכה האַלט זיך נים בלויז אויף אַ דרענגל און ברעטער... די אידישע סוכה איז מער פון אַלץ און קודם כל אַ רוחניות'דיקע... אַ סימבאָלישע... און זי קאָן זיך אײַנגאַנצן באַגיין אָן בוי־מאַטעריאַלן. זי דאַרף אפילו נים קיין טשוועקעס, וואָס זאָלן איר צוזאַמענהאַלטן פון פאַנאַנדערפאַלן, און דערפאַר דאַרף זי נים קיין „פּראָיאָריטי"... פאַרשטייסט?...

— נים אינגאַנצן — האָב איך זיך מודה געווען פאַר אים.

— פאַר דער צייט וואָס איך בין דיין פעטער, האָסטו שוין געמעגט זיין אַביסל קליגער — האָט מיין פעטער מיר אויסגעוואָרפן, און דערביי אָנגעגאָסן נאָך אַ גלעזל — פאַרוואָס, איך בעט דיך, האַלט זיך די אידישע סוכה שוין אַזוי פיל טויזנטער יאָרן? דערפאַר ווייל די אידישע סוכה איז „פלעקסיבל"... ויסעו... ויחנו... אויב עס איז נישטאָ פאַר דער אידישער סוכה קיין פּלאַץ אויף איין אָרט, פּאַקט זי זיך איין און פאָרט ווייטער... און רוהט זיך ווידער אָפּ... און אַזוי דער איד אַליין... את סוכת דוד הנופלת... די אידישע סוכה קאָן זיך צוזאַמענלייגן, און דערפאַר קאָן זי קיינער נים צושטערן.... דאַרף מען זי שוין במילא נים איבערבויען... און זי דאַרף נים קיין נייע מאַטעריאַלן... כאַ, כאַ, כאַ... זעהסטו, די פעלקער וועלכע בויען הויכע פּאַלאַצן, רייכע טעמפּלען, זיי דאַרפן זיך איצט זאָרגן, מחמת עס פעלט זיי אוים בוי־מאַטעריאַלן. אָבער, צוריק געשמועסט, ווער איז שולדיק? זיי אַליין... אַ סימן האָסטו, אַז גאַנצע לענדער זיינען אוועק מיט רויך און מיט פייער, וואָלקן־קראַצער זיינען געפאַלן ווי גלית פאַר דוד'ן... און די אידישע סוכה שטייט נאָך אַלץ... און ווייסטו וואו עס ליגט דער סוד דערביי?... נאַ, נעם נאָך אַ שנעפּסל, פלימעניקל מיינער, דערנאָך וועל איך דיר זאָגן. אָט אַזוי, לחיים... וועסט אפשר עסן אַ שטיקעלע געפילטע פיש?... שעם זיך נים, איך וועל סאַי ווי זאָגן אַז דו האָסט באַ מיר געגעסן.... באַשע גיטל, דערלאַנג אים, דעם פלימעניקל מיינעם, דיינע געפילטע פיש... גיב אים די קאָפּ... וועט ער צולייגן מער קאָפּ... כאַ, כאַ, כאַ... נו, וואָס זאָגסטו אויף דיין טאַנטע'ס פיש?... אַ יאָ ס'איז גוט?... נאָך אַ גם וואָס סוכות איז איינמאָל אין יאָר, אַז נים וואָלט מען באַדאַרפט זיין אַ ראַקעפעלער צו קויפן אַלע וואָך פיש....

— פעטער — האָב איך אים איבערגעשלאָגן — דער טאַנטע'ס פיש האָבן אַלע טעמ'ן, אָבער איר האָט מיר נאָך נים דערקלערט פאַרוואָס אונזער אידישע סוכה האַלט זיך אַזוי לאַנג, אין דער צייט וואָס מאַרמאָר און שטאָל־געבויטע פּאַלאַצן ברעקלען זיך און צעפאַלן?...

— דערפאַר — ענטפערט מיר מיין פעטער, פאַסמאַקענדיג זיך מיט די

### גיט אַ שמייכל

פיש — וואָס אונזער סוכה איז דאָס וואָס דער פּסוק זאָגט וועגן איר, סוכת שלומיך... אַ סוכה פון שלום... מיר זוכן ניט קיין קריג... מיר זוכן ניט צו עראָבערן פרעמדע טעריטאָריעס.... פאַרקערט, מ׳לאָזט אונז ניט צו צו אונזער אייגענער טעריטאָריע... מ׳לאָזט אונז ניט אויפשטעלן אונזער סוכה אין אונזער אייגענעם „בעק יארד".... אָבער זאָלסט זיך גאָר ניט ערגערן, פלימעניקל מיינער... אונזער סוכה איז „פלעקסיבל"... זי קען איבערטראָגן אַלע שטורמס... וואָרים סוף כל סוף וועט דאָך די וועלט מוזן מאַכן שלום... און דאָרט וואו עס איז שלום, דאָרט געפינט די אידישע סוכה אַ מקום מנוחה. יאָ, פּלימעניקל מיינער, די וועלט וועט זיך מוזן אויסמענטשלען, אויב זי וויל זיצן אין דער סוכה... אין דער סוכה פון שלום.... ווילסט אפשר נאָך אַ שטיקעלע פיש? ניין?... דאָס מאָל וועל איך דיר צו שטאַרק ניט בעטן.... וואָס איילסטו זיך?... דו לויפסט שוין?... נו, זיי מיר געזונט... ושלום על ישראל....

לאַנג לעבן זאָל מיין פעטער, מיט זיין אידישן אָפּטימיזם.... ווי מיינט איר?...

## זאַזולקער נייער פּרעזידענט

ווער עס האָט ניט ביינעוואוינט די שמחת תורה פייערונג בא דעם „זאַזולקער אַנשי חולי נופלים אונטערשטיצונגס פאַראיין" האָט קיין שיינס ניט געזעהן, און קיין גוטס ניט גענעסן.... גלויבט מיר, אַז איך אַליין וואָלט דאָרטן אויך ניט געווען, אָבער איך האָב דאָרטן אַ שטיקל צד אין דער משפּחה — מיין פעטער גרונם איז דעם יאָר געוואָרן דער פּרעזידענט פון פאַראיין.

— ווי קומט עס — פרעגט איר — וואָס מיין פעטער איז אַזוי עולה לגדולה געוואָרן? איז דער תירוץ, אַז עליע קאַפּוסטע, דער לאַנג־יאָריגער פּרעזידענט פון די „זאַזולקער אַנשי חולי נופלים", האָט אין די לעצטע פינף יאָר געמאַכט אַזוי פיל געלט, אַז אים איז מער ניט אָנגעשטאַנען צו זיין דער פּרעזידענט פון עפּעס אַ שנאָרערישן לאַנדסמאַנשאַפט פאַראיין. ער האָט אַרויסגעמופט אין אַ רייכן געגנט, איבערגעביטן זיין נאָמען פון עליע קאַפּוסטע אויף מר. אַל קעבידזש, און קלייבט זיך אינגיכן צו ווערן פּרעזידענט פון אַ טעמפּל....

אָבער ניט דאָס בין איך אויסן....

די שמחה׳לע האָבן די לאַנדסלייט אַראַנזשירט טאַקע לכבוד מיין פעטער גרונם, און זאָל די וועלט זעהן, אַז די זאַזולקער ווייסן ווי אַזוי אויפצונעמען אַ פּרעזידענט... און וויבאַלד אַז קיין עסן און טרינקען האָט ניט געפעלט

## מיין פעטער גרונם

(מ'קען זאָגן, אז חברה האָבן מער געטרונקען ווי געגעסן . . .), זיינען טאַקע אַלע מעמבערס מיט זייערע ווייבער און קינדער געקומען צו דער „פאַדי" . . . און איך אויך. . . .

נו, האָט מען זיך עס אביסל געלאָזט וואוילגיין ! . . .

מיסטער פאָמפּעניק, דער בעקער האָט געבראַכט עטליכע לאַנגע געפלאָכ־טענע חלות מיט קיטקעס פון אויבן. . . . מיסעס הערינגמאַן, די ליטווישע גראָסערי לעידי, האָט ווידער „דאָנעיטעד" אירע „צאַפּט" הערינג . . . און מיסעס וואורשטמאַן האָט געבראַכט דעליקאַטעסן. . . .

— קיין קאָרנדביף איז היינט ניטאָ — האָט זיך פאַרענטפערט מיסעס וואורשטמאַן — עס פעלן בהמות אין אמעריקע . . . **אָבער אזוי ווי היינט איז** שמחת תורה, טאָ פּרייט זיך וואָס איך האָב אייך געבראַכט פראַנקפורטערס.

זינדיקט ניט — האָט זיך מיין פעטער צולאָזט, זיצנדיק אויבנאָן, שוין אביסל פאַרשניאָשקעט — שמחת תורה איז אין איין קאַטעגאָריע מיט פּורים . . . פּורים איז אַ מצוה צו טרינקען . . . כאַ־כאַ־כאַ . . . לחיים ! . . . איר ווייסט דען, קינדערלאַך, וואָס פאַר א גרויסן יום־טוב מיר האָבן היינט ? . . . אונזערע גרעסטע שונאים האָט מען דאָך געהאַנגען שמיני עצרת, ערב שמחת תורה. שטרייכער'ן אַליין האָט זיך אויסגעוויזן אַז עס איז פּורים . . . הפּנים אַז המן מיט זיינע בנים זיינען אים אַנטקעגן געקומען באַ דער תליה . . . כאַ־כאַ־כאַ . . . איר הערט? ווען היטלער, ימח שמו, האָט נאָך געלעבט, פלעגט ארומגיין א ווערטל וועגן אים, אז ער וועט זיכער שטאַרבן אין א אידישן יום־טוב. פלעגט מען דאָך פרעגן: סטייטש, ווי אזוי ווייסט מען אַז ער וועט שטאַרבן אין אַ אידישן יום־טוב? איז דער ענטפער געווען: ווען היטלער וועט שטאַרבן, וועט זיין אַ אידישער יום־טוב . . . כאַ־כאַ־כאַ. . . . איצט קענט איר זיך שוין פאָר־שטעלן וואָס פאַר אַ גרויסן יום־טוב מיר האָבן איצט, ווען עלף פון אונזערע בלוטיקסטע שונאים זיינען שוין אויך דאָרטן וואו המן וואוינט. . . . אַנו, וועלוול, אידישיסט מיינער ! דו קענסט דאָך זינגען, העלף מיר ארויס.

שישו ושמחו בשמחת תורה . . .
מיט דער תורה אַ האָפּעניו,
מיט'ן פוס אַ טופּעניו . . .
ותנו כבוד, אוי, לתורה . . .
פאַר די שונאים האָט ניט מורא . . .
כי טוב סחרה מכל סחורה . . .
די תורה איז די בעסטע סחורה . . .

אָט אזוי, קינדער . . . גיט זיך די הענט . . . מאַכט אַ רעדל . . . ארום

גיט אַ שמייכל

טיש . . . נאָר גיט אַכטונג, גיסט ניט אוים דאָס ביסעלע משקה. . . . זינגט ! . . . זינגט ! . . . נאָך אַמאָל ! . . .

שישו ושמחו בשמחת תורה . . .
פרעהט זיך, אידן,
מיט דער תורה זייט צופרידן . . .
אונזער גאָט איז דאָך איינער,
ניטאָ קיין פלייש, עסט מען ביינער . . .

טאַנצט, קינדער ! . . . ס'איז מיר וואויל, ס'איז מיר גוט . . . מיר האָבן אַ טייערע תורה . . . ניט אומזיסט הויבן מיר היינט אָן נאָך אַמאָל פון בראשית, אַלע יאָר אַזוי . . .אז מ'האָט עס ליב איז דאָך ניט שייך. . . . אוואו איז די פלעשל ? . . . לאָמיר מאַכן נאָך אַמאָל לחיים ! . . . געוואַלד, אידישע קינדער ! נאָך אַ נס וואָס איך בין שוין שיכור, אַז ניט וואָלט איך מיך היינט אָנגע־שיכור'ט פאַר פרייד. . . . לחיים ! לאָז מיך, באַשע גיטל . . . היינט איז דער גרעסטער שמחת תורה אין דער אידישער געשיכטע . . . באַשע גיטל, וואו ביזטו ? . . . אַלץ דרייט זיך אַרום מיר . . . שישו ושמחו — אוי, מיין קאָפּ ! . . .

מ'האָט טאַקע מיין פעטער באַדאַרפט אהיים פירן, אָבער ווער קאָן זיך נאָך אַזוי פרעהען אויף אַ אידישער שמחה ווי מיין פעטער גרונם ? . . . אַ יאָ קיינער ניט ? . . .

יו בעטשע ! . . .

# טענות צו דער וועלט

פאַראַן מענטשן וואָס זיינען קיינמאָל ניט צופרידן, ניט פון זיך אַליין און ניט פון דער וועלט. רק זיי האָבן טענות, רק זיי באַקלאָגן זיך, רק עס קומט זיי עפּעס, און איינער פון זיי איז מיין פעטער גרונם.

ער ליגט אין בעט, ניט פאַר אייך געדאַכט, מיט אַ קאַלד.

נו, איז מה רעש? עס איז איצט אַזאַ איבערגאַנג, און יעדער איינער ליידט פון אַ פאַרקילונג. אָבער מיין פעטער האָט טענות צו דער וועלט:

— זעהסטו — מאַכט ער צו מיר — איך האָב קיין מזל ניט . . . קכע . . . קכע . . . קכע . . . ווען טשוירטשיל איז געלעגן צו בעט מיט אַ קאַלד, האָט די גאַנצע וועלט געקלונגען מיט אים . . . „טשווירטשיל איז קראַנק", „טשווירטשיל האָט ניומאָניע". די גרעסטע דאָקטוירים זיינען געשטאַנען טאָג און נאַכט בא זיין בעט, פון נוירסעס איז דאָך שוין אָפּגערעדט . . . די שענסטע און די

## מיין פעטער גרונם

בעסטע . . . קבע . . . קבע . . . קבע . . . אָבער איך? אָט ליג איך שוין אין בעט אַ וואָך צייט, און גאָר ניט . . . די וועלט שווייגט . . . אפילו פון מיין סאָסייעטי, די חברה „אנשי חולי נופלים”, איז אויך קיינער ניט געקומען מיך מבקר חולה זיין. ווען איך בין אָבער טשווירטשיל ? . . .

לאָך איך דאָך מיסטאָמע פון אים:

— וואָס רעדט איר, פעטער? — שמייכל איך — טשווירטשיל איז דאָך עפּעס אַ וועלט־פיגור. ווי וואָלט די וועלט איצט אויסגעקומען אָן טשווירטשיל'ן, חלילה? וואָס פאַרגלייכט איר זיך צו אים ? . . .

מיינט איר דאָך אַז מיין פעטער פאַלט באַ זיך אַראָפּ פון מיינע רייד? אַ געכטיקער טאָג . . . איר קאָנט מיסטאָמע ניט מיין פעטער. . . .

— און וואָס פאַר אַ פּנים — מאַכט ער — וואָלט געהאַט די עוועניו אָן מיר ? . . . קבע . . . קבע . . . קבע. . . . נאָר גאָר ניט, אַזוי איז שוין די וועלט . . . זי פאַרגעסט די גרעסטע מענטשן אירע. . . . קבע . . . קבע . . .

אָבער מיינט ניט אַז מיין פעטער איז דער איינציקער מענטש וואָס האָט טענות צו דער וועלט, אַז מען „טריט” אים ניט גוט. פאַראַן „פּלענטי” אַזעלכע.

נעמט אַ שטייגער מיין לענדלאָרד. ער פאַרמאָגט העכער פופציק הייזער, און אין אַלע זיינע הייזער וואוינען טענענטס. מוז מען דאָך באַ זיי, באַ די טענענטס הייסט עס, קאָלעקטן רענט, און געטרויען עמיצן מיט די קאָלעקשאַנס דערלאָזט אים ניט דאָס האַרץ . . . גייט ער אַליין איבער די הייזער. . . . נו, איז מען דאָך ניט מער ווי אַ מענטש . . . פון אומגיין איבער די הייזער, בלייבט ער אָן פּיס, באַקלאָגט ער זיך פאַר מיר:

— איך זאָג אייך — מאַכט ער צו מיר — אַז מיינע טענענטס האָבן ניט די ווערט וואָס די ערד טראָגט זיי . . . קיינער פון זיי גייט ניט אַריין אין מיין לאַגע . . . אַ גאַנצן טאָג קלעטערן אויף טרעפּ, קלאַפּן אין טירן, ווער איך אויסגעמאַטערט; מיינט איר אַז עמיצער פון מיינע טענענט וועט מיר בעטן זיצן? מיר „אָפערן” אַ ביינקל? . . . ווייס איך וואָס. . . . זיי דערלאַנגען מיר אַ שמיץ די רענט אין פּנים אַריין, ווי איינער זאָגט: נאַ דיר און גיי פון דאַנען! און דאַ ברעכן מיר די פּיס . . . איך וואָלט זיך געוואָלט אַביסל צוזעצן, אויס־טרינקען אַ גלעזל טיי . . . וואָרים איך רייס זיך געגונג אויס דעם גאָרגל מיט זיי . . . באַ דעם איז פאַרשטאָפּט, איר זאָלט מיר מוחל זיין, דער טאָילעט, באַ יענעם רינט פון סילינג, באַ אַן אַנדערן איז ניטאָ קיין הייסע וואַסער . . . און איך נאָר, דאַרף זיי אַלעמען ענטפערן. פיקסן, פיקס איך טאַקע ניט . . . אָבער אַ תירוץ מוז איך דאָך זיי געבן. . . . אָבער גיי, גיב זיי אַ תירוץ, אַז איר האָט ניט צו טאָן מיט קיין מענטשן . . . זיי ווילן פון גאָר ניט וויסן. ווי נאָר עפּעס, סטראַשן זיי מיך מיט די אָ. פּי. עי. . . . און פאַר יענע חברה־לייט

ציטער איך ווי פאַר פייער.... כאַפּ איך די רענט און לויף ווייטער.... דאָ, אַנומעלטן, האָט מיך אַ טענענט מיינער אַרויסגעוואָרפן פון הויז.... יאָ, אָט אַזוי ווי איך זאָג אייך, אַנגענומען פאַר׳ן קאָלנער און מיך אַרויסגעוואָרפן....

— אַז איך בין צוריקגעקומען מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער, האָט ער מיר נאָך געדרעדט אין דער גאַל אַריין....

— מיסטער פּעמפּיק — האָט ער מיך געקיבעצט — איך גיי קויפן פאַר אייך אַן אויפשטעל בעטל, און דעם איין־און־דרייסיגסטן פון מאָנאַט וועט איר באַ מיר איבערשלאָפן... וועט איר פאַרשפּאָרן צו קומען און קלאַפּן אין טיר דעם ערשטן, באַגינען....

— גיי דערצייל אים, פאַרוואָס איך קום קלאַפּן באַגינען. אַז מ׳האָט פופציק הייזער, מוז מען דאָך אָנפאַנגען קאָלעקטן באַגינען... אַז נישט וואָלט איך דעם ערשטן קיינמאָל ניט פאַרטיק געוואָרן.... אָבער אַזוי איז שוין די וועלט. דער טענענט גלויבט קיינמאָל ניט דעם לענדלאָרד....

און אָט אַזוי, ווי איר זעהט, האָבן מענטשן טענות צו דער וועלט. ווער ווייסט, אפשר בין איך אַליין איינער פון זיי?...

## ער וויל אַ „אידישן" סאַנטע קלאָוז

אַ גרוס אייך פון מיין פעטער גרונם. איר האָט שוין אַ צייט ניט געהערט פון אים, און איר ווילט מיסטאָמע וויסן וואָס ער מאַכט? זייער שעהן פון אייך. פאַר וואָס טאַקע ניט?... נאָך אַלעמען איז דאָך מיין פעטער גרונם ניט אַבי ווער... עפּעס איז ער דאָך פאָרט דער גרעסטער סטראַטעגיקער אויף דער עוועניו... וועל, אַ דאַנק פאַר׳ן נאָכפרעגן.... איצט איז ער שוין אַלראַיט.

וואָס איז געווען „דער מער" מיט אים ביז איצט?

פרעגט ניט, מיר האָבן געהאַט פון אים „פּלענטי"... און אַלץ טאַקע צוליב זיין „גרויסקייט".

וואָרים מיין פעטער גרונם ווייסט זיין ווערדע, און ער לאָזט זיך ניט שפּייען אין דער קאַשע....

פּאַסירט האָט עס מיט עטליכע וואָכן צוריק. אַזוי שנעל ווי די ציימונגען האָבן געבראַכט די נייעס, אַז רוזוועלט, טשוירטשיל און טשיאַנג־קאַי־שעק, מיט זייערע ראַט־געבער און סטראַטעגיקער, האָבן אָפּגעהאַלטן אַ קאָנפערענץ אין קאַירא, און נאָכדעם פאָרט אונזער פּרעזידענט זיך צו טרעפן מיט סטאַלינ׳ען אין איראַן, האָט זיך מיין פעטער גרונם פאַרמאַכט אין אַ באַזונדערן צימער

און קיינעם ניט צוגעלאָזן צו זיך. דריי וואָכן צייט האָט ער זיך דאָרטן גע־האַלטן פאַרשלאָסן . . . און איין גאָט ווייסט, ווי אַזוי ער האָט דאָרטן געלעבט. עס האָט ניט געהאָלפן מיין טאַנטעס געבעט, ניט אירע סטראַשונקעס אַז זי וועט זיך אַ מעשה אָפּטאָן . . . מיין פעטער איז געבליבן איינגעשפּאַרט און ניט געוואָלט אַרויסגיין. . . . וואָס דאַרפט איר מער? זיינע חברים, די קיביצערס, וואָס שטייען מיט אים אַלע טאָג אויפ'ן קאָרנער בלור־היל און וואַודראַו עוועניוס, האָבן געשיקט אַ קאָמיטע צו אים אין הויז אַריין, און דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן. נאָך אַ נס וואָס איך פאַרשטעה זיך אויף מיין פעטער — וואָס איך בין אַ מבין אויף אים — און איך האָב אים אַרויסגעקראָגן . . . אַרויסגענאַרט פון זיין חדר מיוחד. . . .

איך האָב אָנגעקלאַפּט צו אים אין טיר, און אים דערציילט אַ דריי־גאָרנ־דיגן ליגען — אַז עס איז נאָר וואָס אָנגעקומען פאַר אים אַ בריוו פון וואַשינג־טאָן, אין וועלכן פרעזידענט רוזוועלט אַנטשולדיגט זיך פאַר אים דערפאַר וואָס ער האָט אים, מיין פעטער, ניט איינגעלאַדן צו דער קאַירא קאָנפערענץ. . . . מ'איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש, פאַרגעסט מען אַמאָל. . . . און דאָס האָט געווירקט. . . . מיין פעטער איז אַרויסגעקומען מיט אַ שיינענדיקן פנים, אַזוי ווי ער וואָלט זיך נאָר וואָס אומגעקערט פון אַ זיגרייכן שלאַכט. . . . פאַר גרויס שמחה האָט ער, דער חכם, פאַרגעסן מיך צו פרעגן, אַוואו דער בריוו איז. . . .

און איצט, אַז ער איז אַרויסגעקומען פון זיין באַהעלטעניש, האָט מען דאָך אים גענומען געבן די אמת'ע אַרגומענטן. ניט נאָר די טאַנטע, זי רעדט איצט ניט צו אים סאַי־ווי־סאַי . . . נאָר טאַקע איך אַליין האָב אים דערלאַנגט אַ גאָב :

— סטייטש, פעטער, ווי האַנדלט עס אַ מענטש אַזוי ? . . . און פאַרוואָס?

איז ער ערשט אַרוים מיט לשון:

— דו פרעגסט נאָך פאַרוואָס — מאַכט ער — טאָג און נאַכט ברעך איך זיך דעם קאָפּ, אַרבעט אויס סטראַטעגישע פּלענער ווי אַזוי מיר זאָלן וואָס שנעלער געווינען די מלחמה; מיינע „באָיעס" אויפ'ן „קאָרנער" וועלן קיין זאַק באָרשטש ניט אָוועקגעבן פאַר מיינע פּלענער . . . און ווי עס קומט עפּעס צו אַ וויכטיקער קאָנפערענץ לאָזט מען מיך זיצן אין דער היים. . . . און דאָס איז שוין ניט דאָס ערשטע מאָל. . . . ווי לאַנג, מיינסטו קען איך עס אויסהאַלטן, אַז דאָס האַרץ זאָל ניט פּלאַצן ? . . . אָט האָב איך געהאַט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, מיט אַלע פּישטשעווקעס, אַז די דאָזיקע קאָנפערענץ זאָל גאָר פאָרקומען אין דייטשלאַנד . . . און טאַקע אין בערכטעסגאַרדן, גלייך אונטער היטלער'ס נאָז. . . .

קוק מיך ניט אָן ווי אַ משוגענעם . . . אין דער צייט וואָס היטלער איז

# גיט אַ שמייכל

פּאַרנומען אויפ׳ן רוסישן פּראַנט, און זיינע שפּיאָנען זייַנען ביזי זוכנדיק רויז־וועלט׳ן, טשווירטשיל׳ן מיט טשיאַנג־קאַי־שעק׳ן אין קאַירא, זיצן זיי גאָר בּאַ אים אין פּאַלאַץ אין בערכטעסגאַרדן און באַראַטן זיך ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון אים . . . כאַ־כאַכאַ. . . . אַ־יאַ, אַן אָריגינעלער פּלאַן ? . . . אָבער גיי מאַך, אַז מען פּאַרט און מען פרעגט מיך ניט. . . .

נאַ, אָט האָסטו אין פּעיפּער אַ „פּיקטשע״ פון מיסעס רוזוועלט, ווי אַזוי זי רייבּט זיך נעזער מיט אַן אינדיאַנערקע ערגעץ אין אויסטראַליע. נו, וואָס־זשע מיינסטו ? . . . מיר וואָלט עס ניט געפּאַסט ? . . . שטעל דיר פאָר ווען מיין באַשע־גיטל זעהט אין פּעיפּער מיין „פּיקטשע״ ווי איך רייב זיך נעזער מיט אַן אינדיאַנערקע, וואָלט זי מיר געגעבן דעם אמת׳ן שלום עליכם. . . .

שאַ, וואָס דאַרפסטו מער? אָט גייט איצט צו קריסטמעס. די גוים האָבן אַ „סאַנטע קלאָוז״, אָבער וואָס האָבן מיר ? . . . גלאָצ ניט אויס אויף מיר אַזעלכע אויגן . . . מיר אידן דאַרפן אויך האָבן אַ „סאַנטע קלאָוז״ . . . וואָרים אַז עס קומט אויסצוטיילן מתנות פאַרגעסט מען אָן אונז . . עפּעס בלייבט ניט פאַר אונז קיין חלק אין דער וועלט חלוקה. . . . עס איז אמת, אַז מיר האָבן, להבדיל, דעם גויאישן „סאַנטע קלאָוז״, אונזער אייגענע „קלויז״ — דער „קלויז״ וואו מ׳לערנט תורה . . . אָבער קיין מתנות קריגט מען ניט פאַר׳ן לערנען . . . דעם שכר וועט מען ערשט קאַלעקטן אויף יענער וועלט. . . . אויב מיר אידן ווילן קריגן אַ חלק אויף דער וועלט, דאַרפן מיר האָבן אונזער אייגענעם „סאַנטע קלאָוז״. . . . אָט אַזוי האָט זיך מיין פעטער גרונם אָרונטערגערעדט פונ׳ם האַרצן.

אידישע קינדער, אויב איר וועט די וואָך באַגעגענען אַ „סאַנטע קלאָוז״ מיט אַ ווייסער באָרד, זאָלט איר ניט זיין „סורפּראַיזד״ אויב אונטער דער ווייסער באָרד שטעקט מיין פעטער גרונם. . . .

# מיין פעטער זאָגט אקדמות

אקדמות. איידער איך הויב אָן צו ריידן און אייך דערצעהלן וואָס פאַר א טייערער, ליבער יום־טוב שבועות איז, וועט איר שוין מסתמא האָבן אָפּ־געגעסן די געוויקלטע בלינצעס און די דריי־שפּיציקע קרעפּלאַך, וואָס זעהען אויס ווי קליינע, ניט־דערבאַקענע המן־טאַשן, וועלן זיך שוין פון לאַנג האָבן ארונטערגעגליטשט פון אייער גומען גלייך אין מאַגן אריין . . . פונדעסטוועגן וועל איך טאָן דאָס מייניגע אייך דערציילן וועגן שבועות:

ווען אלע טייכן זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין טינט און פון אלע בוימער זאָל מען מאַכן פּאַפּיר, וועט דאָס ניט קלעקן אייך אויסצורעכענען בלויז די טעמעס אליין אויף וועלכע מ׳קען שרייבן וועגן שבועות. איך אליין האָב שוין היבשע עטליכע טינטערס אויסגענוצט, אָבער איך וועל זאָגן ווי איר זאָגט: „הו אין דהי העל עם אי?״ . . . פאַראַן גרעסערע שרייבער פאַר מיר, און זיי האָבן שוין גאַנצע פעסער טינט אויסגעשריבן וועגן שבועות, פונדעסטוועגן אַז עס קומט שבועות, שרייבן זיי ווידער . . . וואָרים שבועות איז א יום־טוב וועגן וועלכן עס לאָזט זיך שרייבן. . . .

ווי זאָגט מיין פעטער גרונם: אַז עס איז שוין ניטאָ וועגן וואָס צו שרייבן, שרייבט מען וועגן מילכיגע קרעפּלאַך. ווער איך דאָך שוין נייגעריג און פרעג אים: למשל, פעטער, וואָס אַזוינס קען מען שרייבן וועגן קרעפּלאַך? לאַכט דער פעטער מיינער און זאָגט: א שטייגער, פאַרוואָס רופט מען קרעפּלאַך — קרעפּלאַך — און ניט עפּעס מיט אַן אנדער נאָמען? . . . קוק איך אים אָן און וויים ניט וואָס אים צו ענטפערן, וואָרים זינט איך עס קרעפּלאַך, האָב איך זיך קיינמאָל די דאָזיקע קשיא ניט געפרעגט. . . .

לאַכט מיין פעטער ווידער און זאָגט:

— אי, קרעפּלאַך זאָלסטו עסן . . . זעהסטו אַז דו׳ ווייסט ניט . . . וועל איך דיר זאָגן פאַרוואָס מ׳רופט קרעפּלאַך — קרעפּלאַך: דריי שפּיצן, ווי קרעפּלאַך האָבן זיי? אָנגעפּילט מיט קעז זיינען זיי, א טעם פון קרעפּלאַך האָבן זיי — היינט פאַרוואָס־זשע זאָל מען זיי ניט רופן קרעפּלאַך? . . . כאַ־כאַ־כאַ. . . . אי, וועסטו דאָך מיר פרעגן, פאַרוואָס עסן מיר עפּעס שבועות מילכיקע קרעפּלאַך און ניט קיין פליישיקע? — וועל, דאָס האָט שוין צו טאָן מיט מתן תורה. דער מדרש זאָגט, אַז דריי טעג פאַר מתן תורה זיינען די אידן געווען אָפּגעשיידט פון זייערע ווייבער און האָבן קיין פלייש ניט געטאָרט

## גיט אַ שמייכל

עסן . . . האָבן זיי ניט געהאַט קיין ברירה און האָבן געגעסן מילכיקע קרעפּלאַך. נאָר אויב דו ווילסט דוקא פלייִשיקע קרעפּלאַך, פּלימעניקל מײַנער, — מאַכט מײַן פעטער — ווערסטו מוזן צופאָרן צום רוסישן אָדער צום איטאַליענישן פראָנט . . . דאָס מאַכט מען איצט פון די דײַטשן קרעפּלאַך־פלייש, און מ׳לערנט מיט זיי זייער אייגענע תורה, די תורה פון קולות וברקים . . . פון דונערן און בליצן. . . . אי, בליצט עס דאָרטן. . . . אָבער די בליצן קומען פון אונזער צד, באַ די דײַטשן „בליצט עס ניט מער . . . " ברענען, זעהסטו, ברענט באַ זיי „פלענטי", אָבער די פײַערן צינדן מיר . . . און דער פײַער וועט ברענען ביז אַלע נאַצים מיט זייער תורה און זייער „פירער" וועלן אויסגעברענט און אויסגעוואָרצלט ווערן מיט די וואָרצלען. . . . די וועלט מוז זיך אומקערן צוריק צו דער אידישער תורה . . . אַט די תורה, וועלכער היטלער האָט דערקלערט קריג און געוואָרפן אין פײַער אַרײַן, לעבט אייביק . . . זי שטעכט אים אין די אויגן אַרײַן מיט פלאַמיקע אותיות: „קין! . . . דו ביזט דער וועלט׳ס גרעסטער ברודער־מערדער, און דו ביזט חייב מיתה!" . . . און מיליאָנען מענטשן פון אַלע פעלקער און ראַסן ענטפערן: „נעשה ונשמע"! . . . מיר הערן . . . מיר פאָלגן . . . און מיר וועלן טאָן אַזוי ווי די אידישע תורה, אַזוי ווי „דהי באיבל" זאָגט — עין תחת עין — אַן אויג פאַר אַן אויג . . . ניט אויסקויפן זיך . . . ניטאָ קיין רחמנות פאַר ברודער־מערדער . . . קיין רחמנות מיט די נאַצים! . . . מיט זיי דאַרף מען לערנען דעם קאַפּיטל בלק . . . און מ׳לערנט טאַקע. . . . ווײַזט אויס, אַז רוזוועלט, טשוירטשיל און סטאַלין פאַרשטעהען די קליינע פּינטעלעך. אי, ווערסטו דאָך מיר פרעגן: ווען וועט מען שוין זינגען „אָז ישיר משה"? ווען וועט שוין די וועלט פּטור ווערן פון די טכוירן? . . . זאָג איך דיר: חזק, חזק ונתחזק . . . מיר ווערן שטאַרקער מיט יעדער שעה . . . און עס וועט שוין ניט נעמען לאַנג. „איט וואונ׳ט בי לאָנג נאַו"! . . . מיר האַלטן שוין ביים אָנהויב פון סוף . . . און דער סוף האָט שוין געמאַכט אַן אָנהויב . . . און אַז מיר וועלן דאָס דערלעבן, וועלן מיר ערשט דאַמאָלסט קרעפּלאַך עסן! מעג עס אפילו זײַן נאָך שבועות. . . .

אַ יאָ, מײַן פעטער ווייסט וואָס ער רעדט? . . .

האָט מיר אַ פרעהליכן יום־טוב!

# י. ס. באַנדס אָדער סעמעטערי?

ווען מ׳זאָל מיך אפילו אָפּגילטן גיי איך ניט מער צו א מיטינג פון לאַנדס־לייט. איך וואָלט דאָס מאָל אויך ניט געגאַנגען, נאָר מיין פעטער גרונם האָט מיך צוגערעדט:

— קום ארויף צום מיטינג, וועסט האָבן א „גוד־טאים”. מיר האָבן גע־אָרדערט א בענד מוזיק, מיט טאַלאַנטן, און ס׳וועט זיין רעפרעשמענטס אויך.

— וואָס איז די שמחה? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— מיר מאַכן א „באַנד ראלי”. מיר ווילן קויפן וואָס מער באָנדס — דער־קלערט מיר מיין פעטער.

דערהערט אזא זאַך, בין איך שוין געגאַנגען מיט אים צום מיטינג.

דער מיטינג לאָקאַל איז געווען פול מיט לאַנדסלייט, זייערע ווייבער און קינדער. אַלע האָבן גערעדט און געלאַכט אויף א קול — א סימן אז זיי זיינען אין א פרייליכער שטימונג. אין א ווינקל איז געשטאַנען א צובראָכענע פּיאַנאָ, וועלכע האָט געבאַך אונטערגעהונקן אויף איין פוס . . . און דריי יונגע חברה׳־לייט האָבן דאָרטן געצימבלט, געטרומפּייטערט און באַראַבאַנעוועט אויף וואָס די וועלט שטייט. מ׳האָט געקענט אזש טויב ווערן. . . .

— אָט דאָס איז א בענד? — פרעג איך מיין פעטער.

— יאָ — ענטפערט ער מיר — זיי זיינען קינדער פון מעמבערס, און מ׳האָט זיך ניט געקענט העלפן. . . . פאַרשטייסט? . . . מיר האָבן אייגענע זינגערס און טענצערס אויך. . . . פרעג ניט, ס׳וועט זיין פריילעך. וועסט מיר דאַנקען וואָס דו ביזט מיטגעגאַנגען. . . .

מיט אַמאָל האָבן זיך דערהערט שטימען פון אַלע זייטן:

— ברודער פּרעזידענט, שוין צייט צו עפענען דעם מיטינג, די אייז־קרים ווערט צוגאַנגען. . . .

אויף דער פּלאַטפאָרמע גייט ארויף דער ברודער פּרעזידענט און רופט דעם מיטינג צו אָרדער:

„אין נאָמען פון דעם זאזולקער נופלי חולים אונטערשטיצונגס פאַראיין, ערקלער איך דעם מיטינג פאַר ערעפענט.

„מעמבערס, שוועסטער און ברידער — רעדט ווייטער דער פּרעזידענט — איר ווייסט אַלע דעם צוועק פון דעם היינטיקן מיטינג. ווער וויל א וואָרט אין דער פראַגע?”

עס הויבן זיך הענט פון אַלע זייטן.

## גיט אַ שמייכל

— ניט מיט אַמאָל — בייזערט זיך דער פּרעזידענט — איינציגווייז. ברודער שלעפּערמאַן האָט דאָס וואָרט.

שוועסטער און ברידער! — שטעלט זיך אויף ברודער שלעפּערמאַן — עס איז קיין פראַגע ניט, אַז מיר דאַרפן קויפן באַנדס. איך מאַך דאַריבער אַ פאָרשלאַג, אַז אַזוי ווי אונזער טרעזשורי פאַרמאָגט צוועלף הונדערט דאָלער קעש, זאָלן מיר קויפן באַנדס פאַר דעם געלט.

— אַ פּאָינט אָוו אָרדער — שטעלט זיך אויף אַן אָנגעפּאַקטער איד מיט רויטע באַקן — באַנדס קענען די מעמבערס קויפן פאַר זייער אייגענעם געלט, זיי זיינען ניט קראַנק . . . אָבער די געלט פון דער טרעזשורי וועל איך ניט לאָזן רירן. אויב שוין יאָ אינוועסטן אונזער טרעזשורי'ס געלט, איז די גלייכסטע זאַך מיר זאָלן קויפן נאָך אַ סעמעטערי. . . .

— לאָזט אים ניט ריידן! — שרייט אַ איד פון אַ ווינקל אַרויס — ברודער גרעבערמאַן איז אַן אנדערטעיקער, און אים ווילט זיך באַגראָבן די לאַנדסלייט, אים חלומ'ט זיך נאָר סעמעטערים. . . .

עס ווערט אַ טומל, און דער ברודער פּרעזידענט אַרבעט שווער מיט'ן האַמער, ביז עס ווערט ווידער שטיל.

— ברודער גרעבערמאַן — זאָגט דער פּרעזידענט — זעצט זיך אַוועק. ברודער קאַפּוסטע איז גערעכט. איין סעמעטערי איז גענוג פאַר אונז . . . מיר האָבן דאָרטן פּלאַץ פאַר אַלע לאַנדסלייט, מיט אייך אינאיינעם. . . . זעצט זיך אַוועק.

—אויב אַזוי — מאַכט ברודער גרעבערמאַן — זענט איר אַ פּאַרך און ניט קיין פּרעזידענט. איך גייה אַהיים און קום ניט מער צו קיין מיטינגען. איר וועט שוין קומען צו מיר, ניט איך צו אייך . . . . און ער פאַרלאָזט דעם מיטינג־לאָקאַל.

עס ווערט ווידער אַ טומל, און עס נעמט לאַנג איידער דער פּרעזידענט שטילט איין דעם עולם, און פרעגט:

— ווער וויל נאָך אַ וואָרט אין דער פראַגע ?

— פראַגע־שמאַגע — שטעלט זיך אויף אַ איד מיט אַ בייזן פּנים — וואָס זיינען מיר זיך דאָ צוזאַמענגעקומען? צו קריגן זיך? ווי לאַנג וועלן מיר דאָ זיצן . . . אַ גאַנצע נאַכט? איך וויל וויסן, ווען וועט שוין מיין מיידעלע טאַנצן? זי שלאָפט דאָך שוין. . . .

— זעצט אייך אַוועק! — קלאַפּט דער פּרעזידענט מיט'ן האַמער — מ'רעדט פון סעמעטערי קומט ער אַריין מיט'ן טאַנצן. . . . אויב איר האָט קיין צייט ניט קענט איר שוין אַהיים גיין . . . דאָ בין איך בעל־הבית. . . .

— אזא מזל אייך אין קבר ווי איר פירט די טשער — ענטפערט אים דער איד — קום, חנה'לע, קום אהיים, וועסט שוין היינט ניט טאנצן. . . .

— ווארט, געה ניט אוועק — בעטן זיך בא אים עטליכע לאנדסלייט.

— זאל ער גיין — איז דער פרעזידענט אויסער זיך פון כעס — בא אים אין בוטשער־סטאר איז ער בעל־הבית, אבער ניט דא. . . . ער מיינט מ'ווייסט ניט, אז ער פארקויפט טריפה פלייש פאר כשר'ע.

וואס ווייטער איז געשעהן ווייס איך ניט און איך געדענקט ניט . . . איך געדענק נאר, אז בענקלעך האבן גענומען פליהען אין דער לופטן, און איינער האט מיר געטראפן אין אויג אריין. . . . אבער איך האב נאך גוט אפגעשניטן, מיין פעטער גרונם ליגט איצט אין בעט מיט א צושפאלטענעם קאפ.

א מצוה אויף אים . . . דאס האט ער מיר געפראמיסט א גוד־טאים! . . .

## כל דכפין יותא ויוכל

ווער עס האט ניט געזעהן מיין פעטער גרונם פראווען די סדרים, האט קיין סדר ניט געזעהן.

אנגעטאן אין זיין יום־טוב'דיקע קליידער, איינגעוויקלט אין ווייסן קיטל, מיט דער ווייסער יארמעלקע אויפ'ן שפיץ קאפ, זעהט ער אויס, אויב ניט ווי א פאטריאך פון אלט ירושלים, איז כאטש, להבדיל, ווי האילי סעלאסיע אויפ'ן אביסינישן טראן. . . .

מיין פעטער גרונם, דארפט איר וויסן זיין, גרייט זיך צום סדר טאקע ווי אן אמת'ער מלך. פיר וואכן געדויערט אים דאס צוגרייטן דעם סדר. נאך איידער ער לעגט אוועק די מגילה, קוקט ער שוין אריין אין דער הגדה . . . ער וויל זעהן, הייסט עס, צי די פיר קשיות שטעהען נאך אויפ'ן זעלבן אדם. . . .

— און ווער ווייסט — וויצלט ער זיך — אפשר האבן שוין די ארבעה בנים געפונען א פרישן תירוץ. . . .

דערנאך לויפט ער אליין אין די סטארס איינקויפן. ער וויל זיין זיכער, אז קיין זאך וועט ניט פעלן. אי, וועט איר דאך פרעגן, וואו איז די טאנטע באשע גיטל? איז דער תירוץ, זי איז דא, אבער דער פעטער האט זיך פיינט צו פאר־לאזן מיט'ן סדר אויף א אידענע. . . . זי האט אים שוין אמאל אנשטאט כריין פאר מרור אוועקגעשטעלט א רוסישן פעפערל אויפ'ן טעלער, און טוט איר עפעס. — וואס איז דער חילוק? — ענטפערט זי דעם פעטער אויף זיין בייזערן זיך — די רויטע פעפערלעך זיינען נאך ביטערער פון כריין. . . .

ווען איר זאלט פרעגן מיין טאנטע באשע גיטל, וואלט פון אירט־וועגן געמעגט זיין פסח א גאנץ יאר. — צו מרור און חרוסות דארף מען ניט האבן

## גיט אַ שמייכל

קיין „רעד פּאַינטס" — זאָגט זי. . . . זי איז נאָר אין כעס וואָס צום סדר לאָדט מיין פעטער איין אַלע זיינע קיביצערס, מיט וועלכע ער „היינגט אוים" אויף דער עוועניו. — קארג זעהסטו זיי אַ גאַנץ יאָר? — מאַכט די טאַנטע מיט אַ רוגז — כ'האָב זיך אַזוי אָנגעפּראַצעוועט מיט'ן אויפרוימען די שטוב לכבוד פּסח, צום סוף ברענגט ער מיר אָן אַ פולע שטוב מיט „האָלעדרינגעס".

— באַשע גיטעניו — ענטפערט דער פעטער מיט אַ פעסטן טאָן, טאַקע ווי אַ מלך — די הגדה זאָגט בפירוש: „כל דכפין ייתי ויכול . . . " טאָ זאָלן זיי אַכל'ען. . . . קיין פּאָטראָוועס דאַרפסטו זיי ניט געבן, אָבער קיין מצה פעלט ניט. . . .

און אַזוי געהט מיין פעטער גרונם צום סדר־טיש מיט אַ גאַנצער כאַליאַס־טרע, וואָס וואָלט געקאָנט קלעקן פאַר צוויי מנינים. . . . און פרעגט ניט — עס איז פריילעך . . . מיין פעטער זיצט אויף דער היסב בעט אַ שיינענדיקער, אפילו דאָס בערדל זיינס שמייכלט . . . און די קיביצערס זיינען די אַדיוטאַנטן זיינע, וועלכע העלפן אים דורכפירן דעם סדר ווי אַ ספּעקטאַקל, ווי אַ מין „שאָו". איינער פרעגט די קשיות; פיר פון זיי זיינען די פיר זיהן — דער חכם, דער רשע, דער תם און דער שאינו יודע לשאול. . . . נאַטירליך געהט אָן בײַ זיי פריהער אַ קריגעריי ווער עס זאָל זיין דער חכם, ווער דער רשע. צום סוף אָבער פאַרלאָזן זיי זיך אויפ'ן פעטער, וואָרים ער, דער פעטער מיינער, איז אויף זיי אַ מבין, און ער ווייסט שוין „הו איז הו" . . . און בכלל איז ער דאָך דער מלך, און דער בעל־הבית. נו, שווייגט מען. . . .

היינט האָט איר שוין געמעגט הערן מיין פעטער מיט דער גאַנצער כאַ־ליאַסטרע זאָגן די הגדה. די גאַנצע גאָס איז פול מיט זייערע קולות . . . און ווען עס קומט צו דערלאַנגען פּרעה'ן די צען מכות, וויל איינער דער אַנדערן איבערשרייען. ציטערן אַזש די ווענט . . .

אָבער דער אמת'ער געזאַנג קומט ערשט נאָכ'ן עסן. חברה זיינען שוין גוט פאַרשניאַשקעט, אויפ'ן האַרצן איז פריילעך, זינגט זיך טאַקע.

— ובכן ויהי בחצי הלילה . . . אי, אי — מאַכט מיין פעטער — אין דער הגדה איז אויך דער „קוירפּיו" ביז 12 דעם זייגער. . . . און ווער שמועסט אַז עס קומט צו כי לו נאה, כי לו יאה, אָדער צו חד־גדיא — צולאָזן זיך די חברה מיט אַזאַ ריטם, מיט אַזאַ אימפּעט און התלהבות, אַז די טעלער טאַנצן אַזש מיט, און אפילו די טאַנטע באַשע גיטל פאַרגעסט אַז דער רומאַטיזם דרייט איר, און זי קלאַפּט צו מיט די פיס. . . .

בקיצור, נאָך אַמאָל, אויב איר ווילט הנאה האָבן פון אַ סדר, זאָלט איר קומען צו מיין פעטער גרונם'ס טיש. ניש'קשה, איר מעגט אַריינקומען ניט־געבעטענערהייד . . . ווי אין דער הגדה שטעהט — כל דכפין ייתי ויכול. . . .

# מ׳דאַרף אָפּשאַפן די אַטאָמען

די גאַנצע וועלט ברעכט זיך איצט די מוחות, וואָס צו טאָן מיט דער אַטאָמישער באָמבע. די גרעסטע זשורנאַליסטן, דענקער און פילאָזאָפן גיבן עצות; פּאָליטישנס פליהען פון איין לאַנד אין צווייטן, צו פּאַרגלעטן און פּאַר־לאַטען די צעקנייטשטע, איבערגעריסענע באַציהונגען צווישן פּאָלק און פּאָלק, און ביז היינט האָט נאָך קיין איינער פון זיי ניט אויסגעפונען אַ מיטל וואָס צו טאָן מיט דער אַטאָמישער באָמבע, אַזוי, אַז אַלע זאָלן זיין צופרידן און אויפהערן חושד צו זיין איינע די אַנדערע. היינט, געה ווייס, אַז מיין פעטער גרונם, דער מענטש וואָס האָט אַ „פּעטענט" פאַר אַלצדינג, אַפילו ווי אַזוי „צו מאַכן" געלט . . . האָט אויך אַ „פּעטענט" ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון דער אַטאָמישער באָמבע. . . .

אַזוי שנעל ווי מיין פעטער האָט זיך דערוואוסט פון די צייטונגען, אַז דער סעקרעטערי אָוו סטעיט איז געפלויגן נאָך מאָסקווע, און אַז דאָס האָט צו טאָן מיט דער אַטאָמישער באָמבע, האָט דער פעטער מיך אָפּגערופן אויפ׳ן טעלעפאָן, אַז איך מוז שוין אַריבערקומען צו אים אין הויז, מחמת עס איז זייער וויכטיק. . . .

דערהערט פון מיין פעטער אַזעלכע דיבורים, האָב איך געכאַפּט די פיס אויף די פּלייצעס (דאָס האָב איך געמוזט טאָן, ווייל עס איז מיר געוועזן צו קאַלט צו „וואָקן"...) און הענדום־פּענדום, אָן אַ אָטעם, בין איך אַריינגע־פאַלן צו אים אין שטוב אַריין. . . .

— לאָמיך הערן, פעטער — האָב איך געסאַפּעט ווי אַ גאַנז — וואָס איר האָט, וואָס איז אַזוי וויכטיק?

— ששש — מאַכט מיין פעטער מיט אַ געהיימניספולער מינע, אַרויפ־לייגנדיק אַ פינגער איבער׳ן מויל — ווענט האָבן אויערן. . . . כ׳האָב אַפילו אַרויסגעשיקט די טאַנטע דיינע פון שטוב. . . . ווייסט דאָך, אַ אידענע קאָן נאָך אויספּלאַפּלען. . . . לאָמיר רעדן שטיל. . . .

— פעטער — קוק איך אים אָן אַ צעשראָקענער — עפּעס „עקט" איר מיר היינט מאָדנע . . . איר זיינט, חלילה, ניט באַגאַנגען קיין מאָרד? . . .

— זיי ניט קיין שוטה — פילט זיך מיין פעטער באַליידיגט — איך האָב פאַר דיר אַ וויכטיקן סוד. . . . אַ סוד וואָס איך וויל אַז די גאַנצע וועלט זאָל וויסן דערפון . . .דערפאַר האָב איך געשיקט נאָך דיר, אַז דו זאָלסט עס אַריינ־שטעלן אין די „פּעיפּערס". . . .

## גיט אַ שמייכל

— מילאַ — האָב איך אָפּגעזיפּצט פרייער — לאָמיך הערן אייער סוד, און אויב עס איז וויכטיק, אַזוי ווי איר זאָגט, וועל איך עס אַריינשטעלן אין „פּעיפּער".

— איך האָב אַ „פּעטענט" — מאַכט מיין פעטער מיט אַ וויכטיקער מינע — ווי אַזוי מ'קאָן פּטור ווערן פון דער אַטאָמישער באָמבע. . . .

— טאַקע? — האָב איך אויסגעגלאָצט אויף אים אַ פּאָר אויגן — אדרבא, ווי אַזוי? . . .

— גאַנץ איינפאַך — רעדט מיין פעטער געהיימניספול — מ'דאַרף אָפּשאַפן די אַטאָמען. . . .

— כאַ, כאַ, כאַ, — האָב איך זיך צעלאַכט אַזוי הויך, אַז מיין פעטער האָט זיך דערשראָקן פאַר מיר, — נישט מער און נישט ווייניקער . . . אָפּשאַפן די אַטאָמען און פּטור אַן עסק. . . . אָבער אַ ליאַדע פּאָבליק סקול אינגעלע וועט אייך זאָגן, פעטערל, אַז דאָס איז אומעגליך . . . ווייל יעדע זאַך, מעג עס זיין אַ שטיינדל, אַ גרעזל, אָדער אַ לעבעדיקער וועזן, איז צונויפגעשטעלט פון אַטאָמען, פון ברעקעלעך . . . ניטאָ קיין גאַנצע וועזנס, פון איין שטיק . . . אַלץ באַשטעהט פון מאָלעקולן . . . עלעקטראָנען . . . און אַטאָמען. . . . די מאָלעקולן צוברעקלט מען אויף עלעקטראָנען . . . די עלעקטראָנען אויף אַטאָמען . . . און אַז מען צעשפּאַלט די אַטאָמען . . .

— באַקומט מען אַ באָמבעלע — כאַפּט אויס מיין פעטער און לאָזט מיך ניט ענדיקן — אָבער. למשל כדומה, ווען קיין אַטאָמען זיינען ניטאָ? . . . איז אויס באָמבע. . . .

— אָבער ווי קאָן דאָס זיין? — באַגרייף איך נאָך אַלץ ניט וואָס מיין פעטער מיינט — ווי אַזוי איז דאָס מעגליך? . . .

— פאַרוואָס ניט? — חידוש'ט זיך מיין פעטער — מיר באַגעהען זיך אָן אַ סך אַנדערע זאַכן, וועלן מיר זיך באַגעהן אָן די אַטאָמען אויך. . . . די גאַנצע וועלט, למשל, ווייסט, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי שלום . . . פרידן . . . פונדעסטוועגן מעגסטו דאָס זוכן מיט ליכט, וועסטו דעם שלום ניט געפינען. . . . אַזוי איז מיט די אַטאָמען . . . אַז זיי וועלן ניט זיין, וועלן זיי ניט זיין . . . און קיינער וועט זיך אויף זיי ניט נאָכפרעגן . . . מ'דאַרף ניט קיין ברעקלעך. . . . אַט דאָס איז דאָך די צרה מיט אונזער וועלטל, וואָס זי באַשטעהט פון ברעקלעך . . . ניטאָ קיין גאַנצקייט. . . . ברעקלעך מענטש . . . ברעקלעך נשמה . . . צוברעקלטע מוחות . . . אַ צוברעקלטע וועלט! . . . אַלץ שפּאַלט זיך . . . אַלץ טיילט זיך . . . און יעדער באַזונדער. . . . וואָלט זיך כאָטש איינער געטיילט מיט'ן צווייטן . . . וואָלט פון אַלע טיילכעלעך געוואָרן איין גאַנצקייט . . . און במילא וואָלט שוין געוואָרן איין גאַנצע וועלט. . . . איז אָבער די צרה, וואָס

## מיין פעטער גרונם

אונזערע באגריפן זיינען אויך אטאמישע . . . פּיצינקע . . . קליינליכע . . . און פון אזא צוטיילונג וועט קיין גוטס ניט ארויסקומען . . . קיין שלום זיכער ניט. . . . און איצט פארשטעהסטו מיך שוין? . . . מ׳דארף שאפן א באַוועגונג אַפּצושאפן די אטאָמען! . . . אוים! . . . מיר ווילן ניט! . . . און אַן די אטאָמען וועט שוין במילא ארויסקומען איין גאנצע וועלט . . . פאַר אַלעמען גלייך. . . . הכלל, זיץ נים ווי א באָק . . . לויף און שטעל דאָס אריין אין די „פעיפּערס. . . . זאָל די גאנצע וועלט ווייסן, אז מ׳קאָן זיך באגעהן אָן אטאָמען. א גאנצע וועלט ווילן מיר . . . פונקט ווי דער רבונו של עולם האָט זי באשאפן. . . . און דאמאָלסט וועט זיין שלום! . . .

אָט אזוי האָט מיין פעטער גערעדט, און אַזוי גיב איך אייך דאָס איבער. וואָס מיינט איר, ער האָט ניט רעכט? . . .

# אַ בר מצוה פּאַרדי

דער פּרעזידענט פון „אנשי חולה נופלים אונטערשטיצונג פאראיין״, מיסטער עליע קאַפּוסטע, האָט געפראוועט די בר מצוה פון זיין מוזיניקל, און ווי דער שטייגער איז, האָט ער איינגעלאַדן די מעמבערס פון פאראיין צו דער שמחה, און פונקט ווי אויף צו להכעיס, זיינען זיי אַלע געקומען. . . .

ווער איז דאָרטן ניט געווען? מיין פעטער גרונם מיט דער טאַנטע באַשע ניטל, מיסטער הערינגמאַן דער גראָסער, מיסטער פעטמאַן דער בוטשער, גדליה פלוידערזאַק דער אינשורענס אַגענט, מר. האַלצמאַן דער קוילן דילער, וועלוועל דער אידישיסט, דאָקטאָר פילמאַן דער דאָקטאָר פון פאראיין, און מיסטער גרעבערמאַן דער אנדערטעיקער. . . .

די בר מצוה איז געפראוועט געוואָרן אין א שעהנעם זאַל, וואו א גוטער סאַפּער איז געווען אָנגעגרייט, און אַן אָרקעסטער האָט געשפּילט צום טאַנצן.

— בא מיר — האָט זיך בארימט עליע קאַפּוסטע — מוז אַלעס זיין אויף א גרויסן שטייגער. אז איך מאַך א „פּאַרדי״, מוז מיר קאָסטן געלט. איך קען זיך דאָך ניט פירן אזוי שנאָרעריש ווי מיינע מעמבערס פון פאראיין. . . . צוועיטנס, וויל איך זיי ווייזן, די האַלעדריגעס, ווי אזוי זייער פּרעזידענט פּראַוועט אַ בר מצוה . . . שעהן און אידישלאַך, און זאָלן זיי זיך אָפּלערנען פון מיר.

דער עולם האָט דערוויל געטרונקען משקה, וואָס איז געשטאַנען אָנגעגרייט ביים בופעט, מיט צוביסן, און געטאַנצט צו די קלאַנגען פון דעם דזשעז אָרקעסטער, וועלכער האָט איצט געשפּילט דעם „בוגי־וואוגי״ טאַנץ.

ענדליך איז מען געגאַנגען צום טיש, און נאָך די ערשטע געריכטן האָט

## גיט אַ שמייכל

דער טאָוסטמייסטער, וועלכער איז דאָס מאָל געווען גדליה פלוידערזאַק, דער אינשורענס אַגענט, גערופן דעם עולם צום אָרדער.

— לעידים ענד דזשענטלמען! — האָט ער אָנגעהויבן — אַזוי ווי עליע קאַפּוסטע, אונזער פּרעזידענט, איז היינט דער בעל שמחה, נעם איך איבער די „טשער". אויב איר האָט עפּעס צו זאָגן, זאָגט; אויב איר האָט עפּעס צו געבן, טאָ גיט. . . . באַט פוירסט אַי עם גאָאינג טו קאָל אָן דהי באַר מיצוואה באָי הימסעלף טו דעליווער הים ספּיטש.

אַלע האָבן אַפּלאָדירט ,און דער בר מצוה בחור'ל האָט זיך אויפגעשטעלט „דעליווערן" דעם „ספּיטש".

— דיער פּערענטס — האָט ער אָנגעהויבן —

— אידיש, זאָל ער רעדן, אויף אידיש — האָט אויסגערופן וועלוועל דער אידישיסט.

— בי קווייעט — ענטפערט אים דער טאָוסטמייסטער — וועהער דו יו טהינק יו אַר? אין דהי מיטינג לאָקאַל? . . . יו אַר סיטינג היער ביטווין דזשענטלמען, סאָ ביהעיוו לאַיק עי דזשענטלמען. . . . גאָו אַהעד דזשעיק, ספּיטש. . . .

— אָל־ראַיט — מאַכט דזשעיקי — איך ריידן אידיש. . . .

— מיר זאָל זיין פאַר אים — שיינט עליע קאַפּוסטע פאַר גדולה — ער קאָן, ער קאָן. . . .

— דיער פּערענטס — מאַכט דזשעיקי — לעידים ענד דזשענטלמען — טודעי איך ווער אַ איד, דזשאַסט לאַיק אייברעהעם, אייזיק ענד דזשעיקאָבס. . . .

— הו אַר דהעי? — וויל וויסן מיסטער פּעטמאַן, דער בוטשער — ווהאַט'ס דהעיר ביזנעס? . . .

— קווייעט, דאָנ'ט אינטעררופּט אים — בייזערט זיך דער טאָוסטמייס־טער — גאָ אַהעד, דזשעיקי, פיניש. . . .

— יעס — ענטפערט דזשעיקי — אַי עם אָלמאָסט טהרו . . . ווהער עם אַי? . . . אָ, יעס, אַי נאָו האָו טו „דאַוון", אַי נאָו מאַי רעלידזשאַן, איך אָפּ־היטן שבת, עוורי סאַנדעי . . . איך פאַסטן פּורים, און עסן יום־כיפּור. . . . אַי נאָו היברו, טו . . . יתגדל ויתקדש שמי רבא. . . .

אַלע האָבן געפּאַטשט בראַוואָ, נאָר מער פון אַלעמען האָט אָנגעקוואָלן דער טאַטע אַליין, מיסטער עליע קאַפּוסטע, דער פּרעזידענט פון אידישן פאַראיין.

— אַי טאָלד יו — האָט ער אויסגערופן מיט באַגייסטערונג — איך האָב אייך געזאָגט, אַז ער קאָן. . . . איך האָב אים געלערנט . . . פּלענטי געלט געקאָסט. . . .

איצט האָבן גענומען פליהען פּרעזענטן פון אַלע זייטן. ווער עס האָט

## מיין פעטער גרונם

נעגעבן א טשעק, און ווער עס האָט געגעבן קעש. דעם אָנהויב האָט געמאַכט מיסטער הערינגמאַן, דער גראָסער.

— איך האָב איצט א ביזנעס מיט „פּאָינטס" — האָט ער אָנגעהויבן — וועל איך קומען גלייך צום פּאָינט. מיין ווייב האָט מיר אפילו געהייסן זיין אין דער היים — „איט'ס טשיפּער טו סיט האָום" — האָט זי געזאָגט — אָבער מ'קאָן דאָך קיין חזיר ניט זיין . . . היער איז מאַי טשעק. . . .

נאָכהער האָבן שוין אַלע געגעבן. . . . נאָר דעם איינציג פּראַקטישן פּרע־זענט האָט געגעבן מיסטער גרעבערמאַן, דער אַנדערטעיקער. ער האָט פּרע־זענטירט דעם בר מצוה בחור מיט א טלית.

— ווהען אי גיוו סאמבאַדי עי טאַליס — זאָגט מיסטער גרעבערמאַן — הי רימעינס מאַי קאַסטאָמער פאָרעווער . . . כע־כע־כע. . . .

דערנאָך האָט מען ווידער געגעסן און געטאַנצט די „ראמבאָ". עס זיינען געווען ענטערטעינערס אויך, אָבער קיינער האָט קיין געדולד ניט געהאַט זיי אויסצוהערן. . . . שפּעט ביינאַכט איז זיך דער עולם צוגאַנגען, און ווי דער פּעטער גרונם, וועלכער האָט מיר דערצעהלט די געשיכטע, גיט מיר איבער, איז דאָס געווען אַ העכסט אידישע שמחה, וואָס די מעמבערס וועלן לאַנג געדענקען. . . .

## פּעטער גרונם איז נעלם געוואָרן

עס האָט זיך אַביסל געטומלט לעצטע וואָך אויף דער עווענין . . . דער קיביצער ווינקל איז געגאַנגען כּאָדאָראָם.

וואָס איז די מעשה, פרעגט איר?

מיין פּעטער גרונם איז נעלם געוואָרן . . . פאַרשוואונדן, ווי אין וואַסער אריין. . . .

ווען מ'וואָלט אויסגעפונען אַז ערגעץ אין אַ סטאָר פאַרקויפט מען סיגאַ־רעטס, וואָלט מען ניט אַזוי באַלאַגערט די גאַס, ווי ווען מ'האָט זיך דערוואוסט אַז מיין פּעטער איז ניטאָ אויף זיין קאָרנער. . . .

אָבער לאָמיר אייך דערצעהלן די מעשה כּסדר.

דאָס איז געווען לעצטן זונטאג, ווען די קיביצערס זיינען זיך צוזאַמענ־געקומען אויף דער עווענין און געוואַרט אויף מיין פּעטער. דער טאָג איז גע־ווען זייער אַ שעהנער, די זון האָט געשיינט און געוואַרעמט אַקוראַט ווי זי וואָלט פאַרבלאָנדזשעט אהער פון פלאָרידאַ. אָבער ווער קוקט זיך עס אום אויפ'ן ווע־טער, אויף דער זון, ווען מיין פּעטער גרונם איז ניטאָ? מילא, וואַרט מען. עס

# גיט אַ שמייכל

גנעהט אַוועק אַ שעה, און צוויי, און דריי, און מיין פעטער איז ניטאָ. ווערן שוין די קיביצערס אומרוהיק . . . וואָס קען דאָס זיין וואָס גרונם איז ניטאָ? . . . און וואו ס'גנעהט נאָר פאַרביי אַ איד אין ברילן מיט אַ קורץ געשאָרן בערדל מיינט מען אַ ס'איז מיין פעטער גרונם.

אַוועק אַ האַלבער טאָג אַזוי, און מיין פעטער באַווייזט זיך נים. זיינען שוין די קיביצערס געווען זיכער אַז עפּעס אַן אומגליק האָט, חלילה, פּאַסירט מיט גרונמ'ען, און מ'דאַרף גנעהן אויסגעפינען באַ אים אין הויז, אפשר ליגט ער קראַנק? מ'איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש, איבערהויפּט אַזאַ מאַן ווי גרונם, וואָס פאַרנעמט זיך מיט וועלט־סטראַטעגיע. . . .

אָבער די קיביצערס זיינען נאָך מער איבערראַשט געוואָרן, ווען זיי האָבן אים אין דער היים אויך ניט געטראָפן, און אַז די טאַנטע באַשע גיטל ווייסט אויך ניט וואו ער איז אַהינגעקומען. . . .

— ער איז אַרויס פון הויז שבת־צו־נאַכט — מאַכט זי — און ער איז מער נים אַהיים געקומען. . . .

— האָט ער אייך גאָר ניט געזאָגט וואו ער איז געגאַנגען? — ווייל וויסן איינער פון די קיביצערס.

— ניין — פאַרזיכערט אים די טאַנטע — איר דאַרפט דאָך אים שוין קענען. . . .

— יאָ — ענטפערט דער קיביצער — גרונם איז נאָך אַלץ אַן אָנהענגער פון געהיימער דיפּלאָמאַטיע. . . .

— וואַרט נאָר, וואַרט — דערמאָנט זיך די טאַנטע — אַ טעלעפאָן האָב איך יאָ געהאַט פון אים. . . .

— וואָס־זשע שווייגט איר? — בייזערט זיך דער קיביצער — האָט איר דאָך יאָ געהערט פון אים. וואָס האָט ער געזאָגט?

— ער האָט מיר געזאָגט — מאַכט די טאַנטע — אַז ער ווייסט נים אויב ער וועט די נאַכט אַהיים קומען, ווייל ער האָט אַ וויכטיקן מיטינג מיט די „ביג טהרי". . . . איך זאָל אַזוי וויסן בייז, ווי איך וויים וועמען ער מיינט. . . .

— מיט די „ביג טהרי"? — האָבן די קיביצערס אויסגעגלאָצט די אויגן — שוין, איצט וויסן מיר שוין . . . גרונם מוז איצט זיין באַ דער געהיימער קאָנפערענץ פון רוזוועלט, טשוירטשיל און סטאַלין. . . .

מילא, וואָס זאָל איך לאַנג ברייען? באַלד האָט די גאַנצע עווענוו גע־קאָכט מיט דער נייעס, און מיין פעטער איז שיער ניט געוואָרן אַ לעגענדע נאָך ביים לעבן. . . .

ווילט איר דאָך וויסן דעם סוף? טאָ הערט זשע:

זונטאָג פאַרנאַכט האָט מען מיין פעטער געבראַכט אַהיים אין אַ טעקסי,

## מיין פעטער גרונם

א בלאָסן, א פאַר'חלש'טן, קוים וואָס די נשמה האָט זיך געהאַלטן אין אים.

— וואו ביזטו געווען, און פון וואַנען קומסטו אזוי פאַר'חלש'ט, ווער איז מיר — ברעכט די טאַנטע די הענט.

— פון דער טערקישער באָד — ענטפערט דער פעטער מיט א שוואַכן קול. — חברה האָבן מיר צוגערעדט איך זאָל געהן מיט זיי אין שוויץ, שפּילן א פינאַקל. . . .

— האָסט דאָך אָבער מיר טעלעפאָנירט אז דו האָסט א מיטינג מיט די „ביג טהרי" — פאַרשט די טאַנטע.

— נו — מאַכט דער פעטער — דאָס איז געווען דער מיטינג . . . א פינאַקל אין באָד . . . מיט עליע קאַפּוסטע, דער פּרעזידענט פון דער סאָסייעטי; מיסטער שרייבמאַן, דער סעקרעטאַר; און מיסטער טייסטער, דער טרעזשורער . . . זיי זיינען דאָך די „ביג טהרי" פון די אנשי חולי נופלים. נו, האָבן מיר געכאַפּט פריהער א ביים, געמאַכט א שנעפּסל, דערנאָך האָבן זיי מיך ארויפגענומען אויף דער אויבערשטער באַנק . . . מער האָב איך ניט באַדאַרפט. . . . ווען זיי האָבן מיך אָפּגעמינטערט, איז שוין געווען זונטאָג אין דער פריה. . . . מער געה איך ניט אין באָד אריין . . . אז קיין „פליייצע" האָב איך ניט געהאַט, און קיין פינאַקל אויך ניט געשפּילט, טאָ צו וואָס דאַרף איך די באָד ? . . .

אָבער דאָס, מיינע פריינט, איז נאָך גאָרניט. מיין פעטער שעמט זיך איצט צו ווייזן פאַר די קיביצערס . . . יענע האָבן געמיינט אז ער איז ערגיץ מעבר לים, א גרויסער מענטש. צום סוף, איז ער גאָר ווי א נאַר פון באָד ארוים. . . .

מילא, זאָל זיך אזוי ניט טרעפן, ווי סע טרעפט זיך. . . .

## גיט אַ שמייכל

# כ'האָב אַ קלוגן פעטער

אזוי שנעל ווי מיין פעטער גרונם האָט זיך דערוואוסט פון די צייטונגען, אַז דער זיכערהייטס קאונסיל פון דער „יונא" וועט האָבן אירע זיצונגען, האָט ער באַשלאָסן מיט זיך אַליין, אַז ער מוז דאָרטן זיין . . . און ער האָט דעם דאָזיקן פעסטן באַשלוס מודיע געווען צו זיין ווייב, מיין טאַנטע באַשע־גיטל. . . .

— משוגע מיינע שונאים. — האָט די טאַנטע אויסגעגלאָצט אויף אים אַ פּאָר אויגן — וואָס מיינסטו, מ'וועט זיך דאָרטן ניט קענען „באַדרעהען" אָן דיר? . . .

— דו ביזט געבוירן געוואָרן אַ אידענע — ענטפערט איר מיין פעטער אַ צורייצטער — און דו וועסט שוין שטאַרבן אַ אידענע . . . ווי דער פּסוק זאָגט: כל איש למיניהו . . . מאַכט רש"י — „עי וואומען איז אַלוועיז עי וואומען". . . . דו פאַרגעסט, אַז איך בין דער גרעסטער פּאָליטישן פון דער עווענױ . . . און אַז איך וועל ניט אָפּגעבן קיין פּערזענליכן באַריכט פון די „יונא" זיצונגען, וועל איך מיין פּנים ניט קענען ווייזן פאַר די קיביצערס אויף דער עווענױ. . . . אַ חוץ דעם, האָב איך פּיינט צו גלויבן די „פּעיפּערס" אויפ'ן וואָרט . . . ווי דער פּסוק זאָגט: וירא אלהים את האור כי טוב . . . מאַכט רש"י — „סיאינג איז בעליווינג". . . . באַשע־גיטל, איך פאָר צו דער „יונא" (יונייטעד ניישאנס אַסעמבלי). . . .

— קאַרג יוניעס זיינען דאָ אין באָסטאָן? — בעט זיך באַ אים די טאַנטע.

— וואָס דו מוזט פאָרן צו דער „יוניע" פון די בראָנקס? . . . וועסט דאָך דאָרטן פאַרפאַלן ווערן. . . .

— פאַרלאָז זיך אויף מיר — פאַרזיכערט איר דער פעטער — איך ווייס וואו אַ טיר עפנט זיך . . . און אַ חוץ דעם, איז די בראָנקס אַ אידישע שטאָט, פרעהליך ווי אויף דער עווענױ, נאָר אַ סך טומלדיקער. . . . און אויב עס איז באַשערט אַז אין דער אידישער בראָנקס זאָל פּראָקלאַמירט ווערן דער אייביקער פרידן, וועט עס זיין ווי דער פּסוק זאָגט: שלום על ישראל . . . מאַכט רש"י, „איט'ס קוואַיעט אין דהי בראָנקס". . . .

בקיצור, מיין פעטער האָט אַביסל אָרומגעטרימט זיין בערדל, אָנגעטאָן די שבת'דיקע קאַפּאָטע. געקויפט זיך אַ נייע יאַרמולקע. און איז אַוועקגעפאָרן אין די בראָנקס. . . .

גראָד איז מיין פעטער אָנגעקומען צו דער געביידע פון דער „יונא" אין די בראָנקס אַ שטונדע איידער מ'האָט געזאָלט אויפנעמען די פראַגע וועגן איראַן . . . און ווען די רעפּאָרטערס האָבן דערזעהן מיין פעטער מיט זיין שפּיציקער בערדל, אין דער שבת'דיקער קאַפּאָטע, מיט דער יאַרמולקע אויפ'ן

## מיין פעטער גרונם

קאָפּ, האָבן זיי זיך גלייך אָנגעשטויסן ווער ער מוז זיין. . . . זיי האָבן אים ארומגערינגלט פון אלע זייטן, און אים באגריסט:

— הוסעין אללא? . . .

— גרונם באבא! — האָט מיין פעטער זיי געענטפערט.

איצט זיינען שוין די רעפּאָרטערס געווען מער ווי זיכער אז מיין פעטער איז ניט קיין אנדערער ווי דער דעלעגאט פון איראן צו דער „יונא" קאָנפערענץ. און זיי האָבן אים גענומען פּאררוואַרפן מיט פראגען.

— וואָס הערט זיך אין איראַן? — האָבן זיי געוואָלט וויסן.

— עס הערט זיך א גערוך פון אויל. . . . — האָט מיין פעטער זיי געענטפערט מיט א געהיימניספולער מינע.

— קלוג געזאָגט, אייער עקסעלענץ! — האָט אויסגערופן מיט באגייסטערונג א רעפּאָרטער פון איינער פון די גרויסע ענגלישע צייטונגען — מעג איך איבערגעבן אייער סטעיטמענט צו דער וועלט? . . . איך וועל גלייך טעלעפאָנירן צו מיין צייטונג, און זי וועט פּיטשורן אייער סטעיטמענט אויף דער ערשטער פּעידזש. . . .

— און וואָס באשטעהט דער סכסוך צווישן איראַן און רוסלאַנד? — האָט א צווייטער רעפּאָרטער געוואָלט וויסן.

— אין באָרשט — האָט מיין פעטער געענטפערט, ווייסנדיק אז ער נעמט די רעפּאָרטערס אויף דער העצקע, — ווי לאַיק באָרשט . . . באט ראַשיא וואָנט אויל . . . ענד באָרשט וויטה אויל דאָנט מיקס. . . .

— כאַ־כאַ־כאַ — האָבן די רעפּאָרטערס געלאַכט — מיט אזא פּארטרעטער ווי אייער עקסעלענץ וועט איראַן זיכער געווינען איר קעיס אַנטקעגן רוסלאַנד. . . . אויב אייער עקסעלענץ וויל אזוי גוט זיין און פּאָזירן פאר אונזערע קאַמעראַס וועלן מיר נעמען אייער בילד.

די רעפּאָרטערס האָבן אָנגעשטעלט זייערע קאַמעראַס אויף מיין פעטער. די פלעשלאַיטס זייערע האָבן אויפגעלויכטן אין די קאָרידאָרן פון דער „יונא" געביידע, וועלכע געפינט זיך אין האַנטער קאַלעדזש, און אויב איר וועט די טעג זעהן א בילד פון איראַנ'ס פּארטרעטער אין די צייטונגען, זאָלט איר וויסן אז דאָס בילד איז ניט פון קיין אַנדערן ווי מיין פעטער גרונם. . . .

אבי מיין טאַנטע באַשע־גיטל האָט מורא געהאַט, אז דער פעטער וועט פּארפאַלן ווערן אין די בראָנקס. . . . אָבער ווי האָט מיין פעטער פאַרזיכערט דער טאַנטע? — זאָל נאָר — מאַכט ער — דער שלום אזוי צוריק־קומען ווי איך וועל זיכער צוריק־קומען! . . .

איך ווייס ניט וואָס איר דענקט פון מיין פעטער, אָבער איך בין שטאָלץ מיט אים. קיין געלט האָב איך ניט, אָבער א קלוגן פעטער האָב איך. . . .

## גיט אַ שמייכל

# ער שמעקט מצות אַפ'ן זינגער מאַשין

ווען איר זאָלט היינט אריינקומען צו מיין פעטער גרונם אין שטוב, וואָלט איר געמיינט אז איר געפינט זיך צוריק אין דער אַלטער היים, אין דער היימישער „פעקאַרניע", אין דער בעקעריי, הייסט עס, וואו מען באַקט די פסח'דיקע מצות.

וואָס, איז, פרעגט איר, עס פעהלט אין אַמעריקע פאַרטיקע מצות?

איז דער תירוץ: עבדים היינו . . . מיר זיינען פאַרקויפט צו די ווייבער. . . . די „ליידיס אקזילערי" פון דער חברה „אנשי חולי נופלים" האָט באַשלאָסן: אַזוי ווי זיי דאַרפן אויסטיילן עטליכע הונדערט פונט מצות פאַר מעות חיטים, וועלן זיי באַקן זייערע אייגענע מצות, און די טאַנטע באַשע־גיטל האָט „וואָלונ־טירט" צו געבן די שטוב אירע, מ'זאָל באַ איר באַקן די מצות. . . .

וויפיל דער פעטער האָט ניט איינגע'טענה'ט מיט איר, אַז פאַרטיקע מצות קאָסט ביליגער, אַז איידער זי וועט אין געז־רענדזש אויסבאַקן אַ פונט מצות וועט שוין זיין נאָכ'ן סדר — פאַרפאַלן! . . .

— זי וועט איר וואָרט ניט ברעכן — האָט זי געזאָגט. — מער פעהלט איר ניט ווי אריינצופאַלן צו די ווייבער אין מויל אריין . . . „ספעשל" די פרע־זידענטקע, גנענדל קאַפּוסטע. . . . יענע האָט אַ מויל אויף שרויפן. . . . און וואָס פעהלט די אַנדערע ווייבער? . . . טאָמער „בעקט" זי אויס, וועט זי דאָך אירע אויגן ניט קענען ווייזן צום נעקסטן „ברידזש". . . .

מילא, נאָך אַזעלכע טענות האָט זיך דער פעטער אונטערגעגעבן און גע־האָלפן דער טאַנטע צוגרייטן די שטוב אויף צום באַקן.

דעם דיינינג־רום סעט האָט מען ארונטערגעטראָגן אין קעלער, דעם פאַר־לאָר סעט האָט מען ווי עס איז אריינגעקוועטשט אין בעד־רום, און די פּיאַנאָ, וואָס האָט שוין אונטערגעהונקען אויף אַ פוס, האָט מען אריינגעשטופט אין דער „פּענטרי". . . .

מיסטער העריינגמאַן, דער גראָסער, האָט ארויפגעבראַכט אַ האַלבן דאָזן ליידיקע באַרלס, און מיסטער האַלצמאַן, דער קאַרפּענטער, האָט „דאָנעיטעד" לאַנגע, פריש־געהובלטע ברעטער, וועלכע מ'האָט אויסגעלייגט אויף די באַרלס, און אַלס צוליינ האָט ער נאָך אויסגעשניצט אַ דאָזן וואַלגער־העלצער פאַר די ווייבער. . . .

מיסטער ביינגלמאַן, דער בעקער, האָט „דאָנעיטעד" אַ זאַק פסח'דיקע מעהל, און האָט זיך אונטערגענומען צו „זעצן" די מצות אין אויוון. און מיסטער פלווידערזאַק, דער אינשורענס אגענט, האָט „געפּראָמעסט", אַז ער וועט פאַר־מישן די טייג: „ליוו איט טו מי" — האָט ער געזאָגט — „אי עם עי גוד מיקסער". . . .

# מיין פעטער גרונם

בלויז מיסטער גרעבערמאַן, דער אנדערטעיקער, איז געווען „סארי", וואָס ער קאָן מיט גאָרניט העלפן. . . . ער האָט אָבער פאַרזיכערט די לײַדים, אַז טאָמער וועט זיך עמיצער דערווערגן מיט זייערע מצות, וועט ער אים מאַכן אַן אומזיסטע לויה. . . .

מיסטער עליע קאַפּוסטע האָט זיך גענומען דעם כבוד פון שניידן די מיירעם — אויסטיילן, הייסט עס, די טייגלאַך צו די ווייבער אויף צום וועלגערן. עפּעס איז ער דאָך פאַרט דער פּרעזידענט פון די „אנשי חולי נופלים". . . .

און איצט האָבן זיך די ווייבער גענומען צום וועלגערן די מצות.

מיסעס הערינגמאַן, דעם גראָסער'ס ווייב, האָט געוואָלט וויסן, אויב זי קען אויסבאַקן פאַר זיך עטליכע מצות אָנגעפּילט מיט „צאַפּט הערינג".

— עס קומט צום סדר — זאָגט זי — געהט איר אוים דאָס חיות נאָך אַ שטיקעלע הערינג . . . אָבער הערינג איז חמצ'דיק. אָבער וויבאַלד די הערינג וועט זיין איינגעקנאָטן אין די פּסח'דיקע מצות, איז דאָך די הערינג אויך פּסח'דיק. . . .

נאָר אַז עס איז געקומען צום זעצן די מצות אין אויוון, האָט מען זיך געכאַפּט, אַז די מצות זיינען ניט גערעדלט און זיי בלעזלען זיך . . . און אין גאַנצן שטאָט האָט מען ניט געקאָנט געפינען אַזאַ מאַשינקעלע וואָס רעדלט מצות. און ווען ניט מיין פעטער גרונם מיט זיין געניאַלן קאָפּ, וואָלט די גאַנצע אַרבעט געווען אַרויסגעוואָרפן.

— לאָזט מיך — האָט ער געזאָגט — איך וועל אייך אָפּשטעפּן די מצות אויף דער זינגער מאַשין . . . בלויז מיט דער נאָדל, אָן פאָדעם. . . .

און עס איז אַוועק אַ גאַנג. . . . איצט זיצט מיין פעטער גרונם ביים זינגער מאַשין, שטעפּט די מצות, און מאַכט די ווייבער צום שוויצן. . . .

— האַרי־אַפּ! — שרייט ער צו זיי — גיט צו דער האַנט. . . .

אויב איר האָט היינט צייט, כאַפּט זיך אַריין צו מיין פעטער גרונם, איר קאָנט אים נאָך איצט טרעפן בא דער אַרבעט. . . .

# איך בין מוחל

לשנה טובה ווינש איך אַלע,
סאַי די שונאים, סאַי די פריינט;
איך פרעג אַצינד ניט קיין שאלה,
ווער מען האָבן ליב, צי פיינט.

איצט, ווען אַ פיש אין וואַסער
ווערט פאַר מורא געל און גרין,
צאָל איך מיינע שונאים מעשר,
כ׳בין מיט זיי לפנים הדין . . .

איך טראָג אפילו ניט קיין צאָרן
אויף די מלוים אָהן אַ שיעור,
וואָס פלעגן מיר דערגעהן די יאָרן,
מער ניט וועלען באַרגען מיר . . .

אויך מיין ווייבעל בין איך מוחל,
וואָס זי פלעגט מאָנען אַ שוך, אַ קלייד;
ווען זי וואָלט געהאַט מער שכל,
וואָלט זי ניט געמאָנט — אומזיסטערהייד . . .

איך נעם אַריין שוין אויך אין צעטל
יענע ווייבער, וועה איז מיר,
וואָס יעדן טאָג אַ ניי על חטא׳ל
זיי טוען אָפּ, נאָר ניט מיט מיר . . .

טאָ איילט זיך צו מיט מיין מחילה,
אַלע שונאים וואו איר זיינט,
ווייל אויף מאָרגען, באַלד נאָך נעילה,
וועל איך אייך ווידער האָבן פיינט! . . .

# היים־וועה

כ'האָב באַרייזט שוין פּיעלע לענדער,
פּיעלע ימ'ען דורכגעשניטן,
און אין יעדען לאַנד באַזונדער,
פרייד און פּיין אַדורכגעליטן. . . .

כ'בין פון וואַנדער־לוסט געטריבן,
קיינמאָל אויף איין אָרט געזעסן,
דאָך אַ היים איז מיר פאַרבליבן,
וואָס קיינמאָל וועל איך פאַרגעסן.

אַז דאָרט בענקט נאָך מיר אַ מאַמע,
אַלט פון צרות, קראַנק געבויגן;
בענקט און וואַרט, און האָפט מסתמא
מיך צו זעהן פאַר אירע אויגן.

מעגען וועלטען חרוב ווערן,
און מיין גליק — מיט זיי צוזאַמען . . .
קיינמאָל וועט מיין האַרץ אויפהערן
בענקען נאָך מיין היים און מאַמען.

## די באַדייטונג פון פורים

עס איז ערב פורים, מיינע ליבע לייט,
וועל איך אייך פאַרטייטשן
וואָס פורים באַדייט
אין דער איצטיגער צייט.

איך וועל פאַר אייך לייענען די מגילה,
אַריינלייגן אין איר אַ נייעם פשט אַפילו.
ס'הייסט, גאַנץ ניי איז ניט דער פשט,
ס'איז אַ רמז אויף דער איצטיקער צייט,
וואָס האָט נאָך גרעסערע המנ'ס געהאַט
ווי ווען עס איז אין אונזער געשיכטע.
אוי, קען מען אָנשרייבן מגילה'ס געדיכטע,
פון די היינטיקע המנ'ס,
פרשנדתא'ס און ויזתא'ס,
אַז וויפיל מ'זאָל ניט שרייבן און מעקן,
קען דאָס אויף גאַנצע דורות קלעקן.

איר מיינט אַז מען דאַרף
פאַרקריכן
און זוכן
די המנ'ס אין אונזער אַלטער מגילה?
חלילה . . .

איר טרעפט זיי אין אונזערע צייטן
צווישן די גרעסטע דיפּלאָמאַטן . . .
אַט די דאָזיקע יאַטן
קאָנען אונז מער שאַטן
ווי דער אַמאָליגער המן בן המדתא;
ווארים ערגער פון אַ המן
איז אַ דיפּלאָמאַט — אַ ויזתא . . .

איר מיינט אַז איך זאָג דאָס
פון מיין קאָפּ דעם שעהנעם? . . .
דאָס האָב איך געהערט
פון מיין פעטער גרונם. . . .

ער האָט פאַר מיר געלייענט זיינס אַ מגילה,
וואָס ווען איך זאָל זיין מיט צען קעפּ אפילו,
וואָלט איך דאָס ניט אויסגעקלערט.
אדרבה, הערט:

„ויהי — הויבט אָן מיין פעטער
מיט אַ קול נגינה
און אַ קלוגער מינע, —
ס׳איז אַמאָל געווען אַ מדינה,
וואָס האָט פיינט געהאַט גרינע
בתכלית השנאה.

האָט זי גענומען קלערן
ווי אַזוי פּטור צו ווערן
פון די „נידעריקע ראַסן",
וואָס זי טוט אַזוי האַסן. . . .

נו, האָט זי קודם אויסגעקליבן
אַ מלך טיפּוש, אַ אידיאָט,
און געזאָגט, אַז ער איז אַ גאָט . . .
און ווייבאַלד אַ גאָט,
קומט אים די וועלט. . . .
יאָ, יאָ, אַזאַ פאָדערונג
האָט ער געשטעלט —

ער וויל די גאַנצע ערד . . .
אויב ניט מיט גוטן,
איז מיט׳ן שווערד. . . .
און אַז מען זאָגט שוין אלף, בית,
זאָגט מען גימל . . .
ער וויל אויך פאַר-איין-ווענס
דעם הימל. . . .

האָט די וועלט געלאַכט,
פון אים חוזק געמאַכט,
און זיך געטראַכט:
אַזאַ אידיאָט!
ער מיינט טאַקע,
אַז ער איז גאָט. . . .

אויסקומען מיט אים
וועט זיין שווערליך,
נאָר — ניט געפעהרליך . . .
זאָל ער זיך שפּילן אין פערדלאך,
זאָל ער שמידן די שווערדלאך,
זאָל ער מושטירן אַרמייען —
ס'וועט גאָרניט געשעהן. . . .
מילא, וואָס ווייטער איז געווען,
ווייסט איר דאָך אַליין . . .

דער האַלבער גאָט
און גאַנצער אידיאָט
האָט דורך פייער און שווערד
שיעור אומגעבראַכט די ערד.

עס איז אמת,
אַז ער אַליין איז אומגעקומען
פונקט ווי יעדער המן,
אָבער די ויזתא'ס
האָט ער ניט מיטגענומען . . .
זיי זיצן נאָך אין דיפּלאָמאַטישע קאַבינעטן,
און ווילן ניט אָפּטרעטן. . . .

דערפאַר זאָג איך אייך,
מיינע דאַמען און הערן,
אָפּגעהיט זאָל מען ווערן,
ניט אַזוי פון אַ המן בן המדתא,
ווי פון אַ דיפּלאָמאַט — ויזתא . . .

וואַרים דאָס זיינען די דיפּלאָמאַטן,
מיט זייערע כיטרע טהאַטן,
וואָס ברענגען אַרוים די המנ׳ס
אין אַלע צייטן. . . .

און איצט, אַז איר ווייסט שוין,
מיינע ליבע לייט,
וואָס היינטיקער פּורים באַדייט,
לאָמיר האָפן, אַז ס׳וועט קומען אַ צייט,
וואָס די וועלט וועט ווערן באַפרייט
פון אַלע „וואוילע״ יונגעלייט. . . .

איאָ, דאָס וואָלט געווען שעהן? . . .
זאָגט זשע: הלואי, אָמן! . . .״

האָט מיר אַ פרעהליכן פּורים.

# קאָרטן

קאָרטן . . . קאָרטן . . .

דער „ספּאָרט״ פון אַלע ספּאָרטן . . .
אין די היימען — דאָ און דאָרטן
שפּילט מען געימס פון אַלע סאָרטן —

קאָרטן . . . קאָרטן . . .

ס׳איז אַ שׂרפה — אַ מגפה,
וואָס ניטאָ צו דעם קיין רופא . . .
אַ חולאת — פון ערשטן קלאַס,
וואָס טרייבט צו כעס און משוגעת . . .

קאָרטן . . . קאָרטן . . .

וואו מ׳געהט און וואו מ׳שטעהט,
סאַי יונג, סאַי אַלט,
כאַטש שריי געוואַלט
„דילט״ מען באַלד —

קאָרטן . . . קאָרטן . . .

מענער, ווייבער — אַלע שפּילן . . .
טאָג און נאַכט מ׳האַלט אין „דילן״ . . .
אויף די ביינק און אויף די טישן,
האַלט מען שטענדיק אין איין מישן —

קאָרטן . . . קאָרטן . . .

פון דער זון, ווער דאַרף געניסן? . . .
און דעם זייגער, ווער וויל וויסן? . . .
נאָך ניט צוקייעט דעם לעצטן ביסן
פון דער טשיקן, פון דעם פערטל,
זוכט מען שוין אַן ערטל
פאַר אַ קערטל . . .

קאָרטן . . . קאָרטן . . .

פון זונטאג פרי
ביז נעקסטן שבת,
שפּילן מאַמעס,
שפּילן באָבעס . . .

קאָרטן . . . קאָרטן . . .

ניטאָ קיין צייט זיך צו פּאַרקעמען . . .
פון הונגער נעמט דאָס הארץ שוין קלעמען . . .
נאָר ווען אַרט עס — ווען? . . .
מ'דאַרף אַ „פּאַט" אויסנעמען . . .

קאָרטן . . . קאָרטן . . .

פאַלן דאַלערם ווי די פליגן,
וויינען קינדער אין די וויגן,
מאַן און ווייב נעמען זיך קריגן,
אָבער ווער וועט זיגן? . . .

קאָרטן . . . קאָרטן . . .

אַלע „דילן" . . .
אַלע שפּילן . . .
און געווינען
אַלע ווילן . . .

יעדער „דאַמי"
שפּילט אַ „ראַמי",
יעדער הויקער
האַקט דעם „פּויקער" . . .

שפּילט מען „האַי"
שפּילט מען „שאַי"
ס'האַלט ביים גט'ן? . . .
אַלץ כדאַי . . .

קאָרטן . . . קאָרטן . . .

קען דער מאַן ניט מער סופאַרטן,
זוכט דאָס ווייב אַ יאַלד אויף דאַרטן . . .
יענעם ווילט זיך
און זי שפּילט זיך
אַבי סע „דילט" זיך . . .

קאָרטן . . . קאָרטן . . .

וואָס מיר עסן, וואָס מיר שלאָפן . . .
פון רויך, די אויגן אויפגעלאָפן . . .
ס'העלפט קיין ריידן,
ס'העלפט קיין שטראָפן,
מע'דאַרף אַ געים . . .
אַ געים אויסבלאָפן . . .

קאָרטן . . . קאָרטן . . .

סאַי אין זומער, סאַי אין ווינטער,
דער סעזאָן גייט קיינמאָל ניט אונטער . . .
ניטאָ קיין „סלעק" און קיין „דעפּרעשאָן",
אַבי איר האָט נאָר געלט צום „קעשן" . . .

## קאַרטן . . . קאַרטן . . .

ביטאָג, ביינאַכט . . .
מען זיצט פאַרשמאַכט,
ניט דאָ געדאַכט . . .
אַבי מע׳מאַכט
אַ פויקער . . .
ויהי ערב, ויהי בוקר . . .
שפילט מען פויקער . . .
געימס פון אלע סאָרטן,
אַז ברענען זאָלן דאָרטן —
די קאָרטן! . . .

# אַ בריוועלע דער מאַמען

## לכבוד „מאַדער׳ס דעי״

טייערע מאַמע!
אַ יאָר צייט איז פאַרביי
זינט איך האָב דיר געשריבן
מיין לעצטן בריוול.
(האָב ניט אויף מיר קיין פאַראיבל).
און איך שטעל זיך פאָר,
אַז דיינע זילבער־גרויע האָר
זיינען נאָך ווייסער געוואָרן
מיט דעם לאַסט פון די יאָרן
און מאַמע׳שן צער און צאָרן . . .
נאָר דעם גלאַנץ פון מוטה
האָבן זיי ניט פאַרלאָרן . . .
דאַרויף ביזטו דאָך אַ מאַמע . . .
און אַזוי זיינען אַלע מאַמעס מסתמא. . . .

דו ווילסט דאָך אודאי וויסן
אויב מיין סיידי לאָזט דיר גריסן;
אויב די קינדער מיינע, צוויי,
ווייסן אַז היינט איז —
„מאַדער׳ס דעי״ . . .

קען איך דיר שרייבן מיט גרויס פרייד,
אַז איך האָב סיידי׳ן געקויפט אַ ניי קלייד . . .
און מיין סעמעלע
(אַ נאָמען נאָכ׳ן זיידן),
און פרענצים׳ל
(אַ לעבן אויף זייביידן),
האָבן געשיקט מיין סיידי׳ן בלומען . . .
(זאָל איר וואויל באַקומען) . . .
זי איז דאָך אַ מאַמע,
ניט אַזוי? . . .
און היינט איז „מאַדער׳ס דעי״. . . .

היינט האָסטו שוין געמעגט זעהן די „פּאַדי״,
וואָס מיין פרענצים׳ל האָט געמאַכט פאַר איר „באַדי״ . . .
ער דינט בא אַנקל סעם׳ן אַצינד . . .
אויך אַ מאַמע׳ס אַ קינד . . .
באַלד וועט ער אַוועק איבער ים׳ען . . .
ווייט פון טאַטע-מאַמען . . .
מיין פרענצים׳ל וויינט . . .
ער זאָל זיך כאָטש ניט זאַמען. . . .

וועה איז מיר און ווינד!
פרענצים׳ל איז דאָך נאָך אַליין אַ קינד . . .
ווי לאַנג צוריק האָסטו איר געזעהן? . . .
נאָך קיין דריי יאָר ניטאָ אין דעם . . .
און איצט האָט זי שוין אַ „באָי-פרענד״. . . .
סיידי האָט מיט איר פולע הענט . . .
וואָרים יענער פאַרספּענדט
וואו נאָר אַ סענט . . .
איר „באָי-פרענד״ איז אַ ספּאָרט . . .
„לאַיף — זאָגט ער — איז שאָרט״ . . .

נו, וואָס זאָגסטו ניט צו אַזאַ שנעק,
וואָס איז ערשט דינען אַוועק? . . .
ער איז קוים אַכצן;
מיין פרענצים — נאָך אינגער . . . .
(מיין סיידי ברעכט זיך טאַקע די פינגער) . . .
און איך — דער טאַטע —
שטופּ אונטער די קלינגער. . . .

און וואָס, מיינסטו, איז מיט מיין סעם׳ען? . . .
דו ביזט מיין מאַמע,
פאַר דיר דאַרף איך זיך ניט שעמען . . .
ער שלעפּט זיך שוין אויך אַרום מיט מוידן . . .
ווער ווייסט?
אפשר האָט ער דאָס גע׳ירשנ׳ט פון דעם זיידן? . . .
ער וויל זיך שוין אויך „אַנשליסן״ . . .
אָבער ניט — זאָגט ער — צום שיסן . . .

ער וויל גאַר פליהען. . . .
נו, וואָס קען איך טאָן ? . . .
און מיין סיידי געהט אַרום און וויינט . . .
וואָס דען האָסטו געמיינט ? . . .)
זי איז דאָך אַ מאַמע . . .
וויינט זי ניט אומזיסט מסתּמא. . . .

ווייטער קאָן איך דיר שרייבן,
(צווישן אונז זאָל דאָס בלייבן).
אַז ביזנעס איז איצט ניט אָם בעסטן . . .
כאָטש איך האָב איצט דעם סעיל דעם גרעסטן. . . .
דער עולם סטרייקט . . .
מען וויל ניט קויפן . . .
און די הוצאות לויפן . . .
כ'האָב ערשט געקויפט מיין סיידי'ן אַ נייעם ביואיק . . .
איצט וועל איך קאָנען שלאָפן רואיג. . . .
יענע האָט געריסן פון מיר שטיקער . . .
איך זאָל איר קויפן דעם נייעם „פליקער”. . . .
אָט אַזוי ווי דו זעהסט, ליבע מוטער,
האָב איך צרות אויף צרות . . .
ניט צו ווערן פּטור. . . .

איך דענק, אַז איך האָב דיר
שוין אַלץ אויסגעשריבן . . .
ס'איז מער גאַר ניט
פאַרבליבן . . .
וועל איך ענדיקן מיין שרייבן אַצינד . . .
לאָז מיר וויסן ווי דו פילסט און געזונט . . .
צי דו האָסט דערהאַלטן
מיין „מאַדער'ס דעי” קאַרט . . .
דאָרטן זאָגט זיך אַזוי שעהן
און צאַרט,
אַז איך האָב די בעסטע מאַמע אויף דער וועלט . . .
וואָס מען קאָן ניט קויפן פאַר קיין געלט. . . .
מיין סיידי לאָזט דיר גריסן . . .
און די קינדער שיקן זייערע קושן . . .
פון מיר דיין געטרייער זוהן. . . .

# עס האָט מיך די צייט...

(פראגמענט)

עס האָט מיך די „צייט" ווי מיט כישוף באַצוואונגען,
איך גער ווי פאַר׳חלומ׳ט אַרום אויף דער וועלט;
די צייט האָט מיין גייסט, מיין נשמה פאַרשלונגען,
מיר קיין זאַך געגעבען, פון דעם וואָס מיר פעלט....

אין שטויב ליגען איצט יענע גליהענדע פונקען,
פון אַלע חלומות וואָס איך האָב געשמידט...
איך בין אין דעם שטראָם פון דער „צייט" טיעף געזונקען,
און פאַרלאָשן איז אַלץ וואָס אין מיר האָט געגליט....

איך קען פון דער „צייט" ניט דערהויבן זיך „העכער",
כ׳זינק אין אַן אָפּגרונד צוזאַמען מיט איר...
מיר טרינקען צוזאַמען איין גיפטיקן בעכער,
און אָפט דוכט מיר, לייד איך נאָך מערער פאַר איר....

# דער אייביקער איד פאַר דער יו־ען אַסעמבלי

( דראַמאַטישע פּאָעמע )

דאָס רעדט צו אייך
דער אייביקער איד,
דער וואָס מען רופט
אין איין לאַנד — דזשו,
אין אַ צווייטן — זשיד, . . .
אין אַ דריטן היים איך —
פאַרפלוכטער יודע!
אין אַ פערטן — לאַ זשוויוו. . . .

נאָר וואָס איז דער חילוק?
דאָס גיט אייך נאָר אַ באַגריף
ווי שטאַרק מ׳האָט מיך פיינט,
און ווי טיף . . .
אַז מיין נאָמען ווערט דערמאָנט מיט שפּאָט,
פון יעדן כוליגאַן, היפּאָקריט און אידיאָט . . .
און וויסן ווייסט נאָר איין גאָט,
וואָס דער מאָרגן פאַר מיר האָט.

נו, איר דערקענט מיך נאָך אַלץ ניט? . . .

דאָס בין איך דער אייביקער איד,
וואָס האָט אייך געגעבן אַ גאָט,
און די צען געבאָט,
און גלויבט מיר, איך האָב געהאַט
צו זינגען און צו זאָגן,
צו וויינען און צו קלאָגן,
פאַר דעם שמע ישראל ד׳ אחד!
איינגעוויקלט אין טלית און תפילין,
פלעג איך שפּרינגען אין פלאַמען, כדי איינצושטילן
דעם דורשט נאָך בלוט פון דעם המון,
וואָס פלעגט זיך צוזאַמענלויפן

מיך צו זעהן ברענען
אויפ'ן שייטער-הויפן. . . .

איר געדענקט אין שפאניע
ווי דער המון האט געטאנצט
אין ווילדן עקסטאז
מיט אויגן פארגלאצט
צום געטליכן זוהן
אויפ'ן צלם געקרייצט
ווען איך האב געברענט
און מיין בלוט האט געפלייצט? . . .

איך וויל ניט איבער'חזר'ן מיין גאנצע געשיכטע,
פון גלות פארבלוטיקטע בלעטער געדיכטע,
איר ווייסט דאס אליין
און איר קאנט ניט אפמעקן,
מיין בלוט פון דער רוט,
וועלכע האט נאך די פלעקן . . .
צי קאן דאס נאך אלץ
אייער געוויסן ניט וועקן?

נו, האט ניט קיין מורא,
איר דארפט זיך ניט שרעקן,
וואס איך קום איצט מאנען
מיין שאדן צו דעקן,
אייער גאנצע עשירות
קאן דוכט זיך ניט קלעקן. . . .
פארגאנגענע זינד בין איך גרייט אייך פארגעבן,
כדי אנצוהויבן א ניי פרייען לעבן,

נאר זאגט ווי אזוי,
און אין וואס פאר א שטאנד,
א פאלק אן א היים,
א פאלק אן א לאנד? . . .
איר האט מיט גאט'ס ווילן

צי אפשר אומגערן
דאָס לאַנד פון די אבות
געזאָלט מיר אומקערן;

געדענקט איר דעם צוזאָג,
צו מיר און מיין נאַציע?...
וואָס? אַזוי שנעל פאַרגעסן
די באַלפור דעקלאַראַציע?...
ווי לאַנג צוריק איז דאָס דוכט זיך געוועזן,
ווען איך האָב געמיינט אַז מיין פאָלק ווערט גענעזן?...
אַ לוסט איז אין מיר אין מיין בלוט אויפגעגאַנגען,
צו פאָרן אַהיים האָט די הערצער געפאַנגען

פון טויזנטער אידן, מיט הייסע פאַרלאַנגען,
צו אַקערן, זייען, און שניידן די זאַנגען,
אויף אייגענער ערד
און פאַרנעמען די קלאַנגען
פון מיינע פיאָנערן,
ווען פריי פון אחריות
פלעגן זינגען פאַרביינקטע —
„מי יבנה הבית".

(אין הינטערגרונד הערן זיך שטימען פון חלוצים זינגענדיג)

מי יבנה, יבנה הבית בתל-אביב?
אַנחנו החלוצים נבנה את תל-אַביב;
הבו חומר ולבנים ונבנה את תל-אַביב.

דער אייביקער איד (רעדט ווייטער):

וואָס פאַר אַ הערליכע צייט
ס'איז פאַר מיר דאָן געוועזן,
דאָס ווייסט איר אַליין,
איר'ט געזעהן, און געלעזן,
ווי איך האָב מיט פיבער
דאָס לאַנד מיר געבויט,
און פון אייגענעם גאָרטן
געגעסן מיין ברויט.

דער קלאַנג פון דעם טראַקטאָר
האָט פאַרקלונגען די לופט,
און פון גלות די קינדער
געוועקט און גערופט.

(עס הערט זיך ווידער חלוצים געזאַנג)

נעלה לארצינו ברינה
נעלה לארצינו ברינה, א. אז. וו.

נאָר איידער איך האָב נאָך אויפזאַמלען געקענט,
די רעשטלעך פון אידן פון דעם אָקסידענט,
צוריק פון דעם גלות, אַהיים אין אָריענט,
האָט אַ פייער פאַרשפּרייט זיך וואָס האָט שיער פאַרלענדט
אַ העלפט פון מיין אומה דורך פייער און שווערד,
און וואו נאָר אַ אידישן ישוב — צושטערט.
איך וויל ניט דערמאָנען אייך ווידער די גרוילן,
פון אידישן חורבן אין דייטשלאַנד, אין פוילן,

צי האָב איך דען ווערטער פאַר די גרויזאַמע טאַטן,
פון אויסלעשן לעבנס אין גאַז קאַזעמאַטן? . . .
נו, ווילט איר אַז דאָס
זאָל איך אויך אייך פאַרגעבן,
און איר זאָגט מיר שוין צו אַ פרייערן לעבן,
אַ לעבן ווי אַזוי
און אין וואָס פאַר אַ שטאַנד,
אַ פאָלק אָן אַ היים,
אַ פאָלק אָן אַ לאַנד? . . .

יאַ, איך האָב זיך דערמאַנט,
איך האָב אַ לאַנד! —
אַ לאַנד וואָס גאָט אַליין האָט מיר פאַרטרויט,
אַ לאַנד וואָס מיינע הענט האָבן אַליין געבויט . . .
אָבער דאָס לאַנד איז איצט פאַרמאַכט,
פאַר די וועלכע האָבן פון דעם געטראַכט
דורך דער לאַנגער, פינסטערער נאַכט —

ווען היטלער האָט זייערע נאָהענטסטע אומגעבראַכט . . .
זיי קומען צום הימלאַנד — געשפּענסטער, סקעלעטן,
זיי קלאַפּן אין טויער, זיי וויינען, זיי בעטן:
„לאָזט אונז אַריין אין דעם אייגענעם לאַנד!״
נאָר געה, אַז דו קלאַפּסט
אין אַן אייזערנער וואַנט . . .

דערפאַר קום איך איצט צו אייך דאָ
און איך פאָדער,
יאָ, איך בעטל ניט מער,
עס איז ענטוועדער — אָדער . . .
איך וועל זיך ניט בויגן
מער לאָזן פאַרפירן,
פון פאַלשע תירוצים,
פון ווייסע פּאַפּירן . . .
דאָס לאַנד פון די אָבות
האָט גאָט מיר געגעבן,
ניט אויף צום שטאַרבן,
נאָר בויען, און לעבן . . .
דאָס לאַנד איז איצט מיינס,
און מיינס וועט עס בלייבן!
ניטאָ אַזאַ מאַכט וואָס קען
פון דאָרט מיך פאַרטרייבן!
און וועט מען דעם טויער
פאַרשליסן פון דרויסן —
אים וועלן די בויער,
ווי שמשון צושטויסן! . . .

זינג — ארצה עלינו, ארצה עלינו,
ארצה עלינו, א. אז וו.

פון אלע זייטן מארשירן אריין חלוצים, און חלוצות, זינגענדיק,
ביז זיי שטעלן זיך אוים אזוי, א זיי בילדן א מגן־דוד.

# נעשה ונשמע

דער סני געהילט איז אין פלאַמען,
עס שטורעמט דער מדבר, עס בליצט,
עס ברויזט אַ תהום, נישט צום צאַמען,
מיט פייער וואולקאַנען עס שפּריצט.

עס קניהען ביים באַרג איצט גאָט׳ס קינדער,
מיט שרעק, ווי אַ ציטעריג שוואַלב,
גאָט׳ס צאָרען איז גרויס אויף די זינדער,
וואָס האָבען געבוקט זיך צום קאַלב.

געבוקט, און געטאַנצט מיט געפילדער,
קוים האָט זיך נאָר משה פאַרזאַמט,
„אָ, אָט דער ערב רב ווילדער,
מוז ווערען באַשטראָפט, און געצאַמט."

זעה, משה, מיין קנעכט מיין געטרייער,
קוק ווי זיי שפּרינגען ווי רוחות,
צי קען נאָך באַ זיי איצט זיין טייער,
מיין הייליק געבאָט, מיינע לוחות?

צי ווילען זיי פאָלגען און הערען
וואָס איך האָב זיי דאָרטען פאַרבאָטען?
צי קען נאָך אַ פאָלק פון זיי ווערען,
ווען ליים, ערשט באַ פרעה׳ן געקנאָטען?

זיי האָבען פאַר ברעקלאַך שיריים
אָבי אָנצופילען דעם מאָגען,
אייביק פאַרבלייבען געוואָלט אין מצרים,
און רוהיג דעם שקלאַפען יאָך טראָגען.

זיי דאַרפן אַ קאַלב אַרום וועמען צו טאַנצען,
טאָ לאָז זיך זיי שפּילען אין געטער;
פאַרניכטן ביים באַרג וואָלט איך איצט זיי אינגאַנצן,
ווען דו זאָלסט ניט זיין זייער רעטער.

— — — — — — — — — — — —

און אונטן ביים באַרג, אין דעם גרויסן געוויטער,
עס וויגט זיך אַ הילפלאָזע מאַסע,
דערקענט שוין גאָט׳ס צאָרן זיי האָבן מיט ציטער,
און שרייען — מיר פאָלגען! נעשה!

„נעשה ונשמע, מיר פאָלגען, און הערן,
(ווי באַלד אַז מיר האָבען קיין ברירה . . . )
אָ! זאָל שוין דיין געטלאַכער צאָרען אויפהערן,
אַ סוף, גיב אַהער אונז דיין תורה״ . . .

„אונז האָט זיך געוואָלט נאָר אַביסעלע שפּילן,
ווי קינדער געטאַנצט, געווען מונטער;
נו, האָסטו געגעבען דיין מאַכט אונז צום פיהלן,
איז מילא . . . מיר גיבען זיך אונטער.״ . . .

— — — — — — — — — — — —

און שטיל ווערט דער כעס פון דעם געטלאַכן בורא,
די אויגן כביכול׳ס זיי גלאַנצן —
„איר וועט מיר שוין פאָלגן, און לערנען מיין תורה,
ערשט איצט הויבט איר אָן באַ מיר טאַנצן!״ . . .

# זמן חרותינו

(צו דער גרינדונג פון שטאַט ישראל)

מיין פאָלק, דו ביזט דערלייזט, באַפרייט,
נעם גלייך דיר אויס די גלידער,
געענדיקט איז דיין גלות שטרייט,
דו ביזט אַ פאָלק איצט ווידער.

פאַרהייל־זשע שנעל דיין אַלטע וואונד,
די וואונד וואָס רופט זיך גלות . . .
און גייה צוריק אין לאַנד אַצונד,
אין לאַנד פון דיינע אָבות.

און זינג מיין פאָלק, פאַרגעס די שאַנד
פון גלות געטאָ־קייטן . . .
און ווי אַמאָל פון פרעה׳ס לאַנד
אין וועג, הייב אָן זיך גרייטן! . . .

# ירושלים, שטאָט דו אייביקע

(צו דער דערעפענונג פון ערשטן אידישן פּאַרלאַמענט)

ירושלים,
שטאָט דו אייביקע
טרייסט
פון אידן גלויביקע

ירושלים, שטאָט דו
פּרעכטיקע
עס האָבן כוחות
מעכטיקע
מיט שטאַרקע לענדן
דיך אָנגעגורט
דורות לאַנגע
דיך דערהאַלטן
ביז דיין ניי־געבורט.

עס טרערט ניט מער
מיין אויג נאָך דיר,
מיט איכה ישבה
בדד העיר . . .
איך טראָג ניט מער
קיין אַש און שטויב,
אַלס טרויער צייכן
אויף דעם רויב,
וואָס רוים האָט דיך
ירושלים אויסגערויבט.

פאַרשאָטן ליגט ער
איצט
און פאַרשטויבט,
טיטוס, דיין צושטערער,

זיין געביין,
וועט מער קיינמאָל,
קיינמאָל ניט אויפשטיין.
אָבער דו, ירושלים,
דו ביזט ניט מער אַליין . . .

אויף דיינע וועגן
זעהט מען ווידער געהן
עולי רגל, פריילאך
שפרייזן,
מיט געמיטער, שטאָל
און אייזן,
גרייט דער גאַנצער
וועלט באַווייזן
אַז עם ישראל חי

אידיש פאָלק איז
אייביק, ניי. . . .

ירושלים,
שטאָט, דו אייביקע,
טרייסט פון אידן
גלויביקע,
קרוין פון אידישער
מדינה,
איך וויין ניט מער
אויף גלות השכינה . . .

געלייטערט איז אַצינד
מיין מינע
עס רוהט אין דיר
צוריק די שכינה . . .
דער גלאַנץ פון מכבים
חשמונאים,
תנאים, און אמוראים . . .

שיינט איבער דיין
כנסת ישראל,
פונקט ווי אמאָל. . . .

אַט שטייען זיי אויף,
עדה נאָך עדה,
דורות וואָס זיינען געגאַנגען
צו דער עקידה . . .
מחנות׳ווייז זיי ציהען
צו דיר, און זיי ציהען
די ליפּן אין תפילות,
די אויגן, זיי גליהען,
ותחזנה עינינו בשובך לציון. . . .

ירושלים, שטאָט דו אייביקע,
טרייסט פון אידן גלויביקע,
חלום פון מיינע אָבות
אַבותינו,
איך באַגריס דיך מיט —
עוד לא אבדה תקותינו! . . .

# סימנים פון פריהלינג

ווען עס טראָגן זיך ריחות
פון באַרלעך מיט מיסט,
עס פאַרשמעקט אַזש די געגענט,
און אַלץ פאַר אומזיסט;
ווען עס רעגענט אין דרויסן
און באַ אייך נעצט דער סילינג,
דאָס זיינען סימנים פון פריהלינג. . . .

ווען איר לייענט אין ציימונג
געגראַמטע סאָנעטן,
פון האַלבע און פערטל
געבאַקטע פּאָעטן,
וואָס זינגען פון הימל,
לבנה און שטערן,
ווען אין דרויסן איז קאַלט נאָך —
דערפרוירן צו ווערן;
און דער דיכטער אַליין,
ער פאַרמאָגט נימ קיין שילינג . . .
דאָס זיינען סימנים פון פרילינג. . . .

ווען איר זיצט זיך אין פּאַרק
מיט אַ מויד אויפ׳ן שוים;
עס בלאָזט אַ שטאַרק ווינטל,
נאָר אייך איז גאָר היים . . .
איר רעדט דאָן פון היץ,
פּונקט ווי נאָך אַ פאַרקילונג,
איז אַ סימן אַז ס׳איז טאַקע שוין פריהלינג! . . .

# נייע צייטן

אוועק איז דער ווינטער, דער פריהלינג פארביי איז,
דער זומער שטעהט שוין אויף דער שוועל,
און ס׳פליען די יאָרן, און ברייננען קיין נייעס,
קיין זאך צו דערפרעהען מיין זעעל.

אָט איז דאכט זיך פריהלינג, שוין זומער פארביי איז,
דער ווינטער, ער קלאפט שוין אין טיר,
אך, גאָט! עס פארמאָגט שוין דיין וועלטל קיין נייעס,
זי איז מיר שוין נמאס ווי דיר . . .

מיר האָט שוין דערעסן דער זומער, דער ווינטער,
די צייט וואָס געהט אייביג איר גאנג . . .
דו שיק בעסער צייטן אונז נייע ארונטער,
געמעגט האָסטו עס טאָן שוין פון לאנג. . . .

און אפשר ניט ווערט זיינען מיר, דיינע זינדער,
אז דו זאָלסט זיך געבן די מיה,
טא זאָל עס שוין געהן ווי עס געהט ביז א צינדער,
און לאָז אונז אינגאנצן צו רוה! . . .

# על חטא, שלא חטאתי

(פון אַ „סאָשעל" דירעקטאָרים טאָג בוך)

איך בין זיך מתודה
אויף מיינע חטאים,
וואָס איך בין באַגאַנגען —
הערט, קינדער,
איך בין דאָך דער ערגסטער
פון אַלע רשעים,
דער גרעסטער פון מענטשליכע
זינדער . . .

איך זעה פאַר זיך ווייבלאך
מיט קערפּערס, מיט שלאַנקע
און אויגן, צוויי גרויסע פאַרלאַנגען . . .
נאָר איך — ווי פון אייזען — כאַטש
שטעלט מיר אַ באַנקע,
איך לאָז זיך פון זיי גאָר
ניט פאַנגען . . .

אַפּילו די ווייבער,
מיט פעט שווערע לייבער,
האָבן אויך נאָך פון יוגענט
דעם חשק . . .
זיי קוקן און טראַכטן, —
וואָס איז ער, אַ שרייבער? . . .
צי גלאַט ניט מילכיק,
ניט פליישיק . . .

און די ווייבערשע בליקען,
מיך ברענען און בריהען, —
וואָס נעמסטו ניט נאָר

פון דעם לעבען? . . .
און אין מיידלשע הערצער
אַ פונק הויבט אָן גליהען,
„ער וועט זיך נאָך פאַרט
אונטערגעבען" . . .

עס טראָגט דורך די נעכט זיך
ראָמאַנטישע קרעכצן,
(ס'איז ניט קיין מליצה,
קיין משל)
פון ברענענדע קערפערס,
וואָס גאַרן, וואָס לעכצן,
נאָך אַ קוש, און אַ גלעט
פון דעם „סאָשעל" . . .

און כאָטש איך געה אוים,
ווי אַ ליכט, ווער צושמאָלצן,
פאַר אַ ווייבערשען חנ'דל,
אַ שמייכל,
געה איך אַרום ווי אַ מענטש
געהט אויף שטאָלצן,
ווי איינער זאָגט —
„ווייבעלאך . . . מוחל" . . .

נאָר מיינט ניט מיין הארץ
איז פון קליאָטשע געקנאָטן,
(איך היט זיך בלויז אוים
פאַר מיין גאָסי . . .)
נו, שטעה איך פון וייטן,
ווי אַלע אידיאָטן,
און זאָג על חטא —
שלא חטאתי! . . .

# מ'שפּילט טעאַטער

עקטערס ליאַרעמען און טומלען,
מאַכן קולות ביז די הימלען,
ס'איז די פּראָבע, פאַר פּרעמיערע,
און די פּיעסע איז אַ שווערע.
אַנגעטאָן אין קלאָונען מיצלאך,
„חזר'ט" מען די טריפה וויצלאך
פון דער אָפּערעטע כינקע,
און עס רינט פון זיי די שמינקע,
און דער צימבלער אויף די טאַצן,
קלאַפּט צום טאַקט פון די פּאַיאַצן,
(ס'וועט דער עולם זיך שוין קראַצן . . .)

דער סעזאָן,
הויבט זיך אָן!

*　　*　　*

אין טעאַטער אַ גערודער,
אויף דער ביהנע אַ הארמידער,
קולות מישן זיך צוזאַמען,
ס'וויל דער עולם ניט פאַרזאַמען,
"די טראַגעדיע פון אַ מאַמען",
וואָס דער זוהן וויל איר פאַר'סמ'ען . . .
און די עקטערס אין קוליסן,
זיינען נערוועז, ווילן וויסן,
וואָס עס הערט זיך בא דער קאַסע,
און אויב קומען וועט די מאַסע?

אָן עק, אַ סוף,
פאָרהאַנג אויף!

*　　*　　*

אויף דער ביהנע שטעהט די מאַמע,
און עס רעדט פון איר די דראַמע,
און עס גרילצן מאָדנע טענער,
גלייך עס וואָלטן קרייהען הענער . . .

און דער עולם אין טעאַטער,
ווישט די נאָז ווי פון אַ קאַטער,
שפרינגט אַרויס אַ יונג פאצעטל
מיט דער פליישיקער סוברעטל,

טאַנצן, זינגען „רעד האָט מאַמאַ”,
אַז עס שפּאַלט די פּאַנאָראַמאַ . . .
ס'וואַרפט מיט זיי ווי אין קדחת,
און דער עולם שמעלצט פון נחת,

— סאם קלעס,
— סוקסעס!

* * *

און אַזוי אַ גאַנצן סיזאָן,
שפּילן עקטערס, ווייל זיי מוזען
דאָך אַ לעבן מאַכן כאַטשע,
קייעט מען פּראָזאַ ווי די קליאַטשע,

שפּיעלט מען פּיעסן גאָר אַ חידוש,
חצי ענגליש, חצי אידיש,
טאַנצן טענצער, זינגען זינגער,
נאָר מען שטאַרבט אַלץ איינס
פון הונגער . . .

— אויב אַזוי, וואָס טויג עס ווייטער?
איז דער תירוץ — מ'שפּילט טעאַטער! . . .

# ש נ י י

(דעם בייזן ווינטער 1947 א מתנה)

שניי . . . שניי . . .

וואו איך שטעה
וואו איך געה
נאָר איך זעה
שניי . . . שניי . . .

אויף דער גאַס
איז גליטשיק נאַס
ס׳איז ניט קיין שפּאַס
איך ווער אַזש בלאַס,
ווען איך דערזעה —
שניי . . .

שניי . . . שניי . . .

דאַ ניט געה
דאָ ניט שטעה . . .
ס׳פּאַלט דער שניי
מיט אַ געדריי . . .
און איינס, און צוויי,
איז שוין דער שניי
הויך, אַט אַזוי. . . .
און ער יאָגט זיך
און ער טראָגט זיך
ווי אַ רוח עפּעס אַ ווייסער,
ווי פון פערד אַ בייזער שמייסער . . .
שמייסט אין פּלייצע הינטערוויילאַך
און שפּרייט אוים אַ ווייסן ליילאַך,
איבער עוועניוס און גאַסן

מיט אַ גליטשעלע אַ נאָסן. . . .
איבער הייזער, איבער דעכער,
לייגט ער אָן זיך — העכער, העכער . . .
פון דער טראַמוויי
ביז דער סאַבוויי

שניי . . . שניי . . .

סטאַפּט דער שניי
נעם איך און גיי
און אַרבעט אַזוי
אַ שעה און צוויי
און רוים דעם שניי
מיט מיה און שווייס
איך גיי אַזש אויס . . .
נאָר איידער איך דריי
זיך אויס, אוי וויי,
עס פאַלט אַ פרישער,
פרישער שניי . . .

פאַלט אַ שניי שוין אויף אַ שניי . . .
און די מענטשן — אויך אַזוי . . .
ווינטן דרייען און זיי קנאַלן,
מענטשן גייען און זיי פאַלן . . .
הויבט זיך איינער —
פאַלן צוויי . . .
אין שניי . . .
שניי . . .

שניי . . . שניי . . .

איך בין אַזוי
נערוויאיש
אַז טאָמער זאָגט מען
אויף העברייאיש

„שני",
וואָס מיינט גאָר — צוויי . . .
צושריי איך זיך אַזוי,
אַז שני איז ניט צוויי,
נאָר שנײ . . .
אַז מ'קען מיך הערן
אין באָמביי . . .

שנײ . . . שנײ . . .

געה שוין געה
און לאָז מיך אָפּ . . .
אוי, מיין קאָפּ . . .
ס'געהט שוין ווידער
דאָרט אַ שנײ? . . .
צי דער קאָפּ דרעהט מיר אַזוי
פון ערשטן שנײ? . . .

שנײ . . . שנײ . . .
האָסט מיך צודרייט אַזוי
אַז איך געה
אַרום שוין אַ גערירטער . . .
ניט קיין ראַזירטער . . .
מיינע אויגן — אויסגעלאָשן . . .
אין בעט שלאָף איך
אין די קאַלאָשן . . .
איך וויל זיין גרייט,
טאָמער שנייט . . .

שנײ . . . שנײ . . .

געה שוין געה . . .
און לאָז מיך אָפּ
אוי, מיין קאָפּ . . .
איך געה פון זינען
באַלד אַראָפּ . . .

געה צום נאָרד פּאָל
געה צום זיד פּאָל
אין סיביר
נאָר ניט באַ מיר . . .
מיך לאָז אָפּ . . .
אוי, מיין קאָפּ . . .
כאַטש שריי געוואַלט
אָט געהט שוין באַלד
אַ פרישער שניי . . .
אומגעריכטער . . .
מער געדיכטער . . .

שניי . . . שניי . . .
אוי . . . וועה . . .

# עבדים היינו לפּרעה

הערט אַ מעשה:
ס'איז אַמאָל געווען אַ קעניג פּרעה,
וואָס האָט געזעהן אין חלום
אַ בייזע מראה,

ווען זיבן פעטע קיה
און זיבן דאַרע . . .
איז אויף מאָרגן אָט דער פּרעה
אויפגעשטאַנען מיט אויגן שטאַרע,
און אַ פּנים שוואַרץ ווי כמאַרע . . .

גלייך באַפוילן האָט דער פּרעה,
מיט אַ טומל, מיט אַ וואַרע,
ווי דער מנהג דאַן פאַרצייטן:
„מען זאָל מיט פערד מיט שנעלע רייטן
און אים ברענגען יענע לייטן —
די חרטומים, כישוף-מאַכער,
שטערן-זעהער, חלום זנאַכער,
זיי זאָלן זיך די שטערנס קניטשן
און אויסטייטשן,
וואָס דער חלום טוט באַדייטן."

ברענגט מען די חרטומים, זנאַכער,
און די קלוגע כישוף מאַכער;
קניטשן אַלע זיך די שטערן,
דאָך קאָן קיינער אים דערקלערן,
פיל מען גיט זיך ניט די מיה,
— וואָס עס מיינט די זיבן קיה
די פעטע און די דאַרע. . . .

ווערט ער בייז דער קעניג פרעה,
זיין פנים ווידער ווערט א כמארע;
ער פארטרייבט די כישוף־מאכער,
שטערן־זעהער, חלום זנאכער,
און פאר כעס באפעהלט ער פרעה,
מען זאל אים בויען —
פיראמידן . . .
און צו ווען געהט עס אוים ?
צו אידן. . . .

„גיט זיי ליים און גיט זיי ציגל,
נעמט אפילו א קינד פון וויגל,
זאלן אידן שאפן, שקלאפן,
הויכע טורעמס מיר באשאפן.
און טאמער ועט א איד זיך פוילן —
גיט אים שמיץ גלייך אויפ׳ן הוילן...״
אזוי האט פרעה דאן באפוילן.

האבן אידן פיל געליטן
פון די מצרים, אפגעהיטן
זאל מען ווערן
פון די בישות
און נגישות
וואס זיי זיינען אויסגעשטאנען ! . . .

זיינען אבער אידן — אידן . . .
שטענדיג, תמיד אומצופרידן,
ווען מען דריקט זיי
און מען שטיקט זיי,

נעמט מען טראכטן,
נעמט מען קלערן,
ווי פון פרעה׳ן
פטור ווערן . . .

ס'איז דאָך ניט קיין פלאַן פאַר אידן
צו שטעהן און בויען פיראַמידן. . . .
און דאָ קומט משה, דער באַפרייער
און לעגט נאָך קנייטלאך אויפ'ן פייער . . .

„ניט פון זיפצן, טראַכטן, קלערן,
קאָן אַ פאָלק פון אייך וועוּ ווערן . . .
ווילט איר פריי זיין פון דעם שטעקן,
מוזט איר קענען פולווער שמעקן...”

דעם סוף פאַרשטעהט איר שוין אַודאי,
עס ענדיגט זיך ווי אין חד גדיא . . .
„ס'איז אַמאָל געווען אַ פרעה,
וואָס האָט געמאַכט פון זיך אַ וואַרע,
האָט ער זיך אָנגעהויבן מיט אידן,
איז ער עד היום נאָך „סאַרע”! . . .

# גערעטעוועט דורך אַן אייזל

(טעאַטער באַלאַדע)

הערט אַ מעשה וואָס פּאַרלאָפן,
האָט זיך באַ אונז אין באָסטאָן;
כ׳מיין די מעשה וואָס געטראָפן
מיט אַן „עקטער" ניט קיין פּראָסטן.

ס׳איז דער „עקטער" משה זעמל
פון ניו־יאָרק אַהער געקומען
שפּילען שיילאָק, קוני לעמל,
האָט ער זיך דאָ באַלד גענומען.

אַלע דראַמען פון דער קלאַסיק
שפּילט ער אָן שום מניעה,
פרעגט ניט צי ס׳איז גוט, צי פּאַסיג —
כאָטש הייגג אים אויף אַ תליה.

און דער עולם אין טעאַטער
זיצט און קוועטשט די פּלייצעס —
ווי מאַכט מען אים צו פאָרן ווייטער,
טראַכט מען, זוכט מען עצות.

נאָר געה מאַך, שריי חי וקים,
עס העלפט אים אויך קיין שעלטן,
יעדע נאַכט, אַ שווערד אַ נייעם
צוברעכט ער, און קערט וועלטן.

טרעפט זיך איינמאָל אין אַ דראַמע,
דאַרף ער קומען אויף אַן אייזל,
ראַטעווען זיין אַלטע מאַמע
פון דעם שלעכטן קעניג פייזל.

וועלכער וויל איר (וועה און ווינד איז)
אין דער מדבר גאָר פאַרפירן,
און ער, ווי אַ גוטער קינד איז,
טאָר קיין איין מינוט פאַרלירן.

ראַטעווען זיין אַלטע מאַמע,
מוז ער פון דעם שלעכטן פייזל —
איינשטודירט איז שוין די דראַמע,
אַלץ וואָס פעהלט אים איז דער אייזל.

אַדווערטייזט מען אין די בלעטער —
„וואו אַן אייזל זאָל זיך מעלדן,
טאָן קיין זאַך ניט דאַרפן וועט ער,
ווייל דער ‘סטאַר’ שפּילט שוין די העלדן.״ . . .

נאָר דער אייזל איז יענע נאַכט גאָר
אין טעאַטער ניט געקומען,
און אַזוי, און בלויז אַזוי נאָר,
האָט אַ סוף צום שפּיל גענומען!

# חנוכה און קריסטמאס

עס איז דוכט מיר ניט קיין צופאל וואס חנוכה פאלט אויס אין איין צייט מיט קריסטמעס. פארקערט, עס איז סימבאליש. ווארים אין דער צייט וואס קריסטמעס איז אלע מאל געווען בא די אומות העולם א צייט פון אויפגעוואכטער שנאה צום אידן, זיינען אונזערע קליינע חנוכה ליכטלעך געווען אן ענטפער צו זיי, און אן אנזאג אז דער גייסט פון די חשמונאים לעבט נאך צווישן אונז. . . . און כאטש אונזער קריגעלע בוימל איז זייער שטארק „גערעשאנט", א קליין קריגעלע פאר א גאנץ פאלק, פון דעסטוועגן קלעקט עס אונז אויף דורות און דורות, און קיינער קען דעם פלאם ניט אויסלעשן. . . .

וואס דארפט איר מער? עס קלעקט נאך גענוג בוימל אויף צום באקן לאטקעס. . . .

עס איז אמת, אונזערע קליינע חנוכה ליכטלעך קענען ניט קאנקורירן מיט דעם גרויסן קריסטמעס בוים, מיט זיינע צענדליגע עלעקטרישע לעמפלעך, א באהאנגענער פון אלע זייטן מיט קריסטמעס פרעזענטן, אבער איך בין אלץ פאר די חנוכה ליכטלעך. עס איז דער אייביקער קאמף פון דוד און גלית, און כאטש היינטיקע צייטן איז דוד ניט שטענדיק דער געווינער, אבער פאר מיר איז א פרייד צו זעהן אז דוד פארמעסט זיך נאך אלץ. . . .

איך דערמאן זיך א בילד פון מיין קליינעם ליטווישן שטעטעלע, ווען איך בין נאך א קליינער אינגל געווען און געגאנגען אין חדר. לערנען פלעגט מען דאמאלסט ביז שפעט אין אווענט, און אט איז די נאכט פון ניטל, די נאכט ווען די קריסטן פייערן דעם ווידער־געבורט פון יעזוס'ן. דאס גאנצע שטעטל איז איינגעהילט אין פינסטערניש. די גויים זיינען אין קלויסטער, און באלד וועלן זיי זיך ארויסלאזן פון דארטן, מיט אויפגעפלאמטער שנאה צו זייערע אידישע שכנים. עס איז ממש א מורא דאמאלסט פאר א אידיש קינד אין גאס ארויסצוגיין. . . .

מיר לויפן פון חדר, אלע אינגלעך, מיט קלאפנדיקע הערצער, פון מורא, און אט זיינען מיר שוין דורכגעלאפן דעם קלויסטער, און אט זיינען מיר שוין אין די אידישע געסלעך. וואס פאר א פרייד עס איז דאמאלסט געווען פאר אונז אידישע קינדער צו זעהן די קליינע חנוכה ליכטלעך ארויסשיינען דורכ'ן פענסטער. . . . די מורא איז געלעגן אין אידישע הערצער א גאנצע נאכט, בא די גרויסע, פונקט ווי בא די קליינווארג. קיינער איז יענעם אווענט מער אין גאס ניט ארויס. אבער אינסטינקטיוו האבן אלע אידן זיך געטרייסט, אז אלץ וועט אריבער בשלום, אז די חנוכה ליכטלעך וועלן אונז באשיצן . . . און אויב

## גיט אַ שמייכל

מיר, אידישע קינדער, האָבן ניט געוואוסט פון קיין סאנטא־קלאָוז וואָס ברייננט מתנות פאר די קליינוואַרג, איז אויך קיין גרויסער אומגליק ניט געווען . . .
מיין זיידע, עלו השלום, מיט זיין שניי־ווייסער באָרד, האָט מיר דערלאַנגט אַ קופערנעם דרייער, חנוכה געלט, איז ער מיר געווען אַ סך ליבער און טייערער ווי עפּעס אַ פאַרשטעלטער סאנטא־קלאָוז. . . .

פאַר מיר האָט חנוכה נאָך אַ פּערזענליכן אינטערעס אויך. איך בין גע־בוירן געוואָרן חנוכה, צום דריטן ליכטל, וואָס איז דעם יאָר אויסגעקומען פונקט ערב קריסטמעס, דאָס מיינט, אַז איך בין געבוירן געוואָרן אין איין צייט מיט יעזוס'ן. . . . אָבער איר דאַרפט זיך ניט שרעקן . . . פון מיר וועט איר קיין צרות ניט האָבן . . . ערשטנס, האָב איך פיינט צו שפּילן צווייטן פידל, איך בין דערפאַר אַוועק פון טעאַטער אויך, ווייל איך האָב אַליין געוואָלט זיין דער „סטאַר" . . . און אויב איך קען ניט זיין „גאָט" אַליין, ווייל איך ניט זיין „גאָט'ס" זון. . . .

צווייטנס, בין איך שוין אַביסל עלטער ווי יעזוס איז געווען בשעת מ'האָט אים געקרייציגט; און עלטער, מיינט קליגער . . . היט איך מיר די ביינער . . . איך וועל שוין מסתמא בשלום אויסלעבן מיינע יאָרן אַלס אַ מענטש. איין זאַך מעגט איר זיכער זיין, אַז כאָטש איך בין געבוירן געוואָרן ערב קריסטמעס, וועט שלום אַש וועגן מיר קיין ראָמאַנען ניט שרייבן. . . .
האָט מיר אַ פריילעכן חנוכה.

## יום־טוב מעשות

# כ'מאך א רייזע אין הימל

אזוי ווי ראש השנה געהען מיליאָנען אידן אין שוהל אריין, אויסצובעטן א גוט יאָר פאַר זיך און פאַר'ן כלל ישראל, האָב איך באַשלאָסן אַז עס איז שוין צייט איך זאָל אויך עפּעס אויסבעטן פאַר זיך. לאָמיר אים דערמאַנען דעם „אַלטן" דאָרטן „אויבן", אַז איך לעב נאָך . . . און איך דאַרף אויך מאַכן אַ לעבן. . . .

אָבער אַנשטאָט צו געהן אין שוהל אריין, וויינען און בעטן, און ניט זיין זיכער אויב מיין תפילה איז טאַקע אַרויף דאָרטן וואו מען דאַרף . . . האָב איך באַשלאָסן צו געהן גלייך אין הימל אריין. . . .

פרעגט מיך ניט ווי אַזוי איך בין אָנגעקומען אין הימל, ווייל ניט אַלע קענען אהין דערגרייכן . . . נאָר אַזוי ווי איך האָב אַ שטיקל פאַנטאַזיע, און מיין פאַנטאַזיע האָט פליגלען, האָב איך זיך אַ הויב געטאָן אין דער לופטן, און היידא, גלייך אין הימל אריין. . . .

אָנגעקומען אין הימל, האָב איך זיך געפיהלט ווי אַ גרינער וואָס קומט נאָר וואָס אָן אין עלים איילענד, כ'האָב ניט געוואוסט וואו פריהער צו געהן. האָב איך זיך דערמאָנט אין אַ מדרש וואָס זאָגט, אַז מלכות שמים כמלכות הארץ — די רעגירונג פון הימל, הייסט עס, איז פּונקט ווי די רעגירונג בא אונז, אויף דער ערד, און מסתמא איז דאָ פאַראַן אַ פּאָליסמאַן בא וועלכן מ'קאָן זיך דערפרעגן אַלצדינג — און אַזוי איז געווען. אויף דער הויפּט גאַס דאָרטן, וועלכע הייסט „רחוב הרקיע" (הימל גאַס) האָב איך דערזעהן אַ מלאך אָנגעטאָן ווי אַ פּאָליסמאַן, מיט אַ גרויסער פּאָליציייסקער העט, אויף וועלכער עס איז געווען אָן אויפשריפט: „ממונה על הדרכים" — אַ טרעפיק קאָפּ, הייסט עס — און אַ ביזי איז דאָרטן געווען פּונקט ווי אויף טאַימס סקווער . . . כ'האָב זיך קוים דערשלאָגן צו אים.

ער האָט מיר אָנגעוויזן, איך זאָל זיך פאַרנעמען רעכטס, וואו עס געפינען זיך אַלע רעגירונגס־דעפּאַרטמענטס. יעדער דעפּאַרטמענט האָט אַ „סאַין" — אָן אויפשריפט — אין העברעאיש, און בא יעדן דעפּאַרטמענט שטעהט שוין אַ „לאַין", וואָס ציהט זיך מיילן לאַנג, וואָרים עס איז איצט זייער „ביזי" אין הימל . . . איצט איז דער סעזאָן . . . און אויב איך האָב געדולד צו וואַרטן, זאָגט ער, זאָל איך מיך אוועקשטעלן אין „לאַין" ביים דעפּאַרטמענט וואו איך וויל אריינגעהן.

איך האָב זיך פאַרנומען רעכטס, און באַלד האָב איך דערזעהן אַ גרויסן טויער, אויף וועלכן עס איז געהאַנגען אַ גרויסע עלעקטרישע „סאַין", „זה השער לה'" — דער טויער פירט צו גאָט, „צדיקים יבואו בו" — נאָר צדיקים מעגן

אריינקומען. מילא, דאָ האָב איך שוין ניט געוואגט אריינצוגעהן . . . מישטיינס געזאָגט, וואָס פאַר אַ צדיק אין פעלץ איך בין. . . .

אביסל ווייטער האָב איך דערזעהן אַן אויפשריפט אין העברעאיש, מיט דער ספרד'ישער אויסלייגעכץ: „מעכיצאַט האַבריט" (מחיצת הברית) — די אָפּטיילונג פון ברית'ן . . . און אַ „לאַין" פון יונגע ווייבלעך, וועלכע זיינען געקומען בעטן אויף קינדער, האָט זיך געצויגן אויף צענדליקער מיילן לאַנג. . . . אפשר זאָל איך זיך אוועקשטעלן אין דער „לאַין"? איז מיר דורכגעפלויגן אַ געדאַנק אין קאָפּ. אָבער באַלד האָב איך חרטה געקראָגן. שוין אַזוי פיל יאָר נאָך מיין חתונה און קיין קינדער האָב איך ניט, זאָל איך מיך איצט, אויף דער עלטער, נאַריש מאַכן? . . . אַ חוץ דעם האָב איך ניט געוואָלט אַז די מלאכים זאָלן מיך טרעפן, איין מאַנסביל צווישן אַזוי פיל ווייבלעך, אין די פאַרכטיגע טעג. . . .

נאָר אָט האָב איך דערזעהן אַ „סאַין" מיט אַן אויפשריפט: „מחיצת הממון" — דער טרעזשערי דעפּאַרטמענט, הייסט עס — דאָ איז שוין די „לאַין" געווען אַביסל קלענער. . . . האָב איך באַשלאָסן זיך דאָ אוועקצושטעלן און שטעהן. שוין צייט — האָב איך געטראַכט — אויסצוגעפינען פאַרוואָס חיים און חאַצקעל זיינען מיליאָנערן, און איך, בנימין בן אברהם, אַ ליטוואַק, סאַי פון טאַטנ'ס און סאַי פון מאַמע'ס צד, איך בין אַ קבצן נאָך פון מיין עלטער־זיידן אָן . . . ווי לאַנג וועלן זיי דאַרטן האַלטן די פּאָר מיליאָנטשיקעס מיינע? נישקשה, איך וועל גאַנץ גוט וויסן וואָס צו טאָן מיט זיי. איך וואָלט געקענט, צום ביישפּיל, ראַטעווען אַמעריקע פון „אינפלעישאַן". אַזוי ווי דער דאָלער האָט מער ניט די ווערט ווי זעכציק סענט, וואָלט איך יעדן קבצן וואָס האָט אַ הונדערטער אין די בענק, צוגעשיקט אַ טשעקל אויף פערציק דאָלער, און זאָל זיין הונדערטער זיין גערעטעוועט. . . .

אָט באַקלאָגן זיך אידישע שרייבער, אַז זיי האָבן ניט קיין געלט אַרויס־צוגעבן זייערע ביכער, און אַז מ'גיט שוין אַרויס אַ בוך איז ניטאָ קיין געגוג לעזער פאַר'ן בוך. אָבער ווען איך בין אַ מיליאָנער, גיב איך אַליין אַרויס מיינעם אַ בוך. כ'וואָלט אָפּגעדרוקט פינף מיליאָן קאָפּיעס, און אַרויסגעשיקט אַ קאָפּיע צו יעדן אידן אין אַמעריקע, מיט אַ צען דאָלער ביל פאַר אַ צולאָג . . . נאַ דיר, הייסט עס, באַצאָלט פאַר דער צייט וואָס דו האָסט זיך געמוטשעט. . . .

אָט אַזוי זיינען מיינע געדאַנקען געפלויגן, שטעהענדיק אין „לאַין", ביז אַ מלאך האָט מיר אַ שנעל געטאָן אין נאָז אריין, און אַ געשריי געטאָן — „נעקסט"! האָב איך זיך אויפגעכאַפּט.

איך האָב געבלעטערט דעם מחזור אין שוהל און, ווייזט אויס, איינגע־דרעמלט. . . . איך בין איינגעשלאָפן פונקט ביים הנני העני. . . .

# דער ביזי סעזאָן אין הימל

לאל עורך דין.

שוין א וואָך צייט ווי אויפ'ן הימל איז אַן אמת'ער יאריד. מלאכים פון „אַדיטאָרס דעפּאַרטמענט" נעהמען סטאַק. מ'פליהט פון איין הימל צום אנדערן . . . מ'בלעטערט איין ספר הזכרונות נאָכ'ן אַנדערן . . . א סך מלאכים האָבן זיך שוין אָנגעריבן מאַזאָליעס אונטער די פליגלען פון איבעראַרבעטן זיך . . . עפּעס א קלייניגקייט, דער אל שדי משפט זיין אויסדערוועהלט פאָלק — דאָס פאָלק וואָס ער אליין האָט אויסדערוועהלט אַז זיי זאָלן ליידן מער פון אַנדערע פעלקער — און ביז יום־כיפּור מוז מען אונטערציהען דעם סך הכל און אים אונטערטראָגן צום חתמה'נען — מי לחיים, ומי למות. . . .

אָבער אויך ביים שטן מקטרג איז מען ביזי. דער אַשמדאי האָט צוזאַמענ־געקליבן אַלע זיינע שרצים און פינפטע קאָלומניקעס און האָט זיי צושיקט איבער אַלע זיבן הימלען פאַרשטעלט אַלס טוריסטן. . . . זייער אויפגאַבע איז צו זעהן, ערשטנס, אַז די אידישע תפילות זאָלן ניט דערגרייכן העט אויבן; און, צווייטנס, אויסגעפינען וואָס מען פּלאַנעוועט דאָרטן אויבן, אין „ווייסן הויז", וואו עס זיצט דער אידישער גאָט, און אויב מעגליך זעהן צו שטערן דעם „ניו־דיעל", אויב דער אַלטער קלייבט זיך אַזוינס צו געבן זיינע אידעלעך.

דערוויל האָט זיך דער שטן דערוואוסט, אַז דער אַלטער אל שדי קלייבט זיך דאָס יאָר צו משפּט'ן ניט נאָר די אידן, נאָר די גאַנצע וועלט. צופיל איז שוין די וועלט איינגעווייקט אין בלוט, און די שולדיקע מוזן באַשטראָפט ווערן. דער הימל מוז ווערן „דער אַרסענאַל פון פרידן", און דער אַלטער גאָט איז גרייט צו העלפן אַלע פעלקער וועלכע שטעלן זיך אַנטקעגן דעם ווילדן „הונען" שבט מיט זיינע אַקס־שותפים.

א פאַרציטערטער איז דער שטן געוואָרן. ער האָט צוזאַמענגערופן זיינע הויפּט מחבלים צו א געהיימער פאַרזאַמלונג אויפ'ן שטערן „מאַרס", וואו „מאַרס", דער קריגס־גאָט, דער גאָט פון מלחמה, פירט זיך זיין אייגענע מלוכה. און בא יענעם מיטינג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מען מוז נעהמען שטערן די באַוועגונג פאַר פרידן פון אינעווייניג, טאַקע פון דעם זיבעטן הימל. דאָס בעסטע וואָלט געווען — האָט דער שטן פאָרגעשלאָגן — אַז מ'זאָל זיך נעהמען באַאַרבעטן די פמליה של מעלה, דעם הימלשען סענאַט . . . זעהן צו געווינען די סענאַטאָרן איינציקוויז אויף זייער זייט. די סענאַטאָרן דאַרפן אַרויסלאָזן א „סלאָגאַן", אַז „די מלחמה איז ניט אונזערע, מיר האָבן זיך ניט וואָס צו מישן." דער ערד קוגל איז מיליאָנען מיילן ווייט פון אונז, און דער הימל איז

ניט אין קיין שום געפאהר. . . . דער ווערטל דאַרף זיין — „השמים שמים לד׳, והאָרץ נתן לבני אָדם״, זאָלן זיך, הייסט עס, די פעלקער אויף דער ערד אַרומ־רייסן באַ די נעז, מיר בלייבן „איזאָלירט״ אין הימל.

אָבער די מלאָכים האָבן אויך ניט געשוויגן. גבריאל און מיכאל זיינען אויפגעטראָטן פאַר דעם הימלישן סענאַט און אָפּגעוואָרפן די טענות פון שטן מקטרג, אַז די אידן זיינען די איינציקע וועלכע „העצן״ צו שלום . . . אַז עס איז שוין די העכסטע צייט אַז דער אל שדי זאָל אומברייינגען דעם שטן מיט אַלע וועלכע דינען אים, אָפּן אָדער פאַרשטעלט. . . .

פּלוצלונג האָט אַ בליץ דורכגעשניטן דעם זיבעטן הימל, שופרות האָבן געבלאָזן זיבן מאָל זיבן, דער ערד־קוגל האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, פעלקער האָבן זיך גענומען רירן, פויסטן האָבן זיך געביילט, קייטן האָבן זיך גענומען רייסן, אויך באַם אשמדאי האָט אַ ציטער געטאָן די פעל . . . דער טאָג פון משפט דערנעהנטערט זיך . . . לאל עורך דין ! . . .

# משה רבינו און מיין סוכה

איך האָב ליב דעם יום־טוב סוכות.

ערשטנס, זיצט איר זיך אין דער סוכה איינער אַליין ביים טיש, ווי אַ גראַף, און די ווייב אייערע קאָן אייך ניט פאַרווייַנען דעם קאָפּ ביים עסן, אַז זי דאַרף שוין באַלד, באַלד, אַ נייעם פאַר קאָוט, וואָרים זי טאָר דאָך ניט איבערטרעטן די שוועל פון דער סוכה. . . .

צווייטנס, געדויערט דער יום־טוב אַ וואָך צייט, מיט אַ שמחת תורה און שמיני עצרת פאַר אַ צולאָג, און איך האָב ליב די יום־טוב׳דיגקייט. וואָס מער ימים טובים באַ אידן, אַלץ מער בין איך צופרידן.

דריטנס, — און דאָס איז די זאַך, — איך האָב ליב טאַקע די סוכה אַליין.

ווען איך בין געווען אַ קליינער אינגל, אין דער אַלטער היים, פלעג איך מיט הארץ קלאַפּעניש דערוואַרטן דעם סוכות. איך פלעג העלפן אַריינקלאַפּן די פלעקלאַך, איך פלעג קלעטערן אויפ׳ן לייטער און העלפן לייגן דעם סכך אויף דער סוכה, און מיט נאָך אַ גרעסערן הארץ קלאַפּן פלעג איך וואַרטן אויף דעם אויפדערנאַכט, ווען דער זיידע, דער טאַטע, און מיר, די יונגוואַרג, פלעגן זיך אויסזעצן אַרום דעם טיש אין דער סוכה. דער סכך האָט געשמעקט, און דורך זיינע גרינע צווייגעלאַך האָט געשיינט פאַר מיר אַ לויטערער און אויס־געשטערנטער הימל. און ווען מ׳האָט געזאָגט די אושפיזין, האָב איך געמיינט

אז אַמ־אַט שפּאַלט זיך דער הימל, דער סכך אויף דער סוכה נעמט זיך באַוועגן, און אונזערע גוט־באַקאַנטע אָבות קומען אַרונטער גלייך צו אונז אין דער סוכה אַריין. . . .

איך האָב גאָר ניט געקענט פאַרשטעהן דעם רבי'ן מיינעם, וואָס יעדעס מאָל ווען איך פלעג אים ביים לערנען שטעלן אַ קלאָץ קשיא, פלעגט ער מיר ענטפערן: אַט האָסטו דיר, אַריינגעפאַלן ווי אַ יון (סאָלדאַט) אין דער סוכה אַריין. איך האָב ניט געקאָנט באַנעמען ווי אַזוי אַ פּראָסטער יון קאָן אַריינ־פאַלן אין דער סוכה דורך דעם זעלבן דאַך דורך וואַנען די אָבות דאַרפן קומען. ווען איך בין עלטער געוואָרן, און איך האָב זיך דערוואוסט אַז גאָר גאָר אַמאָל, אין אונזער ווייטן עבר, איז דער יום־טוב סוכות געווען פאַרבונדן מיט'ן פעלד, מיט שניט־צייט, מיט קאָרן און ווייץ, איינגעזאַמעלטע אין די שייערן, איז מיר די סוכה נאָך ליבער געוואָרן. אַט דאָ, הייסט עס, אין דער סוכה, קאָן איך מיר זיצן איינער אַליין, קוקן אויף די לויטערע שטערן, און אין מיינע געדאַנקען קאָן איך זיך לייכט אַריבערטראָגן צו יענער עפּאָכע פון אונזער ווייט, ווייטן אַמאָל . . . ווען אידיש געזאַנג האָט זיך געטראָגן איבער פעלד און טאָל, אין די שייערן און שפּייכלערס פון דעם אייגענעם לאַנד.

זיץ איך מיר אַזוי די וואָך אין דער סוכה, און מיינע געדאַנקען פאַרטראָגן מיך ווייט, ווייט, מיט טויזנטער יאָרן צוריק. באַקאַנטע בילדער און געשטאַלטן שוועבן מיר פאַרביי . . . מיטאַמאָל ווערט מיין סוכה אָנגעפילט מיט אַ מאָדנער, העלער ליכטיגקייט. איך הויב אויף מיינע אויגן צו זעהן פון וואַנען דאָס ליכט קומט, און איך דערזעה פאַר מיר אַן אימפּאָזאַנטע פיגור, אָנגעטאָן אין קליידער פון דער ביבלישער עפּאָכע, די ווייסע באָרד צושפּרייט, איבער'ן קאָפּ אַזאַ ליכטיקע קרוין, וועלכע פינקלט נאָך העלער ווי די עלעקטרישע לעמפּלאַך איבער דעם נאָמען פון אַ „סטאַר" אין אידישן טעאַטער, להבדיל. . . .

— משה רבינו! — האָב איך אויסגעשריען — גרויסער געטליכער פירער!

— דערמאָן ניט דעם נאָמען פירער — האָט משה לאַנגזאַם געענטפערט — היינטיקע צייטן מיינט אַ פירער אַ דיקטאַטאָר. אמת, איך האָב אויך געפירט דאָס פאָלק, אָבער איך האָב זיי געבראַכט צו די טויערן פון פאַרשפּראָכענעם לאַנד, איך האָב זיי געגעבן אַ תורה.

— דיין פאָלק האָט אַ היבש ביסל זיך אָנגעליטן צוליב דיין תורה — מאַך איך אים אויפמערקזאַם.

— דאָס זאָגן בלויז די „קיקערס" — ענטפערט משה — איך קען זיי. נאָך אין מיין צייט זיינען זיי שוין געווען אומצופרידן מיט די עשרת הדברות, און האָבן זיך געמאַכט אַ גאָלדענעם קאַלב און געדינט צו אים.

— מ'דינט נאָך איצט אויך צום גאָלדענעם קאַלב — זאָג איך — נאָר איצט

## גיט אַ שמייכל

רופט מען דאָס „מאַכן אַ לעבן”. . . . איז וואָס טוסטו איצט דאָ אויף אונזער ערד־קוגל? — וויל איך וויסן.

— איך בין אַרונטערגעקומען זעהן אויב מען האַלט נאָך עפּעס פון מיינע צען געבאָטן.

— און וואָס האָסטו אויסגעפונען?

— אַ שרעק — ענטפערט משה מיט אַ זיפץ — איבערהויפּט דעם לא תרצח. וועה, וואָס זיי האָבן געמאַכט פון אים! קיין פאַרגיסט נאָך אַלע הבל'ס בלוט.

— וואָס־זשע וועט זיין דער סוף? — האָב איך געוואָלט וויסן — אפשר ביזטו געקומען אונז אויסלייזן פון אונזערע שונאים, ווי אַמאָל פון פּרעה'ן? אפשר וועסטו נאָך אַמאָל שפּאַלטן דעם ים?

— שפּאַלטן דעם ים? — האָט משה מיך אָנגעקוקט — זיי צופרידן, מיין קינד, וואָס איר האָט אַזאַ גרויסן ים. . . . און מיט די ווערטער האָט ער זיך געלאָזט געהן.

— וואוהין געהסטו, גרויסער לערער? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— אין שוהל אַריין — האָט משה געענטפערט וואָרם — מאָרגן איז דאָך שמחת תורה . . . און כל זמן אידן טאַנצן מיט דער תורה, וועלן זיי איבער־לעבן אַלע פּרעה'ס. . . .

* * *

זיינע אויגן האָבן געשיינט, אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַ ליכטיקער שמייכל. ער איז געגאַנגען און איך בין אים נאָכגעגאַנגען. . . .

האָט מיר אַ גוטן יום־טוב.

# קומט מיט מיר אין סוכה אריין

איצט, מיינע ליבע פריינט. אז איר זייט שוין איבערגעקומען דעם שווערן יום כיפור'דיקן תענית און איר האט זיך אויסגעבעטן א גוט יאר — איצט פארבעט איך אייך צו מיר אין דער סוכה אריין.

מיין סוכה איז ניט דער פאנטאסטיש־אריענטאליש צויבערליכער טענט פון אן אראבישן שעיך, אדער א „פענט הויז" פון אן אמעריקאנער מיליאנער ערגעץ אויף פארק עוועניו, און איר דארפט דעריבער זיך צופיל ניט צערעמאניען אריבערצוטרעטן די שוועל פון מיין סוכה. פארקערט, אין מיין סוכה וועט איר זיך פיהלן היימיש־אידישליך, ווארים עס איז די אלטע היימישע סוכה, פון ברעטער צונויפגעקלאפט און מיט סכך באדעקט, אבער די שטערן לייכטן דארט פונקט אזוי כישוף'דיק ווי איבער דער „פענטהאוז"....

איך זעה ווי איר שטעהט אין דרויסן פון דער סוכה מיינער און איר שאקלט מיט'ן קאפ, ווי איינער זאגט: „אט דאס איז זי דאך, די סוכה, וועלכע איך געדענק נאך פון דער אלטער היים, ווען איך בין א קליינער חדר־איינגל געווען." אי, אי, — טראכט איך זיך — וויפיל וואסערן עס זיינען פארלאפן פון דאמאלסט ביז איצט!... וועלטן גאנצע זיינען חרוב געווארן, און די סוכה פון מיינע חדר־יארן שטעהט נאך... „איף אי וואוד'נט סי איט וויט מאי און איס, אי וואוד'נט בעליוו איט...." געהט איר איבער אין די געדאנקען פון אידיש אויף ענגליש... און איר פארגעסט דערווייל אז איר שטעהט אין דרויסן, ביז איך דערמאן אייך:

— אידן, וואס שטעהט איר אין דרויסן? קומט אריין אינעווייניג אין דער סוכה אריין... אט אזוי... זיצט... איר דארפט מיר ניט דאנקען, עס איז אייער סוכה פונקט ווי מיינע... האבן מיר דאך עפעס געוואנדערט צוזאמע פון מצרים ביז אמעריקע.... פלעגנטי סוכות אויפגעשטעלט, אפגע־שטאנען א שטיקל צייט, און ווידער געוואנדערט.... אבער די סוכה האבן מיר מיטגענומען מיט זיך... ווי א זאך מאכט זיך, טאמער געפינען מיר א נייעם עיר מקלט, זאלן מיר כאטש האבן א צייטווייליקן דאך איבער'ן קאפ. א סך מאל זיינען מיר פון אונטער דער הויט געקראכן צו געפעלן אונזערע שכנים, די גוים; פרובירט אויספאלגן דעם אלטן ווערטל, וואס זאגט: „זיי א מענטש, ווען דו עסט אין סוכה"... אבער ניט אלע מאל האט עס געהאלפן... און מיר האבן ווידער געדארפט הולך'ן.... אבער די סוכה האבן מיר ניט פארגעסן מיטצונעמען....

זעה נאר ווי איך האב זיך פארררעדט און האב גאר פארגעסן אז מ'דארף

## גיט אַ שמייכל

שטעלן כיבוד. . . . אַט האָט איר עס . . . אימפּאָרטירטער סקאָטש. . . . איך האָב ליב סקאָטש . . . דאָס דערמאָנט מיך, אַז היינטיקע צייטן דאַרף מען קאָרגן דעם ביטערן טראָפּן . . . שווער צו קריגן, יו נאָו. . . . נאָ עהעד, העלפּ יורסעלף. . . . אַט אַזוי . . . לחיים! . . . דאָס ביסל משקה באַהאַלט איך פון סוכות ביז סוכות, ווייל סוכות טאָר די פּלונית'טע זיך גיט באַווייזן אין דער סוכה, קען איך אַריינגיסן וויפיל איך וויל אָן אָן אַרגומענט . . . כאַ־כאַ־כאַ. . . . נאָ עהעד, העוו ענאַדהער וואָן . . . אַט אַזוי, לחיים! . . . וואָס זאָגט איר, אידן. די סוכה דרעהט זיך . . . זי האַלט ביים איינפאַלן . . . ווי דער פּסוק זאָגט: „את סוכת דוד הנופלת" — דוד'ס סוכה האַלט ביים פאַלן. . . . פּע, אידן, איר קענט דאָך גאָר ניט טרינקען. . . . ניט די סוכה האַלט ביים פאַלן, נאָר איר פאַלט פון די פיס. . . . אַ סך פון אונזערע שונאים האָבן אונז געוואָלט אויס־רייסן מיט'ן וואָרצל, עוקר מן השורש זיין, מיט אונזער סוכה אינאיינעם . . . אָבער איר זעהט דאָך, מיר זיינען נאָך דאָ . . . און אונזער סוכה שטעהט פעסט. אָנו, הויבט נאָר אויף די אויגן אַרויף־צו און קוקט דורכ'ן סכך . . . ווי שעהן די שטערן לויכטן . . . און דער מגן דוד, דוד'ס שטערן, שיינט אַרויס איבער אַלע שטערן. . . . וואָס זאָגט איר, די ערד באַלאַנגט צו די גוים, און מיר קוויקן זיך מיט'ן הימל. . . . זייט איר דאָך טאַקע אַריינגעפאַלן „ווי אַ יון אין סוכה". וואָרט אויס, מירצעשעם ביים פרידנס־טיש, ווען פעלקער וועלן זיך אָוועקזעצן מאַכן די וועלט־חלוקה, וועלן מיר זיך אַליין נעמען אונזער חלק פאַר אונזער אייגענער סוכה. אָבער זאָגט ניט, אַז אונזער סוכה וואַקלט זיך. . . . מאַכט נאָך אַ לחיים. . . . אפשר וועט איר עסן אַ שטיקעלע פיש? וועל איך הייסן דער פּלונית'טע דערלאַנגען. היימיש־געקאָכטע, מיט היימיש־געמאַכטן כריין . . . אונזערע שונאים אויף צופּיקעניש. . . . וואָס, איר געהט שוין? . . . מילא, געהט געזונטערהייט. מיר זאָלן דערלעבן איבער־אַ־יאָר און ווידער עסן אין סוכה. . . .

# סוכות איז ראָמאַנטיש

איך האָב ליב דעם יום־טוב סוכות, ער אַפּעלירט צו מיר מיט זיין ראָמאַנ־טישקייט. סוכות איז דער היפּוך פון איינגעפונדעוועטקייט, און איך האָב פיינט בעל־הבית׳ישקייט. . . . אַלס אַקטיאָר, אַפּעלירט צו מיר די סוכה, דאָס זיצן אין ביידל, אפשר בעסער פון דעם רייך מעבלירטן סאַלאָן. אַקטיאָרן זיינען פּונקט ווי אידן, געוואוינט צום וואַנדערן. . . . און כאָטש וואַנדערן איז נישט אַלע מאָל באַקוועם, איז עס פּאַרט ראָמאַנטיש. און די אידישע סוכה איז נישט נאָר בלויז ראָמאַנטיש, נאָר אויך פּראַקטיש־פּראָזאאיש. מ׳גרייט אויך דאָרטן אָן אַ טיש פון כל טוב. . . . ניט אומזיסט זאָגט אַ פאָלקס־ווערטל: „זיי אַ מאַן, וועסטו עסן אין סוכה.״ . . .

מיין פאַנטאַזיע צעפליגלט זיך, און נעמט מיך אַוועק מיט עטליכע טויזנט יאָר צוריק — צו דער צייט פון יציאת מצרים. (דעם ריכטיקן דעיט, מעגט איר זיך מטריח זיין און אַליין אויסגעפינען).

שוין זעקס מאָנאַטן ווי די אידן וואַנדערן אין דער מדבר, און פּונקט ווי שפּעטער, באַ קאָלאָמבוס׳ן, זעהט זיך נאָך נישט דאָס צוגעזאָגטע לאַנד. . . . אַ גאַנצן טאָג ברענט מען זיך אין דער הייסער מדבר־זון, און ביינאַכט שלאָפט מען אין ביידלאַך. צענדליקער טויזנטער ווייסע ביידלאַך, אויף ווייסן זאמד אויפגעשטעלט; קיין סכך איז אין דער מדבר ניטאָ, בלויז דער אויסגעשטערנ־טער הימל דינט ווי אַ דאַך איבער׳ן קאָפּ. די מצות וואָס מ׳האָט אָנגעבאַקן אַרויסגעהענדיק פון מצרים, זיינען שוין לאַנג אויסגעגאַנגען . . . שפּייזט מען זיך מיט׳ן ביסל מן וואָס פאַלט פון הימל. וואָס צו טאָן אין די אָוונטן איז ניטאָ, פון פינאַקל ווייסט מען נאָך נישט, און קיין מואווינג פּיקטשורס זיינען נאָך אויך נישטאָ, איז טאַקע לאַנגווייליג. . . . דערצו איז נאָך משה רבינו אַזוי שטרענג — די מענער האָט ער פאַראָרדערט צו שלאָפן אין באַזונדערע ביידלאַך, אָפּגעזונדערט פון די ווייבער . . . דאָס ערב רב טאָר ניט אַריינקומען אין ארץ ישראל און מוז אויסשטאַרבן אין דער מדבר. . . . מילא, די ווייבער האָבן כאָטש פון וואָס צו ריידן — זיי באַרימען זיך מיט די „דזשולערי״, וואָס די מענער האָבן „אַנטליהען״ באַ די עגיפּטער . . . איינע שטעכט דער צווייטער די אויגן מיט אירע רינגען, וועלכע זיינען מיט אַ האַלבן אָדער אַ גאַנצן „קערעט״ גרעסער פון יענער׳ס . . . אָבער וואָס זאָלן, נעבאַך, די מענער טאָן?

ליגט מען אין די ביידלאַך אויסגעצויגן, די קעפּ פאַרריסן צום הימל, און מ׳באַלעקט זיך מיט דעם מן וואָס פאַלט פון הימל גלייך אין די אָפענע מיילער אַריין . . . און פון דעם הימעלשן מן מעגן שוין די ווייבער אויך גענים. . . .

## גיט אַ שמייכל

אויף מאָרגן נעמט מען צונויף די ביידלאך און מ׳וואנדערט ווייטער . . . ווייטער, וואָס דאַרף מיינען נעהענטער צו דעם צוגעזאָגטן לאנד. . . . נאָך אַ טאָג, נאָך אַ וואָך . . . באלד, באלד, וועט מען זיין אויף אַן אָרט.

ס׳איז אפשר ניט פּראַקטיש, ווארים ווי קען מען טראַכטן פון האנדלען, פון קויפן ריעל עסטייט, אָדער זיך קויפן אַן אָטאָמאָביל (אָטאָמאָבילן זיינען שוין געווען אַן אַלטע זאַך אין מצרים, ווי אין פסוק שטעהט: ברכבי פרעה, די וועגענער וואָס זיינען געגאנגען מיט פארע), ווען איר ווייסט ניט וואו איר וועט מאָרגן דאַרפן נעכטיקן? . . . אָבער דאָס וואנדערן, מיט דער האָפענונג אַז באלד, באלד, וועט מען דערגרייכן דאָס צוגעזאָגטע לאנד, איז זייער ראָ־מאַנטיש . . . דאָס געהן צום ציל איז אַמאָל וויכטיקער ווי דער ציל גופא. איבערהויפּט ווען דער ציל איז אויך אַ דערהאַבענער. . . .

און אַז איר ווילט רעדן צוריק. איז די שוואַכע סוכה גאָר ניט אַזוי שוואַך. פארקערט, זי איז שוין גאָר שטאַרק. פעלקער זיינען אונטערגעגאנגען, גאַנצע לענדער ווערן איצט פארוויסט, געביידעם פון שטאָל און אייזן פאלן ווי שערב־לאַך — קרבנות פון אויפרייס באָמבעס — און די שוואַכע סוכה, פון עטליכע פלעקלאַך און אַביסל סכך — האלט זיך נאָך און וועט זיך נאָך האלטן. דער עיקר, דאָס פאָלק זאָל זיך גאָר האלטן צוזאַמען . . . וועלן מיר אַלע עסן אין דער סוכה. . . .

# אַן אינטערוויאו מיט משה רבינו

די וואָך האָבן מיר געהאַט שמחת תורה, און איך האָב באַשלאָסן לכבוד דעם דאָזיקן יום־טוב אויפצוזוכן משה רבינו׳ן און האָבן מיט אים אַן „אינטער־וויו". פאַרשטאַנען האָב איך, אַז אין דעם טאָג פון סיום התורה מוז זיך משה באַווייזן צו זיינע אידן, האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט פאַרטאָג הינטער דער שטאָט, איך זאָל זיין דער ערשטער איד אים צו באַגריסן.

אָבער, פון וועלכער זייט וועט משה אָנקומען? וואו וועט ער זיך באַווייזן? מסתמא פון די בערג. . . . האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט אויפ׳ן וועג צו די בלו־הילס. . . .

דער טאָג איז געווען אַ שעהנער. די זון האָט געשיינט און איינגעוויקלט די בערג אין אַ גאָלדיג־בלויען קאָליר. אַ קיהלער, אַ פרישער ווינטעלע האָט געבלאָזן פון אַלע זייטן, אָט פונקט ווי אין די ראָמאַנען שטעהט. . . .

מיטאַמאָל האָבן זיך אויף די בערג באַוויזן צוויי פייערדיקע זיילן . . . זיי זיינען געקומען אַלץ נעהענטער און נעהענטער . . . ביז עס האָט זיך באַוויזן די מאַעסטעטישע געשטאַלט פון משה רבינו.

אַ הייליקער ציטער איז דורכגעלאָפן מיין לייב. ער האָט אויסגעזעהן פונקט ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט אין מיין פאַנטאַזיע. אַ הויכער, מיט אַ זילבער־ווייסער באָרד, און אין די ליכטיקע זיילן איבער זיין קאָפ האָט ער אויסגעזעהן ווי אַ געשטאַלט פון אַן אַנדער וועלט.

ער האָט זיך אַרונטערגעלאָזט פון די בערג, אויפ׳ן וועג אין שטאָט אריין, און איך בין אים געגאַנגען אַנטקעגן.

— זיי מיר געגריסט, געטליכער לערער — האָב איך זיך טיף פאַרנייגט פאַר אים, ווען ער איז שוין געווען לעבן מיר.

— שלום על ישראל! — האָט משה געענטפערט, און זיין צונג האָט זיך עטוואָס פאַרטשעפּעט. . . .

— קאָן איך האָבן דעם כבוד זיך אַביסל דורכצושמועסן מיט דיר? — האָב איך אים געפרעגט.

— דאָס ריידן קומט מיר אָן אַביסל שווערלאַך — האָט משה מיר געענטפערט.

— ס׳מאַכט ניט — האָב איך אים פאַרזיכערט — קאָנסט ריידן פּאַמעליך, ווייסטו צו סיום התורה זיין באַ די אידן מיט אַ שטונדע שפּעטער. . . .

— ווי מיינסטו — האָט ער געוואָלט וויסן — זיי זיינען עפּעס צופרידן פון מיין תורה? . . .

# גיט אַ שמייכל

— וואָס פרעגסטו? — האָב איך אים געענטפערט — אַננעמענדיק דיין תורה האָבן מיר זיך געקויפט מפטיר. האָסט אויפגעהויבן דעם באַרג סיני איבער אונזערע קעפּ, און דער באַרג ווערט וואָס ווייטער אַלץ גרעסער . . . מיר קענען שוין דעם קאָפּ נישט אויפהויבן. . . .

— גלויב מיר — האָט משה מיר געענטפערט אין אַ פּאַטעטישן טאָן — איך האָב פון די אידן אויך קיין האָניג ניט געלעקט . . . כ'האָב געהאַט „פּלענטי טראָבל" פון זיי . . . איבערהויפּט פון די ערב רב . . . די אַנגעלאָפענע, די מענטשעלעך וואָס לויפן לייכט איבער פון איין לאַגער אין צווייטן זאָלסטו קיינ-מאָל ניט געטרויען. באַ זיי איז געווען רעכט איך זאָל די אידן ברענגען צוריק קיין מצרים, און כאָטש נעמען און זיך צוקושן מיט פּרעה'ן אין די פּיסקלאָך . . . רעגעלע „אַפּיזערס". . . .

— איך פאַרשטעה ניט — האָב איך געוואָלט וויסן — דער פּסוק זאָגט דאָך, „אָז ישיר משה . . .", אַז אַריבערגעהענדיק מיט די אידן דעם ים סוף, האָסטו זיך צעזונגען. . . .

— צעזונגען? — האָט משה איבערגעערעדט מיין פראַזע מיט אַ שמייכל — איך האָב פון זיי געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. . . . ס'איז ניט קיין קליינינקייט אַריבערצופירן אַזוי פיל אידן איבער'ן ים אָהן שיפן. . . . און אַלע האָבן געהאַט „פּלענטי" פּעקלאָך מיטצונעמען . . . גלייך ווי זיי וואָלטן געפאָרן קיין אַמע-ריקע. . . . היינט, קאָרמענען אַזוי פיל אידן? . . . באַקן מצות פאַר זיי . . . פרעג ניט, „אַי העד ענאַף!" . . .

— נו, און דיין שוועסטער מרים? — האָב איך אים ווייטער געצויגן פאַר'ן צונג — וואָס איז אויף איר געווען אַזאַ שמחה, וואָס זי איז אַרויס-געקומען מיט פּויקן, טאַנצנדיק? . . .

— ווייסט ניט? — האָט משה איר פאַרענטפערט — אַ פרוי איז אַ פרוי . . . זי איז אַריבער דעם ים סוף און ניט איינגענעצט די זיידענע זאַכן, האָט זי זיך געפרעהט. . . . אָבער מיינע צרות האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן ווען איך האָב געבראַכט די אידן אין דער מדבר . . . קיין זאַך איז זיי ניט געפעלן . . . שלאָפן אין סוכות — האָבן זיי געבורטשעט — האָבן מיר דאָך געקאָנט ביי פּרעה'ן אויך . . . און זיך כאָטש גוט אָנעסן. . . . וואו זיינען די פּאַלאַצן? . . . די „האָט ענד קאָלד שאַוערס?" . . . די „מילק ענד האָני?" געה דערקלער זיי, אַז פרייהייט איז טייערער פון ברויט מיט פּוטער. . . .

— אָבער צו וואָס — האָב איך אים געפרעגט — האָסטו נאָך אַרויפגע-צוואונגען אויף זיי אַזאַ שווערע תורה? . . .

— גלויב מיר — האָט משה זיך פאַרענטפערט — איך האָב געמיינט גוט . . . ווען עס שטעהט ניט אויף שפּעטער „דער זוהן פון נוצרות", וואָלטן

אידן געהאט שלום. אידן זיינען נאָך אַלץ צופרידן מיט מיין תורה . . . אויב דו גלויבסט מיר ניט, קום מיט מיר אין שוהל אריין, וועסטו זעהן ווי אידן טאַנצן מיט דער תורה . . . מ׳ענדיקט מיט וזאת הברכה, און גלייך הויבט מען אָן ווידער בראשית. . . . קום וועסטו זעהן. . . .

איך בין מיט אים געגאַנגען אין שוהל אריין. מיר זיינען אָנגעקומען פונקט צו שישו ושמחו בשמחת תורה.

# שמחת תורה

שישו ושמחו בשמחת תורה.

פרעהט זיך אידן מיט דער תורה, ווייל, ווי זאָגט דאָרטן אַ אידיש פאָלקס ווערטל? — תורה איז די בעסטע סחורה. . . . אַ סימן האָט איר, אַז די גאַנצע וועלט איז אונז מקנא צוליב דער תורה . . . מ׳פארגינט אונז ניט די תורה. אפילו היטלער׳ן, ימח שמו, שטעקט זי ווי אַ ביין אין האלז. . . .

שישו ושמחו בשמחת תורה! לאָמיר מאַכן אַ שנעפּסל, אידן . . . אָט אזוי, לחיים! . . . גיסט אָן נאָך איינס . . . ניש׳קשה, היינט מען מען. . . . אָט אזוי, איאָ, איר פיהלט זיך שוין אביסל בגילופין? . . . טאָ לאָמיר נעהמען נאָך אַ כוסה. . . . אָט אזוי . . . אַ מחיה . . . עס ווערט ווארם אין אַלע גלי־דער. לאָמיר איצט נעמען אונזערע פאָנען, אָנצינדן די ליכטלעך און געהן אַ טענצל לכבוד אונזער תורה. . . .

זייט מיר ניט חושד, אידן. איך בין ניט געוואָרן קיין פרומאַק, און איך בין אויך ניט קיין צבועק. איך בין זיך מודה פאר אייך, איך טראָג ניט קיין ציצית, און איך דאַוון ניט אין קיין צוויי פאָר תפילין . . . און דאָך מיין איך וואָס איך זאָג:

— שישו ושמחו בשמחת תורה! איך וויל זיך היינט פרעהען מיט אונזער אַלטער תורה. . . . ניט־קשה, מיך וועט איר ניט שיכור מאַכן . . . און די צונג פּלאָנטערט זיך נאָך אויך ניט בא מיר. . . . גיסט אָן, גיסט אָן נאָך איינס . . . איך וועל היינט טרינקען אָן אַ סטאָפּ. . . . לאָמיר זעהן, ווער פון אייך עס קען מיט מיר מיטהאַלטן? לחיים! . . . אַ וואויל ביסל משקה, כ׳לעבן. . . . וואו־זשע האַלט איך? יאָ, אַנטקעגן דעם וואָס איר זאָגט שמחת תורה. . . . היטלער האָט דאָך אויך געבראַכט דער וועלט אַ תורה, להבדיל. מיט פייער און שווערד האָט ער געגומען דורכזעצן זיין תורה אין לעבן, און וואָס זעהען מיר היינט? וואו ער האָט זיך נאָר צוגערירט, האָט ער געבראַכט טויט און פאַרוויסטונג. „מיין קאַמף" — די תורה פון האַס, די תורה פון שנאת חנם —

## גיט אַ שמייכל

האָט מען דאָך געלערנט אין דייטשלאַנד מיט שול קינדער, און זעהט וואָס פאַר א דור פון מערדער און רוצחים דאָרט איז אויסגעוואַקסן. . . .

באַ אונז אָבער, האָט די תורה איינמאָל אוועקגעשטעלט „לא תרצח", האָבן מיר דאָך מורא אפילו צו עסן אַן איי מיט אַ בלוטס־טראָפּן. אמת, מיר שלאָגן זיך אויך אמאָל, אָבער איבער וואָס? איבער אַן עליה — אַלץ צוליב דער תורה. . . . נו, נו, דערלאַנגט מען זיך אַ פּאָר פּעטשלעך . . . דערנאָך מאַכט מען אַ לחיים, און מ'ווערט ווידער גוטע ברידער. . . . איצט פאַרשטעהט איר שוין פאַרוואָס איך פרעה זיך אַזוי מיט דער תורה? . . . אונזער תורה איז אַ תורה פון לעבן, און ניט פון טויט. אונזער תורה זאָגט, וחי בהם . . . אַז דו וועסט מיך פאָלגן, וועט דיר זיין גוט און וואויל, וועסטו לאַנג לעבן. . . .

איר וועט אפשר טרינקען מיט מיר נאָך אַביסל? ניין, איז ניין . . . וועל איך טרינקען אַליין. לחיים! . . . אפשר וואָלט איר פאָרט גענומען נאָך אַביסל? . . . אַט אַזוי, זיינט איר אַ מאַן. איר זיינט אַ מבין ווי פרעהליך עס איז היינט אין שוהל? אַ רעגעלע אילומינאַציע. . . . און אַן עולם, קיין עין הרע. . . . ווייבער און קינדער אויך . . . איבערהויפּט די קינדערלעך. אידישע קינדערלעך, מיט אידישע פאָנען . . . דגל מחנה יהודה. דאָס זיינען אונזערע העלדן . . . העלדן פון גייסט און פון ליכט. . . .

מיר ענדיקן די תורה, כדי מיר זאָלן נאָכאמאָל קענען אָנהויבן פון אָנהויב. וואָס זאָגט איר? מ'געהט שוין מיט הקפות? . . . יאָ, טאַקע. . . . וואַרט, נעמט מיך אויך אַריין אין דעם רעדל . . . אַט אַזוי . . . אַ רעדל אַרום דער תורה. אוּ וואַ, די גאַנצע שוהל דרעהט זיך . . . האָט ניט קיין מורא, איך בין ניט שכור . . . איך בין נאָר פרעהליך. עס איז מיר היינט גוט אויפ'ן האַרצן. ווי האָט מען אמאָל געזונגען אין אידישן טעאַטער? — „איך דאַנק דיר גאָט וואָס איך בין אַ איד."

שישו ושמחו בשמחת תורה! . . .
האָט מיר אַ גוטן יום־טוב!

# שישו ושמחו בשמחת תורה!

שמחת־תורה, מיינע יום־טוב׳דיקע אידן, איז דער גרעסטער ספעקטאקעל נאָך יציאת־מצרים. און דורכגעפירט ווערט דער דאָזיקער ספעקטאַקעל פון פאָלק אליין, אָן דער הילף פון א רעזשיסאָר מיט „סטאר״־אַקטיאָרן. . . .

ראש־השנה און יום־כפור פארנעמען טאקע בא אידן דעם אויבן־אָן, אָבער דאָס זיינען גיכער פאָרכטיקע טעג, ימים נוראים, איידער ימים טובים. . . . דער גרויסער פארנעם איז דאָ אויך פאראן — א שטיינער, דאָס זאָגן „כל נדרי״ און אויף מאָרגן, „ונתנה תוקף״ — אָבער די ימים נוראים קאָנען זיך ניט באַגעהן אָן „סטארס״ . . . דאָ פארנעמט דעם אויבן־אָן דער רב, דער חזן, דער בעל־קריאה און בעל תקיעה; איבערהויפט דער חזן . . . ער לאָזט קיינעם ניט צו צום פסוק . . . ער זאָגט און דאָס פאָלק זאָגט נאָך וואָס ער זאָגט . . . ווי סטאטיסטן, להבדיל. . . . איבערהויפט זיינען זיי ראש־השנה און יום־כפור יחסנים . . . זיי ווייסן זייער וויכטיגקייט, און זיי גיבן עס אייך צום פיהלן . . . ווארים נאָך דעם רב, חזן, בעל־קריאה און בעל־תקיעה, האָט איר ערשט די כהנים, וועלכע דוכענען פאר אייך; די לויים, וועלכע וואָלטן דארפן זינגען פאר אייך (ווען דער בית־המקדש וואָלט נישט חרוב געווען); דערנאָך ערשט קומען די ישראלים — דאָס פאָלק. . . ווי שטענדיק, די לעצטע. . . . אָבער, וואָס קאָנט איר נעבעך זאָגן? עס איז יום־הדין, מוז מען ווארטן און שווייגן.

ווען־זשע קומט דאָס פאָלק צום וואָרט?

שמחת־תורה . . . בא איר — בא דער תורה — זיינען ניטאָ קיין יחסנים; אַלע קאָנען זיך פרעהען מיט איר, זיך קושן מיט איר בפני כל עם ועדה . . . איז — שישו ושמחו בשמחת־תורה! . . . עס איז פאָלקס־עקסטאַז, וואָס גיסט זיך אריבער אַלע ברעגן און ווייסט ניט פון קיין גרעניצן. . . .

עס איז דער איינציקער יום־טוב ווען מען מעג מאכן א שנעפּסל אין שוהל, און טאקע לכבוד דער תורה. . . . נו, טרינקט מען טאקע . . . און אז מ׳טרינקט, זינגט מען . . . „אָגיל ואשמח בזאת התורה״ . . . און אז מ׳זינגט, הויבן זיך פיס . . . טאַנצט מען. . . . און ווען מעג א איד טאַנצן אָן מורא, אז ער באַגעהט ניט קיין עבירה? — שמחת־תורה. . . .

מעגט איר דאָס שוין לאָזן צום פאָלק. מ׳דארף זיי ניט רעזשיסירן, ווען און ווי אזוי . . . נאָר עס זינגט זיך און עס טאַנצט זיך פון זיך אַליין. . . . דער שוסטער און דער קירזשנער, דער בעקער און דער שניידער האָבן היינט דאָס וואָרט אין שוהל, און זיי לאָזן זיך וואוילגעהן. . . .

עס איז א ספּעקטאַקל אָן צושויער . . . ווארים אלע צושויער זיינען אַק־

טיאַרן . . . אַלע ווי איינער נעמען אַן אנטייל . . . און יעדער איינער קלייבט זיך אויס אַזאַ ראָלע ווי אים געפעלט. . . .

עס איז „די אידישע קרוין" און „דאָס פינטעלע איד" געשפּילט פון פאָלק אַליין . . . און דערפאַר איז עס עכט, ניט נאָכגעמאַכט . . . עס איז טעאַטער אָן טעאַטראַלישקייט . . . אַפילו די ווייבער לאָזט מען היינט צו צו דער תורה. דאָס פאָלק האָט דאָס וואָרט, און די ווייבער זיינען אַ טייל פון פאָלק . . . לכבוד איר אייגענעם יום־טוב, וועט די תורה היינט פאַרקוקן, ניט מקפּיד זיין. . . .

קיין איין זאַך פעהלט ניט צום שמחת־תורה'דיקן ספּעקטאַקל — חוץ דעם סאַמע „שפּיעל", האָט איר דאָ אויך אילומינאַציע און די פאָנען . . . דגל מחנת יהודה . . . אידישע פאָנען, מיט ברענענדיקע ליכטלעך פון אויבן. און די הקפות . . . אַ ליכטיקע פּראָצעסיע, וואָס פילט אָן דעם פאָלק'ס הערצער מיט זאָרגלאָזער פרייד.

נו, איז עפּעס אַ וואונדער וואָס שמחת־תורה קומען אין שוהל אַריין יונג און אַלט, קליין און גרויס, מענער, ווייבער און קינדער, יחסנים און קבצנים, פרומע און אַפילו אַפּיקורסים? . . .

עס איז דעם פאָלק'ס יום־טוב. טאָ זאָל דעם פאָלק וואויל באַקומען. . . . שישו ושמחו בשמחת־תורה! . . . דגל מחנה יהודה! די אידישע פאָן וועט שטענדיק האָבן אַ ליכטל פון אויבן! . . .

# הנרות הללו אנו מדליקין

עס איז ערב חנוכה, מיינע פריינט, און דער ריח פון די לאַטקעס קיצלט שוין מיינע נאָזלעכער. . . . דער מעשענער חנוכה לייכטער שטעהט שוין בא מיר אויפ'ן טיש אָן אָפּגעפוצטער, און „מיינע" איז איצט ביזי וואַשנדיק די שויבן פון די פענסטער, כדי דער אָפּגלאַנץ פון די חנוכה־ליכטלאַך זאָל זיך קאָנען אָנזעהן וואָס ווייטער אין דער פינסטערער גאַס אַריין. . . . זאָלן די שטראַלן פון די קליינע אידישע חנוכה־ליכטלאַך זיך דורכרייסן דורך דער פאַר־קריסטמעסטער און פאַריאָלקעטער גאַס אין דער ווייטער וועלט אַריין. . . .

וואָס דאַרפט איר מער? אַפילו דער דריידל מיט זיין „נס גדל היה שם" ליגט שוין אויך בא מיר אויפ'ן טיש, גרייט זיך אַ לאָז צו טאָן איבער דער אויבערפלאַך פון טיש אויף איין פוס, מיט אַזאַ געדריי פּונקט ווי אַ באַלערינאַ פון דער מעטראָפּאָליטן אָפּערא. . . .

וואָרים פאַר מיר איז חנוכה ניט נאָר אַ נאַציאָנאַלער יום־טוב, אין וועלכן עס האָט פּאַסירט אַ גרויסער נס מיט אַ קליין קריגעלע בוימל, פאַר מיר איז

חנוכה אויך א פערזענליכער יום־טוב, ווייל איך בין געבוירן געוואָרן אום חנוכה (געניוער געדעדט צום דריטן ליכטל), און דאָס אַליין איז אויך ניט קיין קליינער נס . . . (וואָלט איך ניט געבוירן געוואָרן, וואָלט איצט אַן אַנדערער, אַ פרעמ־דער מענטש, געדאַרפט שרייבן פאַר אייך די דאָזיקע חכמות . . .).

אָבער אין דער אמת׳ן איז מיר חנוכה ליב און טייער ווי אַ נאַציאָנאַלער יום־טוב, אַ יום־טוב וואָס דעמאָנסטרירט אויף אַ ליכטיקן אופן דעם אידישן גייסט און זיין ווידערשטאַנדס־קראַפט. . . .

אַ־נו, לאָמיר נאָר אַ לאָז טאָן דעם דריידל . . . ער איז טאַקע געמאַכט פון בליי, אָבער זעהט ווי פלינק ער דרעהט זיך . . . און פאַלט אַזוי אומשולדיק. באַ אַנדערע פעלקער מאַכט מען פון דעם בליי קוילן, וועלכע שיסן און פאַרגיסן מענטשליך בלוט . . . די קוילן פליהען און די מענטשן פאַלן ווי בליי. . . . באַ אונז איז דער בלייענער דריידל אַן אומשולדיק שפּילצייג, פאַר קליין און גרויס. אפילו דער פאַרלירער האָט הנאה פון דעם שפּיל. . . . וואָס זאָגט ער דאָרטן דער דריידל? . . . און זאָגן עפּעס מוז ער, באַ אידן איז ניטאָ אַ שפּיל גלאַט אין דער וועלט אַריין. . . אַ שפּיל לשם שפּיל . . . דער דריידל מוז עפּעס זאָגן. איז וואָס־זשע זאָגט ער? . . . נס גדול היה שם . . . אַ גרויסער נס האָט פּאַ־סירט דאָרטן — אַ קליין קריגעלע בוימל האָט געברענט גאַנצע אַכט טעג . . . און דער גרעסטער נס איז, וואָס פון דעם בוימל איז ליכטיק געוואָרן אויף דורות און דורות שפּעטער . . . און עס ברענט נאָך . . . היינט קריגט מען זיך אַרום צוליב בוימל אפילו ביים פרידנס־טיש . . . און די גאַנצע וועלט איז אין הוילע ציטערניש אַז דער דאָזיקער בוימל זאָל ניט אַריינוואַרפן די גאַנצע וועלט אין אַ העלישן פלאַקער פון פאַרניכטונג. . . . הפנים, קיין ניסים פּאַסירן ניט היינטיקע צייטן. . . .

ניין, היינטיקע צייטן איז ווייניג אַ קריגעלע בוימל . . . מ׳דאַרף אַריינ־שטעלן עלעקטרישע לעמפּלאַך אין מיליאָנען מוחות . . . דאַמאָלסט וועט אפשר פּאַסירן אַ נס, נאָך גרעסער ווי דער נס חנוכה . . . דער נס פון שלום. . . .

נס גדול היה שם . . . אַמאָל האָט פּאַסירט אַ נס. . . .

פאַרוואָס ניט היינט? . . .

## גיט אַ שמייכל

# דער יום־טוב „ניו־יער"

איך האָב זיך שטענדיק געחידוש׳ט, פאַרוואָס אַזויפיל מענטשן איבער דער גאַנצער וועלט פאַלן אריין אין אַזאַ היסטעריש־פּאַטאַלאָגישער התפעלות (איר הערט אַ לשון ?...) ביים אָנקומען פון דעם נייעם יאָר, אַז מאַנכע פון זיי — מ׳קען זאָגן אַ היבש ביסל — פּעקלען זיך אַריבער פאַר גרויס שמחה (און פאַר אַן איבעריגן טראָפּן משקה) אַזש אויף יענער וועלט. . . . פון די וועלכע קומען אָפּ מיט צוקלאַפּטע נעזער, צובראָכענע שאַרבנס און אונטער־געהאַקטע זייטן, רייד איך שוין ניט . . . זיי צעהלן זיך אין די טויזנטער. . . . און מיינט איר, אַז דאָס טרעפט בלויז מיט כראָנישע אַלקאָהאָליקער, מיט „פּיאָניצעס", ווי מיין באָבע וואָלט זאָגן ? . . . האָט איר אַ טעות. . . . איר טרעפט צווישן די געשוואָלענע נעזער און אונטערגעהאַקטע בלויע אויגן גאַנץ בכבוד׳יקע בירגער — ביזנעסלייט, דאָקטוירים, לאָיערס, און אַפילו האָלי־וואוד׳ער מואָווי־סטאַרס, וועלכע האָבן ליב צו „פּיהלן" דאָס אָנקומען פון נייעם יאָר, אַפילו אַ פּאָר טעג נאָך „ניו־יעירס". . . . איז, מילא, פאַרגין איך זיי די שמחה . . . זיי זיינען אַלץ אויסנאַמספאַלן. . . .

אָבער וואָס איז אַזוינס די שמחה מיט „עמך", מיט׳ן פאָלק, מיט בערלען אָדער שמערלען, מיט „דזשאָן דאָו" — מיט די וועלכע ווערן אַ גאַנץ יאָר אויס־געריסן אַרבעטנדיק „צו מאַכן אַ לעבן" ? וואָס געהען זיי אַרויס „ניו־יער־איוו" אין די גאַסן, אין די מיליאָנען, איר זאָלט מיר מוחל זיין, פאַרשניאַשקעטע, און ווערן הייזעריק שרייענדיק „אַ העפּי ניו־יער" ? . . .

וואו ליגט דאָ דער סטיכישער פּראָצעס (איר הערט ווערטער ?...), וואָס דערוועקט אין זיי אַזאַ חיה׳שע פרייד, וועלכע האַלט אָן אַ גאַנצע נאַכט, און ענדיקט זיך, אין בעסטן פאַל, מיט אַ קאָפּ־וועהטאָג אויף מאָרגן נאָך דער שמחה ? . . . אָט בין איך דאָך אויך אויסגעמישט מיט אַזאַ רעדל פון טומלער, וועלכע זיינען שוין ווייט פון צו זיין ניכטער און וועלכע שרייען מיט באַנומענע קולות, אַז זיי ווייסן שוין אַליין ניט וואָס זיי שרייען. . . . פאַרוואָס „נעמט" מיך ניט די דאָזיקע פרייד ? . . . בין איך ניט דער זעלבער מענטש וואָס זיי אַלע ? . . . זאָל דאָס אפשר זיין דערפאַר וואָס איך בין אַ ליטוואַק ? . . . אַ ניכטערער קאָפּ, אַזוי צו זאָגן. . . . האָב איך דאָך אָבער אויך אַ היבש ביסל געטרונקן . . . און דאָך, אַז איך וויל אין מיר געפינען די אינערליכע פרייד, וואָס איז אייגנטליך די טרייב־קראַפט פאַר דער איבערגעפילטער מאָס פון ענטו־זיאַזם, וואָס מ׳רופט ניי־יאָר פּסיכאָז (פאַרפאַלן, איך האָב אָנגעפאַנגען מיט הויכע ווערטער, מוז איך שוין געהן ביז אַרונטער), קען איך דאָס אין מיר ניט געפינען. . . .

אַט אַזוי האָב איך געטראַכט און זיך געבראָכן דעם קאָפּ אין די עטליכע שעה וואָס זיינען מיר נאָך פאַרבליבן פון דער ניו־יערס נאַכט. איך האָב זיך שוין ניט געקענט דערוואַרטן עס זאָל ווערן טאָג — דער ערשטער טאָג פון דעם נייעם יאָר. פיליִיכט וועל איך אויף מאָרגן — אַזוי האָב איך געטראַכט — אויסגעפינען דעם פאַרוואָס און פאַרווען? . . . אויף שנעל האָב איך זיך אָנ־געטאָן, אַ קוק געטאָן אין שפּיגל אויף זיך אַליין — כ'האָב געמיינט, אַזוי ווי עס איז איצט אַ נייער יאָר, וועל איך אויסזעהן אַביסל אַנדערש . . . פיליִיכט פרישער . . . נייער. . . . אַ נעכטיקער טאָג, פון דער נעכטיקער הוליאַנקע זיינען מיר נאָך צוגעקומען עטליכע נייע קנייטשעלעך — די איינציקע נייקייט וואָס האָט זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן. . . . איך בין צוגעגאַנגען צו דער וואַנט אויף וועלכער דער נייער קאַלענדאַר העגגט — דעם אַלטן האָב איך נאָך ניט געהאַט אַרויסגעוואָרפן. איך קוק פון איינעם אויף דעם צווייטן, איך וואָלט געוואָלט עפּעס באַמערקן, אָדער פיהלן דעם חילוק צווישן זיי ביידן, אָבער איך „פיהל" ניט . . . ביידע קוקן זיי גלייך שטום אויף מיר און איך אויף זיי. . . . איך געה צו צום פענסטער, קוק אַרויס אין דרויסן — דער זעלבער הימל וואָס נעכטן און אייערנעכטן. . . .

— הייסט עס — טראַכט איך צו מיר אַליין — אַז דאָ האָט זיך גאָרנישט געענדערט. . . . אויב דער נעכטן איז פּונקט ווי דער היינט, און דער היינט ווי דער מאָרגן, טאָ פון וואַנען איז געדרונגען אַז נעכטן האָט זיך געענדיקט דער אַלטער יאָר און היינט הויבט זיך אָן אַ נייער? . . . וואו איז דאָ דער גרעניץ צווישן דעם אַלטן און דעם נייעם? . . . און פון וואַנען ווייס איך אַז איך האָב אַריבערגעטראָטן פון דעם אַלטן יאָר אין דעם נייעם? . . . באַ מיר אין שטוב, למשל, אַז איך קום אַהיים, און טרעט אַריבער די שוועל, ווייס איך — ניין, איך זעה עס בפועל ממש — אַז איך בין אַריינגעקומען פונ'ם דרויסן אינעווייניק אין שטוב אַריין. צי קען איך זאָגן דאָס זעלבע וועגן דעם אַלטן און דעם נייעם יאָר? . . . דאָ האָט זיך פיזיש גאָרניט געענדערט. . . . נו, איך קען דאָך אָבער ניט זאָגן, אַז די צייט שטעהט אויף איין אָרט . . . ווייסן מיר דאָך אַלע, אַז „טאַים מאַרטשעס אָן" . . . הייסט עס, אַז מיר „מופן" יאָ . . . מיר געהען פאָרוועדטס . . . איז פאַרוואָס אויך נישט געהן צוריקוועגס? . . . אין שטוב, למשל, אַז איך טרעט אַריבער מיין שוועל, קען איך, אויב איך וויל, געהן אויף צוריק, אין דרויסן אַרויס . . . קען איך דאָס טאָן מיט מיינע יאָרן אויך . . . געהן צוריקוועג? . . . ניין, דאָס וואָלט געווען חוץ מדרך הטבע — ניט נאַטירליך, הייסט עס — אָבער גוט וואָלט דאָך דאָס געווען . . . איך וואָלט מיר אויסגעקליבן די גוטע יאָרן און צוריקגעגאַנגען צו זיי . . . און זאָלן די שלעכטע יאָרן מיך געהן זוכן. . . . קען דאָס אָבער ניט געמאָלט זיין — איינמאָל

## גיט אַ שמייכל

אריבער די שוועל פון די יאָרן, מוזט איר האַלטן, און געהן ווייטער און ווייטער — ביז . . . מילא, וואָס איז דער חילוק ביז ווען ? . . . דער עיקר איז דאָך, אַז מ׳קען ניט צוריקגעהן. איז וואו, איך בעט אייך, שטעקט דאָ די שמחה, וועלכע פילט אַן די הערצער פון מיליאָנען מענטשן מיט דעם אָנקומען פון דעם נייעם יאָר ? . . .

נאָר איין מענטש, האָב איך זיך געטראַכט, קען מיר ענטפערן אויף אַזעלכע הארבע שאלות — מיין פעטער גרונם. . . .

איך האָב אים געטראָפן באַ אַ גלעזל טיי, און איך האָב אים גלייך פאַרוואָרפן מיט מיינע קלאָץ־קשיות. . . .

— כאַפּ ניט — האָט מיין פעטער געלאַכט גוטמוטיק, אַ צופרידענער מיט זיך אַליין — צוערשט טרינק אַ גלעזל טיי. באַשע־גיטל, דערלאַנג אים טיי, און מיר גיס־אָן אַ פרישע גלאָז. חידוש זיך ניט, וואָס איך טרינק ניו־יערס טיי, ווען אַלע טרינקען משקה — שנאַפּס צורייצט דעם געמיט . . . טיי, קילט אָפּ. האָסט אַמאָל געטרונקען אַ הייסע גלאָז טיי אין אַ הייסן זומער־טאָג ? די היץ ברענט סכנות נפשות, אָבער דיר איז קיהל פון דער הייסער טיי. . . . דערפאַר זיינען די כינעזער אַ פאָלק פון פילאָזאָפן — זיי טרינקען טיי. . . . און איצט, פלימעניק מיינער, ווילסטו וויסן פאַרוואָס מענטשן פרעהען זיך אַזוי מיט׳ן נייעם יאָר, ווען אין דער אמת׳ן איז נישטאָ קיין חילוק צווישן דעם נייעם און דעם אַלטן ? . . . וועל איך דיר זאָגן: פרייד איז, פלימעניקל מיינער, אַן אילוזיע — דער היפוך פון דער ווירקליכקייט . . . באַהאַלט זיך דאָס פאָלק אונטער זיין אייגן־געשאַפענער אילוזיע, כדי צו אַנטלויפן פון דער ווירקליכקייט. אויב דער היינט איז ניט אַנדערש פון דעם נעכטן, דאַרף מען אים מאַכן אַנדערש . . . מ׳דאַרף זיך מאַכן פרעהליך, און פרעהליכקייט איז אַנשטעקנדיק. דאָס פאָלק ווייסט, אַז די ווירקליכקייט וועט ניט אַנטלויפן . . . אַנטלויפט דאָס פאָלק פון דער ווירקליכקייט. . . . אַזוי איז דאָס פון אייביק אָן. . . . גיב דעם פאָלק ברויט און טעאַטער, און פון זייערטוועגן מעג רוים ברענען. . . . אַזוי איז דאָס געוועזן אין די צייטן פון נערא, אַזוי איז דאָס היינט צו טאָג. . . . זאָלסט האָבן אַ כלל, ווען דאָס פאָלק פרעהט זיך, ווען דאָס פאָלק טאַנצט, שפּרינג אַריין אין רעדל, טאַנץ מיט. . . . קענסט ניט בלייבן ניכטער, ווען דאָס פאָלק איז שיכור — און פרייד פאַר׳שיכור׳ט. . . . ווילסט אפשר נאָך אַ גלעזל טיי ? אַזוי ביזטו אַ מענש. טרינק און קיהל דיר אָפּ די געדאַנקען. . . . באַשע־גיטל, גיב מיר אויך נאָך אַ גלאָז, בלויז איין מאָל לעבט מען אויף דער וועלט, זאָל זיין חי־געלעבט ! . . .

טייערער פעטער מיינער . . . ניט אומזיסט איז ער קליגער פון מיר . . . ער טרינקט מער טיי פון מיר. . . .

# אַ געשפּרעך מיט המנ׳ען

ערב פּורים. די באַן יאָגט זיך מיט מיר פון באָסטאָן נאָך ניו־יאָרק.

ס׳האָט זיך מיר פאַרבענקט נאָך מיין מאַמע׳ס טיש, נאָך דער מאַמע׳ס המן־טאַשן, האָב איך געכאַפּט די ערשטע באַן נאָך ניו־יאָרק, און איר פּאָר.

די באַן לויפט מיט איר ריטמישער טעמפּאָ. איך וואָלט געקענט שווערן, אַז די רעדער קלאַפּן אויס צום טאַקט, „היינט איז פּורים, מאָרגן איז אויס, גיט מיר אַ גראָשן און וואַרפט מיך אַרויס״. . . .

און כאָטש עס איז פּורים, און איך פאָר זעהן דער מאַמען, איז מיר אויפ׳ן האַרצן עפּעס גאָרניט פרעהליך. די צרות פון דער וועלט, צוזאַמען מיט די אידישע צרות, לאָזן ניט לעבן. עס צופּט . . . עס מאָנט . . . אפילו דער מאַמע׳ס המן־טאַשן וועלן מיך ניט באַפרידיקן. . . .

און, ווי אַלע מאָל, ווען דאָס האַרץ איז מיר שווער און אָנגעלאָדן מיט אידישע צרות, פאַרטיף איך זיך אין אונזער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. איך זוך צו שאַפן אַ פּאַראַלעל פון דעם ווייטן אַמאָל ביז היינט, און דאָס גיט מיר מוט פאַר דער צוקונפט. האָב איך דאָס מאָל מיטגענומען מיט מיר אויפ׳ן וועג אַן אַלטע מגילת אסתר מיט אילוסטראַציעס — נאאיוו געמאָלענע בילדער פון המנ׳ען מיט זיינע בנים, אַ. אַז. וו.

לאָמיר אָקאָרשט דורכקוקן די מגילה.

— הם — האָב איך אַרויסגעברומט צו זיך אַליין — המנ׳קע הענגט נאָך אַלץ אויף דער תליה . . . רעכט אויף אים . . . האָט ער ניט געזאָלט זיין קיין המן. . . .

— וואָס בורטשעסטו דאָרטן? — האָב איך דערהערט אַ כאָרכעלדיקע שטימע, וואָס האָט געקלונגען אַביסל ווי היטלער׳ס קול — און ווער ביסטו?

איך בין געבליבן זיצן אַ פאַרגאַפטער. פּונקט ווי „מיקי מאַוז״ בא וואָלט דיזני, אַזוי האָט המן בא מיר אין דער מגילה באַקומען לשון. . . .

— דערקענסט מיך ניט? — האָב איך צוריקגעענטפערט, נאָכדעם ווי איך בין געקומען צו זיך פון מיין איבעראַשונג — איך בין דאָך מרדכי׳ס אַן אייניקל . . . וואָס מאַכסטו ? . . . ווי אַזוי פּיהלסטו ? . . .

— ניט גוט — האָט המן זיך באַקלאָגט — די פּעטליע דערגעהט מיר די יאָרן. . . .

— ס׳איז דיין אייגענע שולד — האָב איך אים אויפגעוואָרפן — האָסטו ניט געזאָלט זיין אַזאַ צורר היהודים.

## גיט אַ שמייכל

— האַ — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט אַן אויסגעדאַרטער האַנט — וואָס מען טוט פאַר אייך, אידעלעך, געפעלט אייך ניט. . . . איך האָב דאָך געמיינט אייער טובה. ווען איך וואָלט אומגעבראַכט אַלע אידן, וואָלט איר איצט פאַרשפּאָרט צו ליידן. . . .

— מוחל דיין טובה — האָב איך אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ קאַלטן בליק — אַלע אַנטיסעמיטן זוכן רק אונזער טובה, אפילו היטלער, ימח שמו וזכרו. . . .

— דערמאָן מיר ניט זיין טרפה'נעם נאָמען — האָט זיך המן אַזש אַ צאַפּל געטאָן, און די פּעטליע האָט זיך נאָך טיפער איינגעשניטן אין זיין האַלז.

— ווי קומט עס? — האָב איך געוואָלט וויסן — ער איז דאָך דיינער אַ קאָלעגע.

— ס'איז זיין גליק — האָט המן אַרויסגעכאָרכלט — וואָס איך הענג און ער ליגט אין דער אדמה . . . איך וואָלט אים שוין געוויזן, דעם שמירער . . . ער איז דאָך אַ נאָכמאַכער, אַ נאָכמאַכער, ער מאַכט דאָך מיר נאָך . . . און איך פאַרגין אים ניט די פּובליסיטי וואָס ער האָט געקראָגן. . . . מ'רעדט דאָך פון אים מער ווי פון מיר. . . .

— האָסט זיך ניט וואָס צו באַקלאָגן — האָב איך אים געטרייסט — מיר אידן דערמאָנען דיך גענוג.

— האַ — האָט המן דאָס אָוועקגעמאַכט מיט אַ קרומער מינע — איך בין שוין מיד פון אייך, אידעלאַך, מיט אייער גראַגערן . . . איר טומלט צופיל. . . . אפשר וואָלסטו מיך אַרונטערגענומען פון דער תליה?

— פון מיינעטוועגן — האָב איך אים געענטפערט — מעגסטו הענגען. מיר האָבן איצט גרעסערע המנ'ס פון דיר. . . . זאָג נאָר, מרדכי'ן געדענקסטו נאָך?

— איך וועל אים קיינמאָל ניט מוחל זיין — האָט המן געדרעוועט — דאָס וואָס ער איז געריטן אויפ'ן פערד און איך האָב אים באַדאַרפט פירן. . . . אַזוי זענט איר אַלע מרדכי'ס, איר ווייסט ווי אַזוי זיך אַרויפצוכאַפּן אויפ'ן פערד . . . און מיר, די הונדערט־פּראָצענטיקע אַריער, דאַרפן אייך פירן. . . .

— כאַ, כאַ, כאַ — האָב איך זיך צולאַכט — איך בין צופרידן וואָס אחשורוש האָט אויפגעהאַנגען דיך, אַ הונדערט־פּראָצענטיקן אַריער, וואָרים טאָמער הענגט מען אויף אַ אידן, ווילט זיך אים באַלד ווערן אַ גאָט. . . .

— טו מיר אַ טובה און נעם מיך אַראָפּ פון דער תליה — האָט זיך המן געבעטן — איך דאַרף זיך טרעפן מיט אַן אַלטן קאָלעגע, איך וויל צוגעהן צו פּרעה'ן. . . .

— יאָ, וואָס מאַכט ער עפּעס, דער אַלטער בלוט־זויגער? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— ער שטעקט נאָך אין רויטן ים איבער די אויערן — האָט המן געענט־פערט. אויב דו ווילסט, וועל איך דיך נעמען צו אים. . . .
— זאָל ער זיך טרינקען — האָב איך געענטפערט — מיט אים וועל איך זיך זעהן ערב־פסח, און דו האָב מיר אַ גראַגערדיקן פורים — האָב איך מיט אַ קלאַפּ פאַרמאַכט די מגילה.
— האָטש — האָט המן אַ קרעכץ געטאָן.
די באַן־רעדער זיינען מיט אַ סקריפּען אריין אין פענסילווייניע סטעישאַן.

## פּסח צום סדר בא טאַטע־מאַמע׳ס טיש

עס איז פּסח צום סדר בא טאַטע־מאַמע׳ס טיש. מיר האָבן שוין לאַנג אָפּגעזאָגט די הגדה און אויסגעטרונקען די ארבע כוסות, נאָך מיט אַ שמיצל אריבער . . . בלויז דער כוס פון אליהו הנביא איז נאָך גאַנץ און ניט באַרירט, און אַלע געסט ביים סדר טיש וואַרטן מיט שפּאַנונג אויף דעם גרויסן גאַסט — ווען וועט זיך שוין אליהו באַווייזן? מיין מוטער, אַ פרומע אידענע, גלויבט באמונה שלימה, אַז אליהו איז שוין געווען און פאַרזוכט פון דעם ווין, אַ סימן האָט איר, אַז דער כוס שאָקלט זיך. . . . מיין פאָטער, וועלכער איז ניט אַזאַ גלויביקער, וואַרט פונדעסטוועגן אויף אַ נס — אפשר וועט ער טאַקע אריינקומען? . . . אויב ער האָט געקאָנט ארויפפליהען אין הימל אריין מיט אַ פייערדיקן רייטוואָגן, קאָן ער דאָך איין מאָל אַ יאָר קומען בא אידן צום סדר, פאַרזוכן אביסל ווין . . . איבערהויפּט נאָך אייגענע געשטעלטע ווין. . . . נאָר מיין פעטער גרונם גלויבט נישט די גאַנצע מעשה.

ער גלויבט נישט, אַז אליהו וועט קומען, פונקט ווי ער גלויבט ניט אַז ער איז ארויפגעפלויגן אין הימל אריין. . . . — מ׳קאָן דאָרט ניט אָנקומען — זאָגט ער — אפילו מיט׳ן שנעלסטן עראָפּלאַן, ווי אַזוי־זשע האָט דאָס אליהו געמאַכט מיט אַ רייט־וואָגן? . . . די טאַנטע לאָזט אים ווייטער ניט ריידן.
— הער אויף — זאָגט זי צו אים —האָסט זיך שוין צורעדט? וועסט באַלד בא מיר פליהען. . . . ביסלעכווייז נעמען זיך קלעפּן די אויגן, אייניגע פאַר־וואַרפן שוין די קעפּ אויף אַ זייט, די שווערע סדר־סעודה מיט׳ן ווין האָבן געטאָן זייערס . . . און עס נעמט ניט לאַנג ביז איך בלייב אַליין ביים טיש. איך מיט אליהו׳ס כוס, וועלכער איז נאָך אַלץ פול, און פינקלדיק מיט רויטן שוים.

איך וויים ניט ווי לאַנג איך בין אַזוי געזעסן, ווען איך האָב פּלוצים באַ־מערקט ווי דער ווין אין אליהו׳ס כוס באַוועגט זיך, און ווערט אַלץ ווייניקער.

## גיט אַ שמייכל

איך הויב אויף מיינע אויגן, און צו מיין גרויסער איבערראַשונג האָב איך דער־זעהן פאַר זיך די מאַיעסטעטישע געשטאַלט פון אליהו הנביא.

— מיר האָבן זיך שוין ניט געקאָנט דערוואַרטן אויף דיר, געטליכער נביא — האָב איך אויסגערופן.

— סאָרי דהאַט אַי עם אַ ליטל לעיט — האָט אליהו מיר געענטפערט אויף ענגליש — עפּטער אָלל אַי עם אָנלי יומען . . . פאַראַן קיין עין הרע אַזוי פיל אידישע סדרים און מ'דאַרף אַלעמען אַטענדן. . . .

— ווי קומט' עס וואָס דו רעדסט ענגליש? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— סוירקומסטענסעס, מאַי פרענד, אומשטענדן, יו נאָו . . . — האָט אליהו אַ זיפץ געטאָן — מאָדערן טאַימס . . . און איך מוז נאָכטאַנצן . . . וואָס פאַר אַ אידן, אַזעלכע נביאים . . . אנשטאט דאַוונען, האַלט מען „סוירמענס", בר־מצוה דרשות האַלט מען אויף ענגליש, פון אידישקייט איז געוואָרן „דזשודאַ־איזם" . . . וואָס־זשע האָב איך געקאָנט טאָן? אַז דו טרינקסט מיט יענעם וויין, יו נאָו, מוזטו ריידן מיט יענעמ'ס שפּראַך. . . .

— וואָס־זשע טוסטו אַ גאַנץ יאָר? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— דאָנט עסק — האָט אליהו געענטפערט און אויסגעזופּט דעם וויין ביז צום דנאָ — אַ האַלב יאָר נעמט מיר דאָס גרייטן זיך צום סדר, און אַ האַלב יאָר געדויערט איידער איך ניכטער זיך אויס פון דעם סדר. . . . דאַן הויב איך זיך ווידער אָן צו גרייטן. . . .

— ווי איך זעה האָסטו ניט פיינט דעם טרונק — האָב איך אים אַ קיבעץ געטאָן.

— וואָס מיינסטו— האָט אליהו טיפער אַ זיפץ געטאָן — פאַראַן אַזוי פיל אידישע צרות אויף דער וועלט, אַז איך מוז טרינקען . . . יו נאָו . . . אַי דרינק טו פאַרגעט. . . .

— וועל — האָב איך שוין אויך אים געענטפערט אויף ענגליש — וואַי דאָנ'ט יו דו סאַמטהינג עבאַוט איט? ביזט דאָך אויבן עפּעס אַ שטיקל מאַכער, וואָס איז גאָאינג־אָן דהער אפּסטערז, עניוועי? . . .

—אויב דו ווילסט וויסן — האָט אליהו געענטפערט — וועל איך דיך מיטנעמען מיט מיר . . . קאַם אָן. . . . און איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט אים צו ענטפערן, האָב איך געפילט, אַז איך פלי . . . העכער . . . העכער . . . גלייך אין הימל אַריין. מיט אַמאָל אַ בוכטש . . . איך בין אַראָפּגעפאַלן פון דעם בענקל אויף וועלכן איך בין געזעסן. . . .

הפּנים, אַז צופיל וויין איז ניט געזונט צו טרינקען אפילו צום סדר. . . .

# גאָד בלעס אַמעריקאַ

עס איז שוין געוואָרן באַ מיר אַ טראַדיציע פאַר די לעצטע עטליכע יאָר, אַז „דעקאָרעישאַן דעי״, ווען דאָס גאַנצע לאַנד פּייערט דעם אָנדיינקען פון אירע געפאַלענע העלדן, זאָל איך באַזוכן דעם קבר פון דעם „אומבאַקאַנטן סאָלדאַט״ און זיך דורכריידן מיט אים, האָבן מיט אים אַן אינטערוויו, און אַזוי אַרום אויסגעפינען וואָס די וועלט פון די גייסטער דענקט פון אונז לעבע־דיקע בשר־ודם׳ס, און צי האָבן מיר נאָך אַ שייכות איינס צו די אַנדערע. . . .

די סעמעטערי איז געווען פול מיט מענטשן, וועלכע זיינען געקומען באַ־זוכן די קברים פון זייערע ליבסטע און לייגן אַ בלומען־קראַנץ אויפ׳ן קבר פון „אונבאַקאַנטן סאָלדאַט״. איך האָב אַוועקגעלייגט מיין בלומען־קראַנץ און אָנגעקלאַפּט דריי מאָל אין דער מצבה אָן אַ נאָמען . . . אונזער אָפּגעמאַכ־טער סימן, אַז איך וויל ריידן צו אים. . . .

— וואָס מאַכסטו, מיין אונבאַקאַנטער פריינט? — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן — און ווי פיהלסטו? . . .

אַ דאַנק, „באַדי״, פאַר׳ן נאָכפרעגן — האָב איך דערהערט זיין הייזעריקע שטימע פון קבר אַרויס. — קערפּערליך האָב איך זיך שטאַרק פאַרענדערט פון פאַראַיאָרן ביז היינט . . . וואָלסט מיך כמעט ניט דערקענט. . . . אָבער גייסטיק בין איך נאָך אַלץ פריש און לעבעדיק. . . .

— ווי אַזוי האָסטו פאַרבראַכט דעם יאָר? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— אין איינזאַמקייט, „באַדי״ — האָט ער מיר געענטפערט, און אין זיין טאָן איז געלעגן אַ פאָרוואורף — עס איז ניט גוט צו זיין אַליין . . . ניט אויף דער וועלט און ניט אויף יענער וועלט. . . . אַ מענטש, זאָלסטו וויסן זיין, בייט ניט זיין נאַטור בלויז דערפאַר וואָס ער איז קערפּערליך געשטאָרבן . . . עס בענקט זיך נאָך אַ גוט וואָרט פון אַ פריינט, אַ גואל, אַ קרוב. . . . און דאָס פעהלט מיר. . . . מיינע חברים דאָ האָבן אָפטע באַזוכער . . . איך הער ווי די משפחות זייערע ריידן זיך דורך מיט זיי . . . און עס ווערט מיר אומע־טיק אויפ׳ן האַרצן. . . . „באַט אַי דאָנ׳ט בלעים מאַי פעמילי״ . . . זיי ווייסן דאָך אפילו ניט וואו מיין געביין איז אַהינגעקומען. . . .

— דערפאַר, אָבער, ווען עס קומט „דעקאָרעישאַן דעי״ — האָב איך אים פּרובירט אויפמונטערן — ווערסטו דאָך געעהרט פון גאַנצן לאַנד. דער

## גיט אַ שמייכל

פּרעזידענט אַליין ליגט דאָך אַ קראַנץ בלומען אויף דיין קבר . . . ניט יעדער מענטש פאַרדינט זיך אַזאַ כבוד. . . .

— איך קאָן ניט לייקענען אַז דאָס איז אַ גרויסער כבוד — האָט ער גע־רעדט אין אַ צופרידענעם טאָן — כאָטש, גלויב מיר, ווען איך האָב געטאָן מיין „ביט" פאַר אונזער לאַנד, האָב איך עס ניט געטאָן פאַר כבוד . . . בעליוו מי. . . איך בין אריין אין דינסט פּונקט ווי מיליאָנען אַנדערע „באַדיס", פריהער ניט וויסנדיק פאַר וואָס און צוליב וועמען . . . און ערשט שפּעטער אויסגעפינענדיק וואָס פאַר אַ שרעקליכן שונא מיר דאַרפן בייקומען . . . און ערשט דאַמאָלסט האָב איך זיך געוואָרפן אין פייער מיט חשק . . . מיט ברען. עס איז מיר נאָר אַ פאַרדרוס — האָט ער אַ זיפץ געטאָן — וואָס מיר איז ניט באַשערט געווען „טו פיניש דהי דזשאָב". . . . אָבער איך בין ניט דער אייג־ציקער וואָס איז אומגעקומען אין מיטן דער אַרבעט . . . ערשט פאַראַיאָרן האָט מיין „קאָמענדער־און־טשיעף", פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט, געלייגט אַ קראַנץ בלומען אויף מיין קבר, און איצט איז ער שוין אויך אומגעקומען . . . איידער ער האָט „געפינישט" זיין דזשאָב . . . „ענד דהאַט וואָרריעס מי". . . .

— דאָס גאַנצע לאַנד קאָן נאָך ניט קומען צו זיך איבער זיין טויט — האָב איך אים צוגעגעבן — אָבער דו דאַרפסט זיך טרייסטן דערמיט וואָס זיין נאָכ־פאָלגער, און הינטער אים דאָס אַמעריקאַנער פאָלק, געהען נאָך אין רוזוועלט'ס טריט און פאָלגן נאָך זיין פּאָליסי. . . .

— ניין, ניין! — האָט ער זיך אַ טרייסל געטאָן אַזוי, אַז איך האָב גע־הערט ווי זיינע ביינער קלאַפּן זיך אָן אָן די ברעטער פון זיין אָרון — רוזוועלט האָט נאָך געדאַרפט לעבן, כאָטש נאָך צען יאָר. . . . אַמעריקע און די גאַנצע וועלט האָבן אים איצט באַדאַרפט נאָך נויטיקער ווי פריהער . . . ער איז גע־ווען דער מייסטער פון דעם „גאָלדענעם מיטל־וועג" . . . ער האָט געוואוסט ווי אַזוי צו האַלטן דעם באַלאַנס . . . אַז מיר זאָלן נאָכ'ן קריג, חלילה, ניט פאַר־לירן דעם שלום . . . וואָרים די געפאַהר איז גרויס אַז דאָס זאָל, גאָט באַהיט, פּאַסירן. . . . מיין ניט, אַז מיר דאָ ווייסן ניט. . . . נאָך איידער מ'זעצט זיך צום שלום־טיש, טליהען שוין ערגעץ קנייטלעך וואָס קאָנען, חלילה, אָנצינדן די וועלט צום דריטן מאָל. . . . פריהער פּוילן . . . איצט יוגאָסלאַוויע . . . טשעכאָסלאָוואַקיע . . . בערלין . . . דאָס זיינען צינד־באָמבעס, וועלכע מ'דאַרף אויסלעשן איידער זיי צופלאַקערן זיך. טהו מיר אַ טובה, „באַדי", דו ביזט דאָך עפּעס אַ שרייבער . . . ווען דו געהסט אַהיים, לאָז זיי דאָרטן וויסן ווי אַזוי מיר דאָ, די „באַדיס" וועלכע האָבן זייערע לעבנס אוועקגעגעבן דערפאַר אַז זיי זאָלן זוכה זיין צו לעבן בשלום, זיינען אומרוהיק. . . . זאָג זיי, אַז דאָס ווערטל „דהעי דיד נאַט דאַי אין וועין", זאָל פון זיי באַגליים ווערן מיט ריכטיקע

מעשים, מיט טהאטן, אנשטאט פראזן. . . . וויל יו? . . .
איך האָב זיך מיט אים געזעגנט, צוזאָגנדיק אים, אז איך וועל דער וועלט איבערגעבן זיינע ווערטער. . . . אין דער זעלבער צייט האָט א מיליטערישער אָרקעסטער אויפגעשפילט די אמעריקאנער נאציאָנאַלע הימנע, וועלכע איז אין דער זעלבער מינוט געזונגען געוואָרן פון מיליאָנען מיילער איבער'ן גאַנצן לאַנד. און מיטזינגענדיק „דהי סטאַר ספענגלד בענער", האָב איך דערפיהלט אז די האָפנונג פון דער גאַנצער וועלט איז אין אמעריקע . . . און אין אלץ וואָס אמעריקע שטעלט מיט זיך פאָר. . . .
גאָד, בלעס אמעריקא!

# אינטערוויו מיט'ן אַלטן יאָר

אין דער צייט ווען איר, מיינע פריינט, וועט לייענען די דאָזיקע שורות, וועט דער אַלטער יאָר שוין זיין כמעט ווי איינגעפּאַקט, און גרייט אונז צו פאַר־לאָזן — אוועקצוגעהן אין יענער אייביגקייט פון וואַנען קיינער קומט מער ניט צוריק — אונזערע אַלטע יאָרן אריינגערעכנט. . . . און כאָטש קיינער בענקט ניט צופיל נאָכ'ן אַלטן יאָר, ווייל מען דערוואַרט שטענדיק עפּעס בעסערס פון דעם נייעם יאָר, פונדעסטוועגן האָב איך געפונען פאַר נויטיק צו געזעגענען זיך מיט אים פּערזענליך, און פאַר איין וועג טאָקע כאַפּן א קוק אין זיין טאָרבע, צו זעהן וואָס, א שטייגער, דער „אַלטער" נעמט מיט זיך מיט אויף דער ווייטער רייזע. . . .

איך האָב אים געטראָפן, ווי דער שטייגער איז, מיט אַלטע און אומפאָפּו־לערע לייט . . . איינזאַם און פאַרלאָזן. אפילו זיין פריינט סאַנטא קלאָוז, איז שוין געווען צוריק ביים נאָרד פּאָל. . . . אן איינגעבויגענער, קוים זיך האַלטנ־דיק אויף די פיס, האָט ער מיט זיינע דאַרע,ביינערדיקע הענט עפּעס געפּאַקט אין דער טאָרבע אריין. . . .

— וואָס מאַכסטו, אַלטער פריינט? — האָב איך אים באַגריסט ווי אַן איינגענעם.

— עט — האָט ער אָפּגעזיפצט — ווי אויף דער עלטער . . . קיינער קוקט זיך ניט אום אויף אַן אַלטן מאַן. . . . ס'איז מיר אַ וואונדער וואָס דו האָסט זיך דערמאָנט אָן מיר. . . .

— פאַרוואָס ניט? — האָב איך אים א קלאַפּ געטאָן גוט־ברודעריש איבער דער פּלייצע — עפּעס האָבן מיר דאָך פאָרט געלעבט א שטיק צייט צוזאַמען. אמת, פאַר־א־יאָרן, ווען דו האָסט אריינגעמופּט צו מיר, האָב איך געלעגט אויף

## גיט אַ שמייכל

דיר גרויסע האָפענונגען. . . . ווען איך וואָלט געוואוסט אַז דו וועסט מיך אַזוי אָפּנאַרן, אַנטוישן, וואָלט איך אַפּילו ניט געגאַנגען וואוינען מיט דיר. . . .

— אהא ! — האָט ער אַרויסגעשאָסן מיט כעס, און זיינע אויסגעלאָשענע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן — הויב זיך אָן מיט אַ אידן ! . . . גיב אים אַ פינ־גער, וויל ער די גאַנצע האַנט. . . . וואָס האָב איך דיר אַזוינס שלעכטס געטאָן ?

— דאָס, וואָס דו האָסט מיר קיין גוטס ניט געטאָן — האָב איך אים אַ קיבעץ געטאָן — איז שוין אויך שלעכט גענוג. . . .

— הויבט זיך אָן אַ מעשה — איז דער אַלטער ווייכער געוואָרן — וואָס מיינסטו, דו ביזט באַ מיר איינער ? . . . איך האָב פּלעניטי מענטשן גוטס געטאָן . . . און זיי האָבן מיך אויך פאַרגעסן . . . קענען זיך שוין ניט דער־וואַרטן אַז איך זאָל אַוועקגעהן. . . . נו, האָב איך דיך גראָד פאַרזעהן. . . . וואָס האָסטו צו מיר ? . . .

— פּלעניטי ! — בין איך שוין אויך געוואָרן אין כעס — קודם כל בין איך צוליב דיר מיט אַ יאָר עלטער געוואָרן. . . . צווייטנס, האָסטו מיר צו די אַלטע צרות צוגעלעגט אַ היבש ביסל נייע. . . . איז, מילא, צו די אַלטע צרות בין איך שוין געווען צוגעוואוינט; צו וואָס האָסטו נאָך צוגעלעגט נייע ? . . . דו זאָגסט דאָך, אַז אָן מיר האָסטו אינגאַנצן פאַרגעסן, פאַרוואָס־זשע האָסטו ניט פאַרגעסן מיר צוצולעגן אַ פרישן פעקל צו די אַלטע צרות ? . . .

— דו האָסט צרות ? — האָט דער אַלטער געלאַכט מיט אַ דריבנעם גע־לעכטערל — וואָס אַ שטייגער פעהלט דיר ? . . . ביזט געזונט, דאַכט מיר, גאָר ניש'קשה'דיק . . . דיין אַפּעטיט אַרבעט אויך גוט . . . אַ לעבן מאַכסטו ? סאָ, וואַט אַר יו קיקינג ? . . . עס זיינען דאָ מענטשן וואָס זיינען ערגער אָפּ פון דיר . . . פרעג מיך.

— זינדיק ניט, גוטער ברודער ! — האָט דער אַלטער צו מיר געטייטלט מיט אַ ביינערדיקן פינגער — די וועלט איז געווען אַ סך ערגער אָפּ איידער איך בין אויף דער וועלט געקומען. די צרה איז מיט אייך, מענטשעלעך, וואָס די שלעכטע זאַכן געדענקט איר, און די גוטע פאַרגעסט איר. . . . ווי לאַנג צוריק איז דאָס געווען, ווען דו אַליין האָסט פשוט געטאַנצט פאַר פרייד וואָס די גרעסטע שונאים פון דער מענטשהייט בכלל, און פון די אידן בפרט, העגנען באַ מיר אויף די תליות ? . . . הא ? . . . מיט אַ יאָר פריהער האָט די וועלט ניט געוואגט צו חלומ'ן פון אַזאַ גליק. . . . דאָס האָב איך אויפגעטאָן. . . . און ווער האָט ענדליך צוזאַמענגעבראַכט עטליכע און פופציק נאַציאָנען אין אַ „יונייטעד נעישאָנס" באַ איין טיש ? איך ! . . . אָבער די זאַכן וויל קיינער ניט געדענקען. . . . שלעכטס איז גרינגער צו ריידן ווי גוטס. . . . איך בין שוין אַלט גענוג צו וויסן.

— קיינער לייקנט ניט דיינע אויפטוהונגען — האָב איך אים צוגעגעבן — די צרה איז נאָר, וואָס דו האָסט אָנגעהויבן די זאַכן און זיי ניט „געפינישט", און דאָס טויג ניט. מיין טאַטע, למשל, איז אַ שניידער, ער באַלאַנגט צו דער אמאַלגאמייטעד יוניאָן, און ער האָט מיר דערקלערט, אַז ווען מ'הויבט אָן אַ בגד, מוז מען אים „פינישן", און צופרעסן, אָבער דו לאָזט איבער די אַרבעט בלויז פאַרסטריגעוועט, און מיט טאַנדעטנע שטעך דערצו. . . .

— זאָלן שוין אַנדערע, אינגערע פון מיר „פינישן" און אויספרעסן — האָט דער אַלטער מיר געענטפערט מיט רוגזא, און נאָך שנעלער גענומען פאַקן זיינע זאַכן אין דער טאָרבע אריין — לאָז מיך צורוה . . . געה זיי ביזי מיט'ן יונגען צוציק . . . מיט'ן נייעם יאָר . . . דאָנ'ט באָדער מי. . . .

— געה, געה! — האָב איך אים צוריקגעוואָרפן — קיין אינגערע פון דיר זאָלן ניט געהן. . . . אזוי, מיינע פריינט, האָב איך זיך געזעגנט מיט'ן אַלטן יאָר.

אָבער איך וואָרן אייך, טאָמער טרעפט איר אים נאָך דעם אַלטן, נאָך צוועלף דעם זייגער ביינאַכט, לאָזט אים געהן . . . האַלט אים ניט צוריק. . . . אַ פרישער בעזים קערט בעסער. . . . טאָ לאָמיר באַגעגענען דעם נייעם יאָר מיט גרעסערע האָפענונגען אויף אַ בעסערער וועלט!

האָט מיר אַ גליקליכן נייעם יאָר!

### גיט אַ שמייכל

# דער חודש מאַי

נאָך קיין מאָנאַט אין יאָר בענק איך נים אזוי ווי נאָך דעם מאָנאַט מאַי. און עס איז קיין וואונדער נים, וועגן חודש מאַי לאָזט זיך אזוי גרינג שרייבן, און וועגן חודש מאַי איז דאָ אזוי פיל צו שרייבן . . . זיינט איר אַ פּאָעט, שרייבט איר וועגן בלומען מיט פּאַרפיומען . . . וועגן בליהונגען וואָס הויבן ערשט אָן צו שפּראָצן, און וועגן שפּראָצונגען וואָס בליהען שוין. . . . דער פּאָעט האָט אין מאַי אזאַ גרויסן אויסוואַל פון ארטיקלען, מיט וועלכע די נאַטור האָט אים באַזאָרגט . . . מ׳קען זאָגן, מיט אַ גאַנצן דעפּאַרטמענט סטאָר — גרעזעלאַך, און בוימעלאך, און צווייגעלאך . . . בלעטעלאך און בלימעלאך. . . .

איך פּאַרציה בכיון די בוימער, בלעטער און גראָזן, אויף בוימעלאך, בלעטעלאך און גרעזעלאך, ווייל אין מאַי הויבן זיי ערשט אָן צו שפּראָצן. . . .

היינט וואו זיינען די טייבעלאך, און פויגעלאך? . . . און די ווייסע, מאַיעסטעטישע שוואַנען, וועלכע גליטשן זיך שוין איבער די טייכן אין חודש מאַי? . . . פון זיי, פון די שוואַנען אליין, קען אַ געניטער פּאָעט ציהען זיין חיונה דעם גאַנצן חודש מאַי. . . . אָבער מיט דעם ענדיקן זיך נאָך נים די טעמעס מיט וועלכע אַ דיכטער קען זיך באַנוצן אין חודש מאַי . . . איר האָט נאָך הינדעלאך און ענדעלאך . . . קאַטשקעס און גענז. . . .

איך וואָלט באַדאַרפט זאָגן קאַטשקעלאך און גענזעלאך; ווי מיינט איר?

און פון לאָנקעס, וועלכע גרינען שוין אין מאַי, קען אַ דיכטער אויך עפּעס אָנשרייבן . . . אַפילו זיצנדיק אין הויז . . . וואָרים די פּאַרצייטיקע גריכן און רוימער האָבן שוין אָנגעשריבן גאַנצע ביכער מיט אָדעס און סאָנעטן וועגן חודש מאַי. . . . מ׳דאַרף נאָר קענען לייענען. . . .

וואָס דאַרפט איר מער? כינעזיש איז שוין אַ שווערע שפּראַך, איאָ? . . . כדי אַ כינעזער זאָל צייט האָבן זיך אויסצולערנען דעם כינעזישן אַלף־בית אינ־גאַנצן, וואָלט ער באַדאַרפט לעבן כמעט טויזנט יאָר . . . פונדעסטוועגן האָבן כינעזישע פּאָעטן זיך נים געפוילט שרייבן סאָנעטן וועגן חודש מאַי. . . . (ווען אַ כינעזישער פּאָעט פּאַרענדיקט אַ ליד מאַכט מען אים טאַקע אַ פּאַראַדנע לויה). . . .

אָבער די הויפּט טעמע פּאַר פּאָעטן אין חודש מאַי, זיינען די קאַרשן־בוימער מיט זייערע קאַרשן־בליהונגען. . . . און אין דער אמת׳ן דאַרף מען גאָר נים זיין קיין פּאָעט הנאה צו האָבן פון דער שעהנער פּאַנאָראַמע וואָס

איר קריגט פון א בליהענדיקן קארשן גארטן . . . אזא גארטן איז שעהנער פון דעם שעהנסטן בוך סאנעטן וועגן מאי. . . .

זיינט איר, ווידער, א פאליטישער שרייבער, האט איר אויך נענוג שטאף פון וועלכן מ'קען שרייבן. גענוג צו דערמאנען אזא טעמע ווי דער ערשטער מאי. עפעס א קליינינקייט, דער ערשטער מאי! . . . גאנצע ימ'ען מיט טינט זיינען שוין פארגאסן געווארן שריינבדיק וועגן דעם ערשטן מאי . . . און ערנ־סטער גערעדט, גאנצע טייכן מיט בלוט זיינען פארגאסן געווארן קעמפנדיק פאר דעם ערשטן מאי . . . פאר א בעסערע וועלט . . . פאר ארבעטער־סאלידאריטעט.

איז אבער די צרה, וואס סאי וועגן דעם פאליטישן ערשטן מאי, סאי די פאעזיע וועגן דער שעהנקייט פון חודש מאי, האבן שוין אנדערע, גרעסערע שרייבער פון מיר געשריבן.

וואס־זשע שרייבט מען? . . . בין איך געווען אין א פארלעגנהיים. איך האב געוואוסט, אז נאר איין מענטש קען מיר ראטעווען — מיין פעטער גרונם.

איך האב אים געטראפן אין קיך בא א ווארימען אויוון, טרינקענדיק א הייסע גלאז טעי. . . .

— פעטערל — בין איך צוגעלאפן מיט מיינע פארפרוירענע הענט צום הייסן אויוון — אט איז היינט דער ערשטער מאי . . . דער חודש אויף וועלכן איך ווארט מיט אומגעדולד א גאנץ יאר . . . און איך ווייס נים וואס צו שרייבן. זאל איך שרייבן וועגן וועטער? . . . איז אין דרויסן קאלט . . . ווען די בוימער קענען מופן, וואלטן זיי זיך צוגעטוליעט איינער צום אנדערן. זאל איך שרייבן וועגן ארבעטער־סאלידאריטעט? . . . האבן שוין די ארבעטער באוויזן מער ווי איין מאל, אז זיי דארפן עפעס אויספירן, פירן זיי אוים. . . . וואס־זשע טוט מען? . . . וואס שרייבט מען? . . .

— באשע־גיטל! — ווענדעט זיך מיין פעטער צו דער טאנטע — גיס אן דיין פלימעניקל א גלעזל טעי, וועט ער זיך דערווארימען. . . . אט אזוי . . . דו טרינק און איך וועל ריידן. . . . דו ווילסט נים, זאגסטו, שרייבן וועגן דעם מאיאוון וועטער ווייל אין דרויסן איז קאלט? . . . גערעכט. . . . פונדעסט־וועגן זעהסטו דאך, טוט זיך די נאטור אירס . . . זי פראגרעסירט . . . הלואי אויף די מענטשן געזאגט געווארן. . . . האסטו דיר איינם אוועק. . . . צווייטנס, אויב דו ווילסט ניט שרייבן וועגן ארבעטער־סאלידאריטעט, ווייל וועגן דעם האבן שוין אנדערע געשריבן, איז א קלוגער שרייבער גיט זיך אן עצה . . . שרייב וועגן פעלקער סאלידאריטעט. . . . יא, פלימעניקל מיינער, די ארבעטער האבן שוין זייער ערשטן מאי . . . איצט דארפן נאך די פעלקער פון דער וועלט זיך פאראייניקן . . . ס'וואלט זיי אסור געשאדט. . . . קענסט אפילו באנוצן די זעלבע פראזן וואס שרייבער פלעגן באנוצן ווען זיי פלעגן שרייבן וועגן

## גיט אַ שמייכל

אַרבעטער־סאָלידאַריטעט. . . . אַ שטייגער, פאַרוואָס זאָל איינער האָבן אַ סך, און אַ סך זאָלן האָבן גאָרניט? . . .

— פעטערל — האָבן מיינע אויגן אויפגעשיינט — איר האָט מיך געראַטעוועט . . . איר האָט מיר געגעבן אַן ערשטן מאַי טעמע . . . אַן ערשטן מאַי פאַר אַלע פעלקער. . . . דאָס איז דאָך ממש אַ געניאַלער געדאַנק. . . . פאַרוואָס זאָל דאָס טאַקע זיין אַזוי? . . . פעלקער וואָס פאַרמאָגן אַ האַלבע וועלט . . . און פעלקער וועלכע האָבן ניט וואו דעם קאָפּ אָוועקצולייגן. . . . וואָס וועט זיין דער סוף? . . .

— זאָרג ניט, פלימעניקל מיינער — האָט מיין פעטער מיך גוטמוטיק געטרייסט — כאַפּ אַ קוק דורכ׳ן פענסטער באַ מיר אין גאָרטן. זעהסט דעם גרויסן בוים אין מיטן? . . . זיינע צווייגן זיינען שוין פול מיט גרינע בלעטער . . . די אַנדערע, די קלענערע בוימעלאַך, האָבן נאָך נאַקעטע צווייגן . . . אָן בלעטער. . . . דערפאַר אָבער וועסטו זעהן אין האַרבסט אַ פאַרקערטע סצענע . . . ווען די געלע, פאַרוויאַנעטע בלעטער פון דעם גרויסן בוים וועלן שוין ליגן צופוסנס, און ער וועט שטעהן אַ נאַקעטער, וועלן די אַנדערע, די קלענערע — די שוואַכערע, די שוואַכערע בוימעלאַך — נאָך זיין פול מיט גרינע בלעטער. . . . פאַרשטעהסט? . . . אַן ערשטער מאַי פאַר אַלע פעלקער . . . אפילו פאַר די שוואַכסטע. . . .

טייערער פעטער מיינער . . . ניט נאָר אַ טעמע האָט ער מיר געגעבן, ער האָט מיר צוריקגעגעבן דעם ערשטן מאַי. . . .

# אינטערוויו מיט דער טוירקי

ווען איר וועט לייענען די דאָזיקע שורות, וועט שוין זיין נאָך „טהענקס־גיווינג, און דער אינדיק מיט וועלכן איר האָט געפּראַוועט אייער טהענקס־גיווינג דינער, איז שוין אויף דער וועלט נישטאָ. פונדעסטוועגן וועט ניט שאַדן אַז איך וועל אייך איבערגעבן דעם געשפּרעך — דעם אינטערוויו, אַזוי צו זאָגן — וואָס איך האָב געהאַט מיט'ן אינדיק (טוירקי בלע"ז) ערב טהענקס־גיווינג.

איך האָב אים געפונען אין שלאַכט הויז אויף דעם יאַטקע־קלאָץ, (דהי בוטשער'ס בלאָק, בלע"ז) אַ געבונדענעם, אַ האַלב־גוסס'דיגן, וואַרטנדיק אויפ'ן שוחט. . . .

— „האַ דו יו דו!" — האָב איך אים באַגריסט אין אַ יום־טוב'דיקער שטימונג, נאָכמאַכנדיק דעם ראַדיאָ־קאָמיקער „דהי מעד ראָשיען" — וואָס מאַכסטו, און ווי פיהלסטו ? . . .

— האָלדער, האָלדער ! — האָט דער אינדיק געענטפערט אין אַ שוואַכן טאָן — איך פיהל ווי אַ מינוט פאַר'ן טויט. . . . איך האָב, דאַכט זיך, קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן, פאַרוואָס־זשע וויל מען מיך קוילענען ? . . .

— ווען . . . — האָב איך גענומען שטאַמלען, ניט וויסנדיק וואָס אים צו ענטפערן אויף אַזאַ הארבער קשיה — אַזוי געהט עס . . . כ'מיין, אַזוי פירט זיך עס. . . . יעדער לעבעדיקער ווען האָט זיך זיין מיסיע אויף דער וועלט . . . און דיין מיסיע איז צו באַשיינען דעם „טהענקס־גיווינג" דינער טיש. . . .

— האָלדער, האָלדער ! — האָט דער אינדיק זיך צוקאָכט, אַזוי אַז די אויגן זיינען אים פאַרלאָפן מיט בלוט — דאָס איז ניט מער ווי מענטשליכע היפּאָקריטסטוואָ . . . אַ חלק איינגעוויקלט אין זיידענע רייד . . . דער שוואַכ־סטער האָט כלומר'שט אַלע מאָל אַ מיסיע. . . . אָבער אין דער אמת'ן איז עס די מיסיע פון דעם שטאַרקן אומצובריינגען דעם שוואַכן. . . .

— שאַ, קאָך זיך ניט אַזוי — האָב איך פּראָבירט אים צו באַרוהיגן — דאָס אויפרעגן זיך קאָן דיר נאָך שאַטן צום געזונט . . . דו ווילסט דאָך ניט אַז מ'זאָל דיך קריטיקירן ביים דינער־טיש, אַז דו האָסט קיין טעם ניט געהאַט.

— האָלדער, האָלדער ! — האָט דער אינדיק זיך צוקרייעט אויף דער העכסטער אָקטאַווע, אַז איך האָב ניט געוואוסט צי ער בייזערט זיך, צי ער לאַכט — דאָס איז שעהן ! . . . מ'געהט מיך קוילענען, אָפּפליקן די פעדערן . . . אויפעסן מיט'ן פלייש . . . און דו זאָרגסט זיך וועגן מיין געזונט ? . . . מאַכסט

## גיט אַ שמייכל

אַ מינע פון אַ צער בעלי חיים, און מאָרגן וועסטו מיך אויפעסן. . . .. אַ זאַטער, אַ צופרידענער וועסטו זיך פּאַטשן אין בייכל, אַז איך, דער אינדיק, האָב עהר־ליך דערפילט מיין מיסיע. . . . אָבער וואו וועל איך דעמאָלסט זיין ? . . .

— פונדעסטוועגן — האָב איך אים פּרובירט צו טרייסטן — פונדעסט־וועגן דאַרפסטו דיין גורל ניט נעמען אַזוי טראַגיש. . . . דו ביזט ניט די איינ־ציקע שוואַכע באַשעפעניש וואָס פאַלט אַ קרבן פאַר דעם שטאַרקן . . . צווישן מענטשן און פעלקער איז אויך דאָס אייגענע . . . דער שטאַרקער דאָמינירט דעם שוואַכן . . . האַלט אים צוגעבונדן . . . דאָ גייט ניט, דאָ שטייט ניט . . . דאָס רופט מען פּאָליטיק. . . .

— האָלדער, האָלדער ! — האָט דער אינדיק געשאָקלט מיט׳ן קאָפּ, — אַז אָך און ווייה צו אַזאַ פּאָליטיק. אַזאַ פּנים האָט טאַקע אייער וועלט. . . . איר רופט קאָנפערענצן, ערוועהלט קאָמיסיעס, און אין דערזעלבער צייט פירט איר אַ רוּיבערישע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק. . . . אין איין האַנט האַלט איר „דהי בייבל” און אין דער צווייטער אַ שווערד . . . און דער שוואַכער ליגט דערווייל אַ געבונדענער און וואַרט אויפ׳ן חלף. . . .

— עפּעס רעדסטו מיר צו קלוג — בין איך אַריין אין כעס — ניט אומ־זיסט האָסטו אַזאַ גוידער . . . דו בלאָזט צופיל פון זיך. בעסער האַלט דאָס מויל ! . . .

— האָלדער, האָלדער ! — האָט דער אינדיק געקרייעט ווי אַ משוגענער — פאַר וועמען האָב איך איצט מורא ? און וואָס נאָך קאָנסטו מיר טאָן ? . . . מיר איז שוין אַלץ איינס . . . עס איז נאָר אַ פראַגע, ווען דער חלף וועט זיך אַרונטערלאָזן אויף מיין האַלז . . . אָבער אַ קרבן מוז איך זיין. . . . לאָמיר באַטש דיר זאָגן וואָס איך דענק פון די מענטשן. דער אמת איז, אַז זיי זיינען קיין מענטשן ניט. נאָר חזירים . . . אַלע רייסן זיי זיך איבער דערזעלבער שטיקל טוירקי . . . דערווייל צורייסט מען איר אויף שטיקער. . . . און דאָס שענסטע דערביי איז, וואָס די רייסער און די פּליקער ווילן איינרעדן סיי זיך, סיי יענעם, אַז דאָס טוען זיי אַלץ ניט פאַר זיך, חלילה, נאָר טאַקע פאַר מיין אייגע־נער טובה . . . פאַר דער טובה פון דער שוואַכער, געבונדענער טוירקי. . . . אָבער ווען אַלע שוואַכע עופות וואָלטן זיך צוזאַמענגענומען און זיך ניט גע־לאָזט בינדן ? . . . איז אָבער די צרה, וואָס די שוואַכע האַלטן זיך אויך ניט צוזאַמען, נאָר יעדער באַזונדער זוכט צו כאַפּן עטליכע גערשטן פון די טישן פון די שטאַרקע אויפ׳ן חשבון פון די נאָך שוואַכערע. . . .

ווער ווייסט ווי לאַנג דער אינדיק וואָלט נאָך אַזוי גערעדט און זיך גע־קאַכט, ווען עס וואָלט זיך ניט באַוויזן דער שוחט מיט׳ן לאַנגן גלאַנציקן חלף אין האַנט און זיך געלאָזט גלייך צום אינדיק. דאָ האָב איך שוין ניט געוואָלט

זיין דערביי, און איך האָב זיך געלאָזט אוועקגעהן. אָבער פון דער ווייטן האָב איך נאָך געהערט ווי די טוירקי ראַנגלט זיך און שרייט מיט באַנומענע קולות:

— האָלדער, האָלדער! — האָט דער אינדיק געקוויטשעט — אָט איז ער, מיין קוילער. . . . אַ גאַנצער שטאַרקער איז ער, ווען ער האַלט דעם חלף אין האַנט . . . ער מאַכט נאָך אַ ברכה דערביי. . . . מערדער! לאָז מיך פריי! . . . העלפט! ראַטע . . .

עס איז געוואָרן שטיל, אַז אַ האָן האָט מער ניט געקרייעט . . . און אויף מאָרגן איז דער אינדיק שוין געלעגן אָן אָפּגעבראָטענער, אָדער בא מיר, אָדער בא אייך אויפ'ן טעלער. . . .

נו, זאָגט אַליין, איז עס יושר'דיק? . . .

# די טוירקי האָט אַ טענה

איך בין געזעסן ביים טהענקסגיווינג דינער טיש און געגעסן אַ פּראַסטע פערטל טשיקן. דעם אמת געזאָגט, ס'האָט מיר פאַרדראָסן גאַנץ שטאַרק וואָס איך האָב ניט קיין טוירקי צום דינער, אָבער איך האָב זיך געטרייסט מיט דעם אַלטן אידישן פאָלקס-ווערטל: „אַז מ'האָט ניט קיין מיידלאַך, טאַנצט מען מיט שיקסעס", און איך האָב מיך צופרידנגעשטעלט מיט טשיקן.

מיט אַמאָל האָב איך דערהערט אַ פּאַטשן פון פליגלען און דאָס גוידערן־זיך פון אַ טוירקי; און איינס, צוויי — און די טוירקי איז געשטאַנען בא מיר אויפ'ן טיש אַ לעבעדיקע, מיט די קליינע אויגעלאַך אָנגעשטעלט אויף מיר.

— האָלדער! האָלדער! — האָט זי מיך באַגריסט, וואָס אויף איר לשון הייסט עס: „האַו דו יו דו?"

— וועלקאַם, סטרעינדזשער! — האָב איך איר צוריקגעענטפערט — ווי קומסטו אַהער? און זעה ווי דו זעהסט נעבאַך אויס, כמעט אַן אָפּגעפּליקטע!

— דאָס האָב איך זיך אַרויסגעראַטעוועט פון דעם שוחט'ס הענט — האָט די טוירקי מיר דערקלערט — אַנטלאָפן ווי איך שטעה און געה . . . שיער מיט'ן לעבן באַצאָלט.

— איך האָב געמיינט, אַז דו געהסט אַליין צו דער שחיטה — האָב איך איר געקיבעצט — ס'איז דאָך דיין יום־טוב, דאַרפסטו אַליין אויסשטרעקן דעם האַלז. . . .

— האָלדער! האָלדער! — האָט די טוירקי מיר געענטפערט מיט אַ בייזן קול, און איר גוידער האָט זיך געטרייסלט פאַר כעס — איך בין דיר מוחל דעם פּאַראַד וואָס מען מאַכט מיט מיר, און לאָזט מיר לעבן. . . . דו

מיינסט אַז איך ווייס ניט, אַז מען קאַרמעט מיך אַ גאַנץ יאָר בלויז צוליב דעם אַז מ׳זאָל מיך דערנאָך קוילענען און אונטערטראָגן מיך צו דיר אויפ׳ן טעלער? איך ווייס . . . איך ווייס . . . נאַר גאָרניט, אַ גאַנץ יאָר מאַך איך זיך ניט־וויסנ־דיק . . . כל־זמן מען קאַרמעט מיך, שוויג איך.

— דו מוזט דאָך אָבער מיט עפּעס באַצאָלן פאַר דעם גוטס וואָס מען טוט מיט דיר אַ גאַנץ יאָר — האָב איך איר איבערגעשלאָגן די רייד.

וואָס־זשע ווילסטו, אַז איך זאָל מיט מיין לעבן באַצאָלן פאַר דעם ביסל גערשטן וואָס מען וואַרפט מיר צו? — האָט די טוירקי זיך נאָך מער גע־בייזערט — ס׳איז טאַקע אמת וואָס מ׳זאָגט, אַז „דער שוחט שעכט און בלייבט נאָך גערעכט" . . . כאָטש גיי און קוילע זיך אַליין, בראָט זיך אָפּ אַליין און קריך אריין צו דיר אין האַלז אריין . . . אַ דאַנק דיר דערפאַר וואָס דו לאָזט מיך לעבן. . . .

— דו קאָנסט דאָך ניט ברעכן אַ מנהג — האָב איך איר געגעבן צו פאַר־שטעהן — עס איז שוין אַזוי איינגעפירט זינט יאָרן און יאָרן, אַז מען טאָר ניט גיין טהענקסגיווינג צום טיש אָן דיר. . . .

— האָלדער! האָלדער! — האָט די טוירקי אויסגעקרייעט מיט סאַר־קאַזם, וואָס דאָס מאָל האָט עס געמיינט — אַזוי, אַזוי . . . ווי גרויסמוטיג עס איז פון אייך . . . ניט צו גיין צום טיש אָן מיר. . . . פאַרוואָס־זשע זעצט איר מיך ניט אַוועק ביים טיש אַ לעבעדיקע? . . . פאַרוואָס ניט גיין צום טיש ווי אַ גלייכע מיט גלייכע? . . . פאַרוואָס מיר אויך ניט געבן אַ יום־טוב׳דיקן דינער? . . . אָוו קאָורס, דאָס איז צופיל פאַרלאַנגט . . . איר ווילט מיך האָבן אָן אָפּגעבראָטענע אויפ׳ן טעלער. . . . ניט באַ דער טוירקי! . . . איך וועל זיך לאָזן אויספליקן נאָך אַ פעדער, נאָך אַ פעדער . . . וואָס קען מען טאָן, ווען מ׳איז אַרומגערינגלט פון שטאַרקערע פון דיר? . . . אָבער דעם האַלז אויס־שטרעקן? . . . זיך לאָזן קוילענען, כדי דו זאָלסט האָבן אַ יום־טוב׳דיקן מאָל־צייט? . . . ניין, גוטער ברודער, נאָ מאָר! . . .

— מען שטרעקט אַמאָל אויס דעם האַלז און מ׳לאָזט זיך קוילענען, כדי מ׳זאָל זיין פריי — האָב איך איר געוואָלט באַרוהיגן.

— האָלדער! האָלדער! — האָט די טוירקי געענטפערט מיט מער ווייכ־קייט אין קול — קעמפן פאַר פרייהייט, מהיכא תיתי . . . אָבער קעמפן אַז איך זאָל קענען זיצן אַ פרייע ביים טיש . . . איך זאָל אויך קענען הנאה האָבן פון יום־טוב לעבעדיגערהייט . . . אָבער ניט קיין געקוילעטע. . . . ניין, די שוואַכע וועלן זיך מער ניט לאָזן אויסקוילענען פון די שטאַרקע. . . . אַ דאַנק רוזוועלט׳ן, מיט׳ן „אַטלאַנטיק טשאַרטער", האָב איך איצט אויך אַ רעכט אויף לעבן, און איך געה ניט מער צו דער שחיטה. . . .

— ס׳ווילט זיך דאָך אָבער אַ שטיקעלע טוירקי — האָט איך זיך געבעטן בא איר, און די סלינע איז מיר אַזש איבערגעגאַנגען.

— וועסט זיך באַגיין אָן מיר — האָט די טוירקי אַ לאַך געטאָן, אַ פּאַטש געגעבן מיט די פליגלען און מער האָב איך איר ניט געזעהן.

דערווייל איז מיין שטיקל טשיקן אויפ׳ן טעלער אויך קאַלט געוואָרן. ווי האָט איר עפּעס פאַרבראַכט טהענקסגיווינג?

# מאַי, דער חודש פון צויבערן

איך האָב אַזוי שטאַרק געבייַנקט נאָך דעם מאָנאַט מאַי, אַז ווען איך דאַרף וואַרטן אויף אים נאָר אַ פּאָר וואָכן, וואָלט איך דאָס ניט אויסגעהאַלטן. . . . איך בין אַזוי פאַרליבט אין דעם מאָנאַט מאַי, אַז ווען דער ערשטער מאַי איז אָנגעקומען, בין איך אים אַרויפגעפאַלן אויפ׳ן האַלז, אים צוגעדריקט צו זיך, געקושט און געוויינט פאַר פרייד. . . .

— ענדליך, ענדליך ביזטו דאָ! — האָב איך אים גוט־ברודעריש געקלאַפּט איבער דער פּלייצע — שוין לאַנג צייט געווען, כ׳לעבן. . . . אַ נייע הויט האָסטו דאָך איצט אויף מיר אַרויפגעצויגן . . . וואָרים דער ווינטער איז מיר אַזוי אַריין אין די ביינער, אַז ער וויל גאָרניט אַרויסקריכן פון דאָרטן, איבערהויפּט פון די געלענקען . . . פון די שלעסער . . . רומאַטיזם רופט מען דאָס. אָבער איצט, אַז מאַי איז שוין דאָ, פייף איך אויפ׳ן רומאַטיזם . . . „רומאַטיזם מאַי אַי!״ . . .

דערהערט פון מיר אַזעלכע דבורים, האָט זיך דער חודש מאַי צעשמייכלט און צעבליהט ווי אַ כלה מויד אין טאָג פון איר חופּה. . . . ווייזט אויס, אַז די נאַטור אַליין האָט ליב ווען מען צערטלט איר . . . ווען מען שמייכלט איר . . . ווען מען מאַכט איר קאָמפּלימענטן. . . . און איינס און צוויי האָט דער מאָנאַט מאַי גענומען מיר באַווייזן זיין כישוף . . . גרינע טעפּיכער, פון גרינעם גראָז, האָט ער גענומען שפּרייטן אונטער מיינע פיס . . . אַרונטערגעלאָזטע צווייגן פון ביימער האָבן ווידער די קעפּ אויפגעהויבן . . . קנאָספּען האָבן זיך צעעפנט און צעבליהט . . . וואָלקנס זיינען פאַרשוואונדן דאָרטן וואו דער ווינטער איז אַוועק . . . און די זון — אַ ליכטיקע, אַ פרישע, ווי זי וואָלט נאָר וואָס פון דער נאָדל אַרויס, האָט גענומען וואַרפן אַזעלכע גאָלדענע שטראַלן, וואָס איר קענט עס ניט קויפן מיט דעם גאַנצן גאָלד וואָס אַנקל סעם פאַרמאָגט אין דער טרעזשורי. . . . פויגעלעך, וועלכע זיינען געלעגן באַהאַלטן אין זייערע ווינטערדיקע נעסטן, אָדער האָבן געהאַט אויסגעוואַנדערט אין פרעמדע, אין

## גיט א שמייכל

ווארימע לענדער, האָבן זיך איצט אומגעקערט, פּיסטשענדיקע, ווי פאַרלאָרענע קינדערלעך, וועלכע האָבן צוריק געפונען זייער מאַמע'ס היים . . . און ווארימע, לאַסטשענדיקע ווינטעלאך האָבן געבלאָזן פון אַלע זייטן, ווי זיי וואָלטן געוואָלט באַווייזן, אַז דער ווינט איז ניט אַלע מאָל אַזאַ בייזער . . . אַז אַ חוץ צושטערן, קען ער אויך זיין מילד, און אפילו מחיה זיין. . . .

יאָ, מיינע פריינט, מאַי איז דער מאָנאַט פון צויבער, פון בישוף, פון יוגנטליכער באַנייאונג און באַפרייאונג . . . ווארים די נאַטור אליין ווארפט דאַמאָלסט אראָפּ פון זיך דעם יאָך פון שווערן ווינטער, ווארפט אראָפּ פון זיך די ווייסע, דיקע פּערענע פון שניי . . . און אַנטפּלעקט זיך אין יוגנטליכער נאַקעטקייט, ווי אַ האָליוואודער „בעיטהינג ביוטי" אין אַ שווים-קאָסטיום . . . און מאָלט אייך, אַז די נאַטור איז אַביסל עלטער פון דעם מענטשן. איז אויב די נאַטור קען זיך באַנייען, פאַרוואָס ניט דער מענטש ? . . . און מאַי גראַמט זיך דאָך מיט פריי. אויב איר גלויבט מיר ניט, פרעגט בא די פּאָעטן . . . פאַר זיי איז דער מאָנאַט מאַי אַ רעגולער אוצר. . . . פאַראַן פּאָעטן וואָס לעבן אַ גאַנצן יאָר פון דעם איינעם חודש מאַי . . . ווען אַלע אַנדערע טעמעס לאָזן זיך אויס, ווען עס איז שוין ניטאָ וועגן וואָס צו שרייבן, קאָן מען נאָך אַלץ שרייבן וועגן דער נאַטור, די זון, די לבנה און די שטערן; וועגן ליבעס, ראָמאַנסן און ווייבערשע קליידלעך . . . אויף וועלכע דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות איז אויך אַ בעלן. . . .

וואָס דאַרפט איר מער ? אפילו אייער לענדלאָרד, וואָס קומט יעדן ערשטן קלאַפּן בא אייך אין טיר און אייך מאָנען די רענט, האָט אויך אָפּשיי פאַר'ן ערשטן מאַי. . . . ער האָט ניט דאָס האַרץ אייך צו פאַרשטערן דעם יום-טוב . . . און ער קומט דעם צווייטן. . . .

מיין פעטער גרונם געהט נאָך ווייטער פון מיר: ער זאָגט, אַז מעשי בראשית, די וועלט באַשאַפונג, איז פאָרגעקומען אין חודש מאַי . . . ווי דער פסוק זאָגט: ביירעישית באַראָ עלייקים עם האַ-שאַ-„מאַי"-ים . . . גאָט האָט באַשאַפן די וועלט אין מאַי. . . .

אַ קלוגער מענטש, דער פעטער מיינער, נאָך קליגער פון מיר . . . כאָטש מירביידע זיינען איינס . . . שווער אונז פונאַנדערצוטיילן. . . .

און אויב אַ נייע וועלט דאַרף איצט געבוירן ווערן — שפּינט מיין פעטער גרונם ווייטער זיינע געניאַלע געדאַנקען — וועט עס אויך פאָרקומען אין מאַי . . . טאָקע דערפאַר ווייל מאַי גראַמט זיך מיט פריי. . . .

אויף דעם מעגן מיר אַלע ענטפערן:

מאַי — הלואי ! . . .

# אַ גרוס אייך פון די קעטסקיל בערג

אזוי ווי אַ פויגעלע וואָס פליט ארויס פון איר קאַלטן נעסט צו פליען אין די וואַרימע לענדער, אזוי פלי איך אַרויס יעדן זומער פון שטאָט צו מיינע באַליבטע בערג, פון וועלכע איך האָב אייך שוין אַ סך מאָל געשריבן און פון וועלכע איר וועט איצט ווידער הערן פון מיר פריילעכע גרוסן.

און ווי אַזוי זעהען איצט אויס די קעטסקיל בערג? נאָך מאַיעסטעטישער ווי פריער. מיר דוכט זיך, אַז זיי, די בערג הייסט עס, זיינען אונטערגעוואַקסן, גרעסער געוואָרן, און דעם הימל איז איצט לייכטער זיך אָנצושפּאַרן אויף זיי....

— בערג, מיינע טייערע, ליבע בערג — האָב איך זיך ארומגעכאַפּט מיט זיי — ענדליך טוליע איך זיך ווידער צו אייערע שפּיצן, ווי אַ קינד צו זיין מאַמע׳ס ברוסט.... וואָס ווייסט איר וואָס פאַר אַ בערג מיט צרות אַ מענטש מאַכט דורך אַ גאַנצן ווינטער ביז ער דערלעבט שוין קומען צו אייך זיך אָפּ־רוהען.... מ׳וואָלט דאָך געקאָנט גאַנצע בערג אָנשרייבן וועגן דעם.... אָבער דאַנקען גאָט, אַבי מ׳זעהט זיך געזונט.... זאָלן אַנדערע לאַכן פון אייך, און מיט חוזק אייך אָנרופן „דהי באַרשט סוירקיט״... פאַר מיר זייט איר נאָך אַלץ דאָס וואָס איך האָב אייך אַ נאָמען געגעבן — „די אידישע מלוכה״... און אַלס אַזעלכער, קום איך צו אייך ווי אַ בירגער וואָס קערט זיך אום פון דער פרעמד צו זיין אייגן לאַנד... און פונקט ווי אַ צוריק־געקומענער פון דער פרעמד, אַזוי דערזעה איך אין אייך פרישע שעהנע שטריכן, וואָס איך האָב פריער ניט געזעהן, אָדער פאַרזעהן....

ווי פרעכטיג שעהן פליסט דער טייך אייך צופוסנס, מיינע טייערע בערג! ווען איר שיפּלט זיך איבער אים, פאַרגעסט איר גאָר אַז דאָס איז אַטייך... איר וואָלט געשוואוירן אַז איר גליטשט זיך איבער׳ן הימל... און קרישטאָל־קלאָר און דורכזיכטיק איז מסתמא דאָס וואַסער געלאָפן דאָ פון ששת ימי בראשית, נאָר אָן די יונגע פּאַרלאַך.... אַזוי מאַיעסטעטיש רוהיג האָבן דעם טייך דאָ באַוואַכט די בערג נאָך איידער קאָלאָמבוס האָט אַנטדעקט די קאַנטרי פאַר די „פלעזשורניקעס״.... און איצט זיץ איך אויף די זעלבע בערג וואָס באַוואַכן דעם טייך, וואַרף מיר שטיינדלעך אין וואַסער, און האָב הנאה דערפון וואָס מיין אייגענע אָפּשפּיגלונג ווערט דאַרטן צעשוואומען אין די קנייטשען, אין די רייפלעך, וואָס מיין שטייגדל האָט פאַראורזאַכט אין וואַסער....

## גיט אַ שמייכל

נו, וואָס איז עפּעס מכוח די איינוואוינער, די געסט, הייסט עס, פון דער אידישער מלוכה?

וועל, פון זיי וואָלט מען אודאי געקענט אָנשרייבן גאַנצע בערג . . . און איך וועל דאָס פּרובירן טאָן אין מיינע ווייטערדיקע גרוסן. דערווייל האָב איך דאָ, אין דעם האָטעל באַמערקט צוויי זאַכן, וועלכע זיינען ביידע אַ נאַטור וואונדער.

אונטער מיין פענסטער איז דאָ אַ פויגלשע נעסט, און די מאַמע־פויגל איז געלעגן געוואָרן. . . . האָט איר שוין געמעגט זעהן דעם טאַטע־פויגל ארויס־פליהען זוכן עסן פאַר די קינדערלעך, אין דער צייט וואָס די מוטער באַשיצט זיי אונטער אירע פליגל. . . . האָט איר אייך איין וואונדער.

דער צווייטער וואונדער איז וועגן דער שעהנער ווייבל, וואָס איז דאָ גע־ווען די „סטאַר־באָרדערקע" פאַראיאָרן זומער, און וועלכע איז איצט אויך מיט מזל געוואָרן אַ מוטער. איז דאָס אַליין קיין וואונדער ניט . . . שעהנע ווייבלעך דאַרפן זיין מאַמעס. דער וואונדער איז, וואָס זי איז געבליבן אין דער היים און דעם מאַן האָט זי געשיקט אַהער, אין דער קאַנטרי, זיך אויסרוהען.

אָט אַזעלכע נאַטור־וואונדער קאָנט איר זעהן נאָר אין די בערג, אין דער „אידישער מלוכה", וואו די נאַטור אַליין איז אויך ניט קיין קליינער וואונדער. און נאָך אַ גרויסער וואונדער איז דאָ דער פאַקט, וואָס כאָטש די פרייזן זיינען דאָ היינטיקס יאָר פונקט אַזוי הויך ווי די בערג, מאָנט קיינער ניט מער קיין דאָפּלטע פּאָרציעס צום עסן . . . מ'דאַנקט גאָט אז מ'קריגט גענוג אָפּצועסן. . . . און טאָמער געלינגט אַמאָל אַ גאַסט צו קריגן נאָך אַ שטיקל טשיקן, איז עס אַליץ די זעלבע ערשטע פערטל, פון וועלכע דער פאַרמער האָט שוין פריער גע־מאַכט צוויי. . . .

אָבער פון פּאָעזיע, ווי איר זעהט, בין איך צופיל פאַרקראָכן צו פּראָזע . . . באַ מיר זיינען דער עיקר די בערג אַליין, מיט וועלכע איך קאָן זיך ניט גענוג אָנזעטיקן, און איך וועל דאַריבער איצט שליסן מיט די בערג.

בערג מיינע בערג! פון אייך צום „טעלערל פון הימל" איז ניט מער ווי איין שפּאַן; מ'דאַרף נאָר קאָנען מיט דער האַנט דערלאַנגען. . . . ווער גייט מיט מיר? . . .

# אין די קעטסקיל בערג

דער זומער סעזאָן אין די בערג איז איצט אין „פול סווינג", ווי דער אמע־ריקאַנער זאָגט. דער עולם געסט האָט זיך שוין צוגעוואוינט צו די האַרטע מאַטראַצן, צום הייזעריקן זינגען פון די „בליום סינגערס", צום באַראַבאַנעוועןפון אָרקעסטער, און צו דער טעגליכער פּאַרציע פון „טשיקן פּריקאַזי" . . . און מען מיינט אַז מ'לעבט אַ גוטן טאָג. . . .

נאָך קיינמאָל פריער איז דער עולם אַזוי פיל געפאָרן אין די בערג ווי האַי־יאָר. צי איז דאָס דערפאַר וואָס יעדער „מאכט" געלט און קאָן „אַפאָרדן" זיך צו לאָזן וואַוילגיין? דער פאַקט איז, אַז די עמיגראַציע אַהער, צו דער „אידי־שער מלוכה", איז זייער אַ גרויסע. הלואי לאָזט אַמעריקע אַריין אַזוי פיל אידן פון אייראָפּע וויפיל די קעטסקילס פאַרמאָגן איבער'ן זומער, וואָלט די אידן פראַגע געלייזט געוואָרן איינס און צוויי. . . .

געוויינליך, קומען מענטשן אַהער זיך אויסצורוהען, אָבער איך האָב דאָ געטראָפן זייער ווייניק בעלנים אויף צום רוהען. די געסט קאָנען דאָ איינגע־טיילט ווערן אין צוויי קאַטעגאָריעס — די וועלכע קומען אַהער האָבן „פאַן", און ווילן ניט רוהען סיידן די צייט וואָס זיי זיצן ביים טיש און עסן; און די וועלכע ווילן רוהען און קאָנען ניט, ווייל די מאַטראַצן לאָזן ניט . . . און אויף די מאַטראַצן באַקלאָגן זיך דאָ אַלע, אַ חוץ דער פאַרמער . . . ער פאַרזיכערט אייך, אַז ער האָט דעם סעזאָן אַרויסגעוואָרפן אַלע אַלטע מאַטראַצן און גע־קויפט נייע, ווייל ער אַליין, דער פאַרמער, איז אויך אַ נייער. ער האָט דעם האָטעל איבערגענומען פון די אַלטע בעלי־בתים און אַרויסגעוואָרפן אַלע אַלטע מאַטראַצן. . . .

— ווי־זשע קומט עס — פרעגט אים אַ גאַסט וואָס איך האָב אין מיין מאַטראַץ די זעלבע בערג און גריבער ווי פאַראַיאָרן? . . .

— און ווי קומט עס — פרעגט אים אַ צווייטער גאַסט — וואָס אייערע „נייע" מאַטראַצן זיינען אַזוי האַרט . . . מיר דוכט זיך, אַז זיי זיינען פון דער „שטיין פעריאָדע". . . .

אָבער דער פאַרמער פאַלט באַ זיך ניט אַראָפּ. ער ענטפערט אים פילאָזאָפיש:

# גיט אַ שמייכל

— אַ מענטש — מאַכט ער — טאָר זיך ניט לאָזן צופיל וואוילגיין . . . אַז איך וועל כסדר אייך קאָרמענען מיט גוטע עסן און אייך לאָזן שלאָפן אויף ווייכע מאַטראַצן, וועט איר דאָך פון זינען אראָפּ פון וואוילטאָג. . . . „ליעוו איט טו מי", איך ווייס וואָס איך טו . . . איך מיין אייער טובה. . . .

— די טובה זאָל אייך נאָר אנטקעגן קומען, ווען איר וועט מיר דערלאַנגען דעם „ביל" — קיבעצט אים דער גאַסט, און אַלע לאַכן, אַפילו דער פאַרמער אויך. . . . און דער אמת איז, אַז מ'מעג לאַכן . . . וואָרים דער עולם באַקלאָגט זיך, און צאָלט ווי אַ טאַטע. . . . און אַ חשבון דערלאַנגט דער פאַרמער, פונקט ווי באַ שלום עליכם'ן, אין זיין דערציילונג „דער דייטש". דאָרטן דער־ציילט שלום עליכם אַ מעשה פון אַ דייטש, וועלכער שטעהט איין באַ אַ אידן אין אַכסניה, און דער איד דערלאַנגט אים אַזאַ חשבון:

— קיין טיי האָט איר ניט געטרונקן — קומט מיר אַזוי פיל און אַזוי פיל . . . קיין צוקער האָב איך אייך ניט געגעבן — אַזוי פיל און אַזוי פיל . . . א. אַז. וו. אַזוי חשבונ'ען דאָ אין די בערג די פאַרמערס.

— קיין סטעיק וועט איר ניט קריגן, האָנטובער גיב איך ניט, הייסע וואַסער איז ניטאָ, טשיקן — אויפ'ן שפּיץ גאָפּל . . . אַרום און אַרום וועט עס אייך קאָסטן מער וויפיל איר פאַרדינט אַ וואָך באַ דער אַרבעט. . . .

און ווי איך האָב פריער געזאָגט, דער עולם, עולם־הזה'ניקעס, צאָלט מיט „פּלעזשור" . . . ווייל די מאַיאָריטעט פון די געסט באַשטייט נאָך אַלץ פון ביזנעסלייט, סטאָר־קיפּערס און קליינע קאָנטראַקטאָרלעך, וועלכע זיינען דורך די מלחמה יאָרן געוואָרן גבירים אדירים. . . . מיינט איר דאָך אודאי אַז זיי האָבן אָפּענע הענט, קאָן איך אייך דאָ פאַרזיכערן בשתיקה, אַז זיי זאָלן למען השם ניט וויסן, אַז אַ חוץ אָנשטאָפּן די אייגענע קישקע און לאָזן דעם בייכל וואַקסן העכער, אינטערעסירט זיי מער גאָר ניט. . . .

— ווי זינגט ערגעץ שלום עליכם<br>וואָס מער קבצן מער הוליאַקע,<br>וואָס מער עושר מער סוויניאַקע . . .

ווייזט אויס, אַז ווען עס קומט צו געלט, איז איבעראַל איין וועלט, אין שטאָט פונקט ווי אין די בערג. . . .

# די ווייבערשע מלוכה

די אידישע מלוכה פון די קעטסקילס, מיינע פריינט, איז מער פון אלץ א ווייבערשע מלוכה. ניט נאר זיינען דא די ווייבער אין דער מאיאריטעט אלס געסט, נאר די האטעלן אליין ווערן, כמעט דורכאוים, אנגעפירט פון ווייבער. די „טשעמבער מעידס”, די קעבינס, די גאווערנעסעס, די בוקקיפערס און די „האסטעסעס” אין דייניגג רום, זיינען אלע פרויען. אפילו די בעלי בתים פון די האטעלן זיינען מערסטנטייל פרויען, און די האטעלן האבן, הייסט עס, באלעבאסטעס, אנשטאט בעלי בתים. . . . אין דער אמת'ן, קויפט דער מאן דעם האטעל, נאר צוליב פארשידענע טעמים פארשרייבט דער מאן דעם האטעל אויף דעם ווייב'ס נאמען, און זי, די ווייב, הייסט עס, באווייזט באלד דעם מאן, אז זי פארשטייט די ביזנעס אין נאגל, בעסער פון אים. . . . און אז די גלייכסטע זאך וועט זיין, אז ער, דער שלים־מזל, וועט זיך אויפהערן צו מישן אין די ביזנעס. א סך האטעלן דא פארמאגן צו דריי, אדער פיער פארטנערס, און ווי אזוי די דאזיקע דריי אדער פיער ווייבער פירן די גרענדע בא זיך אין קעניג־רייך, און ווי אזוי זיי קומען אוים צווישן זיך, וואלט מען באדארפט זיין א שלום עליכם צו קענען דאס באשרייבן. . . .

פון קיין אנדער אינדוסטריע אין אמעריקע, האבן די פרויען באוויזן אזוי ארויסצושטויסן די מענער ווי פון די האטעל ביזנעס, סיידן מ'זאל צו־רעכענען די קארטן ביזנעס . . . דא האבן די פרויען שוין באלד די מענער אינ־גאנצן פארטריבן פון קארטן־טיש . . . און פון אין דער פרי ביז שפעט ביינאכט, זיינען אלע טישן פארנומען פון ווייבער וואס שפילן פאוקער. . . . נו, און די מענער? . . . זיי ניאנטשען די קינדער. . . .

פון דעם אליין פארשטייט איר שוין, אז כאטש דא פירט זיך א ווייבערשע מלוכה, שפילן דא פונדעסטוועגן די מענער אויך א גרויסע ראלע; ווארים פריער פון אלץ איז דאך עס דער מאן וואס בלייבט אין שטאט, שוויצט בא דער אר־בעט, אדער אין אפיס, און שיקט דער ווייב אין דער קאנטרי אלע וואך א טשעק . . . און דער פאפולערסטער לידל דא איצט איז: „מיין טייער דזשעקעלע, שיק מיר א טשעקעלע.” . . . וואס גרעסער דער האטעל איז — און האטעלן זיינען דא פאראן אזעלכע וואס טוען אריבער א פערטל מיליאן דאלער א וואך ביזנעס — איז וואס גרעסער דער האטעל איז, אלץ גרעסער איז דער „לימיט”,

## גיט אַ שמייכל

און אויב מ׳פאַרגינט זיך צו שפּילן פּאָוקער פאַר אַזאַ „לימיט״ וואָס האָט קיין „לימיט״ ניט . . . קענט איר שוין פאַרשטעהן וויפיל מ׳רעכנט אייך פאַר אַ וואָך לאָזשי. . . . אָבער איר דאַרפט זיך גאָר ניט ערגערן, הלואי פאַרמאָגן מיר דאָס אַלע צוזאַמען וואָס די געסט אין יענע האָטעלן פאַרמאָגן, וועלן מיר קענען חתונה מאַכן אונזערע קינדער, זיי געבן אַ שעהנעם נדן, און נאָך איבער־לאָזן אַ פּאָר מיליאָנטשיקעס פאַר קינדס־קינדער. . . . וואָס מען פאַרספּענדט דאָ אין די גרויסע האָטעלן אויף שאַמפּאַניער אַליין, אין איין נאַכט, „מאַגד יו״, וואָלט געווען גענוג פאַר אונז אַלעמען צו פאָרן פאַר וואַקיישאַן, און איך וואָלט ניט דאַרפן זיין קיין סאָשיאַל דירעקטאָר . . . בעליוו מי. . . .

און אַז איך האַלט שוין ביים סאָשיאַל דירעקטאָר, מוז איך אייך זאָגן, אַז ער, דער סאָשיאַל דירעקטאָר, מיט זיין סטעף, זיינען עס די הויף נאַרן, די לצים, וועלכע דאַרפן אַמוזירן די קעניגליכע געסט, אין דער קעניגרייך וואָס איך רוף „די אידישע מלוכה פון די קעטסקילס״. און אַז וואַויל איז צום אידישן אַקטיאָר וואָס ווערט אַנגאַזשירט אין איינעם פון די גרויסע זומער האָטעלן . . . וואָרים וויסן דאַרפט איר, אַז די „ענטערטיינמענט״ אין דעם „באָרשט סוירקעט״ האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ גרויסע ביזנעס — מיט אַגענטן, מעקלערס, סטאַרס און סטאַרעלעך. . . . ניט נאָר אידישע אַקטיאָרן אַמוזירן די געסט, נאָר אַפילו בראָדוויי איז דאָ אויך פאַרטראָטן. און דעם אמת זאָגנ־דיק, האָבן דאָ די גרויסע האָטעלן שענערע טעאַטערס ווי מאַנכעס מאָל אין דער גרויסער שטאָט; און אַ אידישער אַקטיאָר קריגט דאָ בעסער באַצאָלט ווי ווינ־טער אין טעאַטער. . . . ווינטער אין אידישן טעאַטער גייט מען טאַקע ניט . . . אָבער דאָ, אין די בערג, פאַרצוקערט מען דעם אידישן אַקטיאָר. . . . און — וואונדער איבער וואונדער — אַפילו די אַמעריקאַנער אידישע יוגנט זינגט מיט, און קען יעדע אידישע לידעלע, און פאַרלאַנגט נאָך און נאָך . . . הלואי אויף אַלע שטעט געזאָגט געוואָרן. . . .

* * *

פאַרשטעהט זיך, אַז אין די קלענערע האָטעלן איז די לאַגע גאָר אַן אַנדערע. דאָרטן איז דער עולם דורכאויס אַ אידישער, און עס איז קיין וואונדער ניט אַז מ׳שאַצט אָפּ דעם אידישן אַקטיאָר. נאָר איין צרה — ער, דער אַקטיאָר, האָט געבערענטע צרות פון די מוזיקאַנטן, וואָרים אין די קלענערע האָטעלן שפּילן אַם מיינסטן יונגע אינגעלעך, זעכצן און זיבעצן יאָריקע באָיעס, און אויף אַ אידיש לידל קוקן זיי ווי אַ האָן אין בני אָדם, און שפּילן דאָס ווי עס וואָלט געווען כינעזישע מוזיק. . . . אָבער דער עולם נעמט עס גוטמוטיק . . . אַ דאגה

# אין די בערג

א גרויסע, אבי ס'איז פרעהליך. . . . דער טראָמפּעט בלאָזט, דער פייקלער בריאזגעט אין די טאצן, און דער „עקטער" ווערט הייזעריק שרייענדיק, אָבער די געסט האָבן א גוד־טאים . . . „איט איז פאָן". . . . און אימשטיינס געזאָגט, ווי לאנג זיצט מען אין קאסינאָ? דער עיקר איז דאָך דער פאָוקערל נאָכ'ן קאָנצערט. . . .

אָט אזוי אמוזירן זיך דאָ די געסט אין דער „אידישער מלוכה", און דער עיקר — אידישע אקטיאָרן האָבן פּרנסה. . . .

זאָל זיי וואויל באקומען.

* * *

מיינט ניט, מיינע פריינט, אז אלץ גייט צו גלאטיג א גאנצן זומער אין דער „אידישער מלוכה" פון די קעטסקילס. די דאָזיקע אידישע זומער קעניג־רייך האָט, פונקט ווי יעדע אנדער רעגירונג, אירע בונטאָווטשיקעס, פון וועלכע די רעגירונג, דאָס הייסט, די האָטעל קיפּערס, האָבן צו זינגען און צו זאָגן. . . .

ווער, פרעגט איר, זיינען עס די בונטאָווטשיקעס?

אמאָל איז עס דער „העד־וועיטער", אמאָל איז דאָס די קעכין, דער באָס־באָי, די „טשעימבער מעיד", און אָפטער פון אלץ, דער מאָגן בא די געסט. . . .

ווייניגער פון אלץ האָבן די האָטעל קיפּערס מורא פאר די מאָגנס וואָס בונטעווען זיך; ווארים געסט, זאָגן זיי, קומען און גייען . . . אָבער אָפּגעהיטן זאָל א האָטעל קיפּער ווערן אז זיין „העד־וועיטער" זאָל זיך צעבונטעווען און אים וועלן איבערלאָזן — און דאָס טרעפט גאנץ אָפט — אָדער אז די קעכין זאָל ארונטערנעמען דעם פארטוך און „קוויטן" . . . אים ארט שוין ניט וואָס די קעכין שילט אים, דעם בעל הבית, מיט טויטע קללות, אָדער וואָס דער „העד־וועיטער" ווארפט אים א טעלער אין קאָפּ — צו דעם איז ער שוין צוגע־וואוינט, ווארים די ווייב זיינע, די בעל־הבית'טע, טוט דאָך עס אויך — ערגער פון אלץ איז, וואָס ער, דער קעניג, הייסט עס, מוז זיך אנטשולדיקן פאר זיי, פאר זיינע קנעכט און באדינער, געבן זיי „רעיזעס" אין מיטן סעזאָן און וויינען פאר זיי אז זאָלן אים ניט איבערלאָזן אין מיטן סערווירן. . . .

אָבער, אזוי ווי דאָס טרעפט דאָך פאָרט, האָט איר דאָ, פונקט ווי אין יעדער מלוכה, עולים ויורדים — פון א „באָס־באָי" ווערט מיטאמאָל א וועיטער, און פון א „טשעימבער־מעיד" ווערט א קעכין . . . ניט דער באָס־באָי קען זיין א וועיטער, און ניט די טשעימבער־מעיד קען קאָכן, אָבער דער האָטעל קיפּער האָט קיין אנדער ברירה ניט. אז דער „באָס־באָי וועיטער" גיסט אָפּ א גאַסט מיט א טעלער זופּ, צעשרייט ער זיך אויפ'ן גאַסט, אז דער גאַסט זאָל זיצן ביים

טיש ווי אַ מענטש, וועט ער אים ניט אָפּגיסן ווי אַ חזיר . . . און דער גאַסט אַנטשולדיקט זיך. . . .

און די „טשעימבער־מעיד" קאָכט פּונקט ווי זי האָט „געקלינט". דעם שמוץ פּלעגט זי איבערלאָזן אונטערן בעט . . . איצט לאָזט זי עס איבער אין די טעפּ.

און טאָמער זאָל דער קעניג, דער האָטעל קיפּער, הייסט עס, אויסריידן איין וואָרט ניט אַזוי צו זיינע „העלפּ", ווערט אַמאָל פון דעם שטילן בונט אַן עפנטליכע רעוואָלוציע — אַלע וועיטערס, באַס־באָיעס, קעכין און טשעימבער מעיד, „בעל־האפּ", מוזיקאַנטן, און סאָשיאַל סטעף, נעמען זיך פּאַקן . . . אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז די אונטערטאַנען — די געסט, הייסט עס — מישן זיך אויך אַריין — אויב די „העלפּ" גייט אַוועק, גייען זיי אויך — אָבער דעם האָטעל־קיפּער אַרט דען פאַר די געסט? זיי גייען דאָך און קומען . . . ער וועט אייך געבן איינעם, אַבי איר זאָלט באַוועגן די „העלפּ", זיי זאָלן בלייבן אַרבעטן . . . וואָרים זיי, די אַרבעטער, זיינען דאָך די בעלי־בתים, ניט די האָטעל קיפּערס . . . און אַם מייסטנס געווינט דאָ דער אַרבעטער, ניט ווייל די האָטעל קיפּערס זיינען אַזעלכע יושר'דיקע מענטשן, חלילה . . . וואָרים ווייסן זאָלט איר, אַז אַרבעטער בונטעווען זיך ניט אומזיסט, פּונקט ווי אַ מאָגן „באַדערט" ניט פאַר גאָרניט . . . און פאַראַן דאָ האָטעל קיפּערס, וואָס יעדער וועיטער אָדער באַס־באָי וואָלט אים געוואָלט זעהן הענגען פון אַ בוים. . . .

אָבער, צוריק גערעדט, איז דאָך דאָס אַזוי אין אַלע קעניגרייכן . . . אַפילו אין אַ דעמאָקראַטיש לאַנד האָט דער פּרעזידענט אויך שונאים . . . און דער עיקר איז, אַז היינט קריגט מען זיך און מאָרגן בעט מען זיך איבער — עס איז דאָך פאָרט אַ אידישע מלוכה, און דער איצטיקער וועיטער קען מאָרגן גאָר ווערן אַ פּאַרטנער אין געשעפט, ווייל ניט נאָר אַרבעטער גייען דאָ אַרויף און אַראָפּ, נאָר האָטעל קיפּערס אויך, און האָטעלן בייטן זייערע בעלי בתים יעדן זומער. אָבער קיינער קוקט זיך אויף דעם ניט אום, איבער אַ יאָר, מירצעשעם, טרעפט איר דאָ די זעלבע געסט, די זעלבע וויינענדיקע קינדערלעך, די פאַראַיאָריקע קעכין, און די פאַראַיאָריגע זופּ. . . . עס איז אַ מלוכה וואָס דויערט ניט מער ווי צען וואָכן, און עס איז ניטאָ קיין צייט צו זיין צופיל איבערקלייבעריש. די געסט ווייסן דאָס אויך, און זיי לאָזן עס גיין . . . דער עיקר איז דאָך דער „פאָן" וואָס די געסט זוכן, און דאָס קריגן זיי. אין וואָס, פרעגט איר, באַשטייט דער „פאָן" ? ניט אַלעמענס געשמאַק איז דער זעלבער . . . גוטס האָט קיין שיעור ניט . . .

# די „ניו־דילער" פון די בערג

די קעטסקיל מאונטענס האבן זיך די וואך אויסגעפוצט לכבוד לעיבאָר דעי, גרייט אויפצונעמען דעם גרויסן אימיגראנטן שטראָם, וואָס וועט זיך ארויסלאָזן אהער פון ניו־יאָרק און ארומיקע שטעט. דאָ אין דער אידישער מלוכה דארף מען ניט קיין פאספארטן, און מ'דארף קיין וויזעס. דאָ ווייסט מען ניט פון קיין ראסן דיסקרימינאציעס. אויב איר האט נאר די נויטיקע פאר דאלער צו באצאָלן אייער האָטעל ביל, לאָזט מען אייך אריין אפילו ווען איר זייט א גאליציאנער. . . .

פונדעסטוועגן זאָלט איר ניט מיינען אז יעדער אימיגראנט וואָס קומט אהער ברייננגט מיט זיך פולע קעשענעס מיט געלט. א סך וואקעישאָניקעס קומען אהער בלויז מיט א טעשל קאָרטן אין פאקעט און זיי שלאָגן זיך דאָ אוים די הוצאות — ניט אזוי מיט דעם אופן ווי אזוי זיי שפילן, נאר מיט דעם אופן ווי אזוי זיי דילן. . . .

זיי זיינען, אזוי צו זאָגן, די „ניו־דילער" פון די מאונטענס . . . נאר אנ־שטאט א „ניו־דיל", גיבן זיי די געסט א „דוירטי דיל". . . . אט די פארשווינען ווערן אנגערופן, „פעקל־מאכער". אויב איר האט ניט קיין קאָרטן באגריף, וואָס דאָס איז אזוינס, טאָ הערט: דאָס איז ניט קיין פעקל־מאכער וואָס ארבעט ערגעץ אין א פעקטאָרי אלס שיפינג קלערק און ער דארף מאכן באנדלס א גאנצן טאָג. . . . די פעקל־מאכער געפינט איר דאָ אין די גרויסע רייכע האָטעלן. זיי גייען רייך אנגעטאָן, און זיי שפילן די ראָלע פון מיליאָנערן. נאר די נאטור האט זיי באשאנקען מיט „ליאָווקע" פינגער, און אין די גרויסע האָטעלן גע־פינען זיך געננוג „העכט" — אלראיטניקעס, וועלכע זיינען געווען ביזי א גאנצן ווינטער מיט מאכן געלט, און איצט, אויף זייער וואקאציע, ווילט זיך זיי א הוליע טאָן, מאכן א קערטל. דאָס איבעריקע מעגט איר שוין איבערלאָזן צו די „פעקל־מאכער" . . . ניט נאר פארמאָגן זיי די ליאָווקע פינגער, מיט וועלכע זיי מאכן די פעקלאך, זיי פארמאָגן אויך שארפע שמעקערס, צו דערשמעקן וואו דער „העכט" געפינט זיך. . . .

פונדעסטוועגן זאָלט איר נישט מיינען אז מאכן „פעקלעך„ איז א לייכטע פרנסה, און א ליאדע שמאראָוואָז קען זיך נעמען צו דעם. אפגעהיטן זאָל א פעקל־מאכער ווערן אויב מ'כאפט אים מיט די גודס . . . דאמאָסט איז ער ניט זיכער מיט'ן לעבן . . . און די פעקל־מאכער טראכטן איצטער ערנסט וועגן אינשורן זייערע פינגער . . . אט א שטייגער ווי א מישא עלמאן, אדער אנדערע קינסטלער, וועלכע באנוצן זיך מיט די פינגער אויף צו מאכן א לעבן, וואָרים מיט אויסגעבראָכענע פינגער איז א פעקל־מאכער קאפוט. . . .

גיט אַ שמייכל

# די ליטעראַרישע קעכן פון די קעטסקילס

אויב איר ווילט זיך באַקענען מיט טשיקאַווע טיפּן און פּאַרשוינען, און אַריינכאַפּן עטליכע אומזיסטע לעקציעס אין פּסיכאָלאָגיע, מוזט איר אַרויס־קומען אַהער, אין דער אידישער מלוכה פון די קעטסקילס, און איר וועט מער ניט דאַרפן גיין אין קאָלעדזש. . . .

וואָס אַנבאַלאַנגט מיך אַליין, דאַרף איך ניט זוכן ווייט; מיין אייגענער האָטעל איז אָנגעפּיקעוועט מיט טשיקאַווע פּאַרשוינען מכל המינים.

מיר האָבן דאָ, צום ביישפּיל, אַ ליטעראַרישע קעכין . . . מיידלוויז, מיט עטליכע און דרייסיק יאָר צוריק, האָט זי באַלאַנגט צום „יעקב גאָרדאָן דראַ־מאַטיק קלאָב” אויף איסט בראָדוויי. פון יענעם קלאָב זיינען טאַקע אַרויס־געקומען אַ סך טאַלאַנטפולע אידישע אַקטיאָרן, אָבער אונזער קעכין האָט גע־האַט מער טאַלאַנט צום עסן ווי צום „עקטן”, איז זי געוואָרן אַ קעכין. איז פרעגט שוין ניט . . . דער האָטעל־קיפּער האָט פון איר געבראָטענע צרות, כאָטש זי לאָזט אים צום אויוון ניט צו. טאָמער הייסט ער איר זיך צוואַיילן מיט'ן קאָכן, ווייל זי איז שוין שפּעט מיט'ן דינער, הויבט זי אים אָן צו דעקלאַמירן יעקב גאָרדין'ס „די פּראָלעטאַרישע קללה”. . . . און טרעפט אַמאָל, ווי דער שטייגער איז, אַז איר קאָכן איז ניט אַזוי געראָטן, איז בעסער אַז איר רעדט איר ניט אוים . . . אַז איר זאָגט גאָרניט . . . אַז ניט פרעגט זי אייך באַלד, אויב איר האָט אַמאָל געזעהן יעקב גאָרדין'ס „גאָט, מענש און טייוועל”? דאָרטן, דעצעהלט זי אייך, האָט דאָבע, הערשעלע דובראָוונער'ס ווייב, ציין־וועהטאָג, און לייזער בדחן, דער שוועך אירער, גיט איר אָן עצה ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון איר ציין־וועהטאָג: נעם, זאָגט ער, אַ בעזים, לייג אים אַוועק אויפ'ן שוועל, געה אַריבער דריי מאָל איבער'ן בעזים און זאָג טפו, מיך אַרט ניט. . . . אָט אַזוי — פאַרענדיקט די קעכין —איז מיט מיר . . . איר מעגט שרייען פון היינט ביז מאָרגן אַז מיין קאָכן טויג ניט, מיך אַרט עס ניט. . . . און טאָמער גיט מען איר ניט די „פּעידי” צו דער מינוט, הויבט זי אייך אָן דעקלאַמירן פון שעקספּיער'ס „האַמלעט„ — „זיין אָדער ניט זיין”? . . . און זי נעמט זיך פּאַקן. . . . אָפּגעהיט זאָל מען ווערן פון אַ ליטעראַרישער קעכין.

און וואָס, אַ שטייגער, פעהלט איר „אַסיסטענט קוק”, דעם פּיליפּינער? . . . איך ווייס ניט מיט וואָס איך האָב אַזוי נושא־חן געווען באַ אים, נאָר ער, דער

## אין די בערג

פיליפינער, איז געוואָרן מיינער אַ חסיד, מיין גרעסטער פאַרעהרער . . . אַלע נאַכט קומט ער אַריין אין קאַסינאָ בייצואוואוינען מיין קאָנצערט, און אָפּגע־היט זאָל מען ווערן אויב אימיצער זאָל געבן אַ לאַך פון מיינעם אַ וויץ. . . . ער הויבט אָן שרייען אויף די געסט זיי זאָלן ניט לאַכן . . . „שאַלאַפּ"! — שרייט ער, און סטראַשעט די געסט אַז אויב זיי וועלן ניט אויפהערן לאַכן, גייט ער ברענגען פון קיטשן דעם לאַנגן ברויט־מעסער. . . . אים ווייזט זיך אויס, הפּנים, אַז די געסט לאַכן פון מיר, אַנשטאַט צו לאַכן פון מיינע וויצן, און ער נעמט זיך אָן מיין כּבוד. . . . און די געסט, נאָך אַזאַ סצענע, לאַכן נאָך שטאַר־קער . . . זיי מיינען אַז דאָס איז אַזאַ אָפּגעמאַכטער „סקעטש" צווישן מיר מיט'ן פיליפּינער . . . און אַנדערע מיינען אַז ער איז אַ בעסערער קאָמיקער פון מיר.

* * *

נעקסט מוז איך אייך באַקענען מיט אונזער „העד־וועיטער". ער האָט זיך זיין אייגענעם „פּעטענט" ווי אַזוי צו באַדינען די געסט מיט „עפּישענסי", ווי ער רופט עס, שנעל און גוט. צו יעדן מאָלצייט פילט ער אָן זיינע פּאַקעטס מיט לעפעלעך, גאָפּל און מעסער. . . .

— ווי אַ זאַך מאַכט זיך — דערקלערט ער מיר — טאָמער פעלט ביים טיש אַמאָל אַ לעפעלע, אַ גאָפּל, אָדער אַ מעסער, צו וואָס זאָל איך לויפן צוריק אין קיטשן? . . . איך נעם אַרויס דעם מעסער אָדער דעם גאָפּל פון פּאַקעט און דערלאַנג עס דעם גאַסט. . . . דעם באָטל מיט „קעטשופּ" האַלט איך אין דער הינטערשטער הויזן־קעשענע . . . און טאָמער פאַרגעסט אימיצער פון די געסט מיר צו „טיפּן", דערמאָן איך אים, דעם חזיר, אַז זיין וואָך איז שוין אַריבער נאָך נעכטן . . . און איך זאָג אים אפילו וויפיל ער איז מיר שולדיק. . . . וואָצימעדער, איך וועל זיך געהן שעמען פאַר זיי? . . . לעצטע וואָך האָט מיר אַ גאַסט ניט „געטיפּט" ווי איך האָב געוואָלט, האָב איך צוגענומען דעם „טיפּ" און דעם גאַסט געשיקט צו אַן אַנדער וועיטער . . . „יו גאַט טו יוז סאַיקאַלאַדזשי" — פאַרענדיקט ער.

און פּונקט ווי די אָנגעשטעלטע, אַזוי זיינען דאָ די געסט אויך טשיקאַווע פאַרשוינען — מאַנכע קאָמישע, מאַנכע טראַגישע. יעדער איינער פון זיי מיט זיינע „העביטס", מיט זיינע, אָדער אירע, פּערזענליכע קאָמעדיעלעך, טראַגע־דיעלעך, וועלכע בעטן זיך פּשוט אַז מ'זאָל זיי אָפּפאָרטרעטירן. אָבער איך ווילט דאָך ניט אַז איך זאָל זיי אַלעמען באַשרייבן אין איין בוך . . . אַ קלו־גער שרייבער איז פּונקט ווי אַ קלוגע קעכין: זי, די קעכין, לאָזט אַלעמאָל איבער אַביסל געקעכץ פון נעכטן אויף מאָרגן . . . וועלן מיר דאָס איבעריקע לאָזן אויף אַן אַנדערש מאָל. . . .

## גיטא שמייכל

# כ'דערקען זיך ניט

פאר דער צייט וואס איך געפין זיך אין די בערג, בין איך גאר אן אנדער מענטש געווארן. איר וואלט מיך אסור דערקענט. און דעם אמת אייך זאגן, איך דערקען זיך אליין ניט. איך קוק אריין אין שפיגל און איך זעה דארטן עפעס א פרעמדן מענטשן . . . א שענערן פון מיר, און א געזינטערן. . . . איך האב געהאט א טבע צו ריידן צו זיך אליין, איצט טו איך דאס ניט מער . . . איך וועל דאך ניט געהן רעדן צו א פרעמדן מענטשן איידער איך באקען זיך מיט אים. . . .

און גלויבט מיר, אז ווער עס קומט נאר אהער, ווערט אן אנדער מענטש; א חוץ יענע מענטשן וועלכע שפילן קארטן פון ברעקפעסט ביז סאפער . . . די דאזיקע פארשוינען, ווען איר זאלט זיי אנקוקן נאך אזא שווערן טאג ארבעט, וואלט איר אויף זיי רחמנות געקראגן, און מיט אייערע לעצטע מיטלען זיי אוועקגעשיקט אין א סאניטאריום אפרוהען די נערוון. . . .

און ניט נאר אויף די קארטן־שפילער איז א רחמנות, נאר אויך אויף מאנכע עסערס. מיר האבן דא א גאסט וועלכער שטאפט אריין אין זיין מאגן אזוי פיל עסנווארג, אז מיר האבן אים א נאמען געגעבן „דהי הארדער". . . . מיינט איר, אז דאס עסן פארשאט אים? האט איר א טעות. זיין מאגן — זאגט ער — ציהט זיך אזוי ווי ראבער, און אזוי ווי ער ווערט פארטיק מיט זיין וואקעישאן, וועט ער דעם מאגן זיינעם אוועקשענקען דער רעגירונג פאר „סקרעפ ראבער". . . .

פונדעסטוועגן געפינט איר דא אויך מענטשן וועלכע האבן טאקע הנאה פון דער נאטור, פון די בערג, דעם קלארן הימל, און פון די שעהנע ווייבלאך. מיר האבן דא א יונגנמאן, וועלכער לויפט נאך אלע ווייבלאך בלויז דערפאר — זאגט ער — ווייל ער וויל הנאה האבן פון דער נאטור . . . און נאכלויפן שעהנע ווייבלאך איז גאנץ נאטירליך. . . . אזוי זאגט ער, און קיינער שפארט זיך ניט מיט אים . . . די ווייבלאך אליין אויך ניט. . . .

איר וואלט שוין דא געמעגט אנקוקן די בערג . . . איר וואלט געשווארן אז זיי קושן זיך מיט די הימלען. און אז די זון ווערט מיעד פון א שווערן טאג ארבעט, זעצט זי זיך פארנאכט אפצורוהען אויף דעם שפיץ פון א בארג. . . . און אז עס ווערט שוין גאנץ טונקל, און די זון וויל געהן שלאפן, האט איר שוין געמעגט זעהן ווי אזוי די בערג פארשטעלן איר, אז קיינער זאל ניט זעהן ווי זי טוט זיך אויס . . . ווארים וויסן דארפט איר, אז די זון איז א סך בא־

# אין די בערג

שיידענער מיט'ן אויסטאָן זיך ווי די בלאָנדע ווייבלאך וואָס קומען אהער. . . .
אויב איר גלויבט מיר ניט, דארפט איר קומען אהער א פארנאכט און זעהן
א זון־אונטערגאנג — דער פנים ווערט באַ איר רויט ווי באַ אַ כלה אין איר
חופה־נאכט. . . .

פון די נעכט איז דאָך שוין אָפגערעדט. דאָ קענט איר ביינאכט ממש
הערן ווי די שטערן דערציילן זיך די סודות פון מעשה בראשית. . . . היינט
האָט איר שוין געמעגט זעהן דאָ דעם „מילך־וועג" אין אַ אויסגעשטערנטער
נאכט. עס דאכט זיך, אַז איר קענט ארויפגעהן אויף איינעם פון די בערג
און אַ טרייסל טאָן דעם הימל, וועלן נעמען פאלן שטערן. . . . אונזער פארמער
דאָ איז אַ רעגעלער אסטראָנאָם . . . טאָמער פעלט אים אַמאָל מילך אָדער
סוויט־קרים צום סאפער, און די געסט באַקלאָגן זיך צו אים דערפאר, ענטפערט
ער זיי: וואַרט אוים אויף ביינאכט, וועל איך אייך אויסמעלקן דעם הימל . . .
דער „מילך־וועג" איז פונקט איבער מיין קיטשן. . . .

יאָ, אַ מאָדנע וועלט דאָ, אין די בערג, מיט טשיקאַווע פארשוינען. דאָ
פארגעסט איר אָן דער רעאַלער וועלט, מיט אירע צרות . . . אויב איר ווילט,
כאפט זיך אריבער אהער. מיין אדרעס איז: גרינער בארג, ניט ווייט פון
הימל־וועג, שטערנגוויל, אמעריקא. . . .

**גיט אַ שמייכל**

# „קאָך־אַליין" הייזער אין די בערג

איך האָב געמיינט, אַז איך האָב שוין באַשריבן די בערג מיט׳ן היגן זומער לעבן פון אַלע זייטן, מיט אַלע פּיטשעווקעס. צום סוף, זעה איך ערשט אַז איך האָב דורכגעלאָזן איינעם פון די אייגנאַרטיקסטע ווינקלען פון דעם ליבן זומער לעבן אין די בערג — די „רומינג" הייזער, אָדער, ווי מ׳רופט זיי דאָ אין שפּאַס, די „קאָך אַליין". . . .

ניט ווייט פון יעדן גרויסן האָטעל טרעפט איר אָט די „רומינג" הייזער, וואו איר קאָנט זיך דינגען אַ צימער פאַר׳ן גאַנצן זומער, אַריבערברייגנען אַלע בעבעכעס אהין — מיט די טעפּלאַך, דישעס, האַק און פּאַק — און איר קאָכט זיך אייערע אייגענע מאָלצייטן.

געוויינליך פאָרן אַרויס אהין די ווייבער מיט די קינדער, און די מענער קומען אַרויס פאַר „וויק־ענדס". איר פאַרשטייט דאָך שוין געוויס אַז אָט די מענער זיינען אונזערע „עמך׳ס", אונזערע האָרעפּאַשניקעס, וועלכע אַרבעטן אַ גאַנצע וואָך שווער און ביטער אין די פאַבריקן, און זיי קאָנען ניט שיקן זייערע ווייבער און קינדער אין די רייכע האָטעלן פאַר׳ן זומער. דינגט מען זיך אָפּ אַ צימער אין איינעם פון די „רומינג" הייזער און מען „פאַרשיקט" די ווייב מיט די קינדער אהין פאַר׳ן זומער. . . .

איר ווילט אפשר מאַכן מיט מיר אַ שפּאַציר און באַזוכן איינע פון די „קאָך־אַליינ׳ס" ?

אויסערליך, פון דרויסן, איז עס ניט אַנדערש פון יעדן האָטעל. דער הימל איז פונקט אַזוי בלוי, די גראָז איז פונקט אַזוי גרין, און די זון שיינט און וואַרעמט דעם דאַך פון דער „רומינג" הויז פונקט ווי דעם דאַך איבער׳ן האָטעל. פונדעסטוועגן, קומט לאָמיר אַריינגיין אינעווייניג.

צוערשט וועלן מיר באַזוכן די קיך. דאָס איז ניט סתם אַ קיך, נאָר אַ קוכניע. פון אַרום צוואַנציק ביז דרייסיק געז אויוונס ציהען זיך אַרום די ווענט, און אויף יעדן געז אויוון קאָכט זיך אַ טאָפּ, און בּאַ יעדן טאָפּ שטייט אַ פרוי . . . צוואַנציק אָדער דרייסיק טעפּ קאָכן און פּרעגלען זיך מיט די פאַרשיידנסטע מאכלים. די ריחות פון די טעפּ מישן זיך אויס מיט דעם באַלאַקען פון די ווייבערשע צינגער, און פונקט ווי עס זיינען פאַרשיידן די מאכלים און געקעכצן אין די טעפּ, אַזוי פאַרשיידן און אויסגעמישט איז דאָס באַלאַקען, די ריידערייען און באַריידערייען פון די ווייבער. . . .

# אין די בערג

איין פרוי קאַכט פאַר איר מאַן אַ גראַשיצע, און עס פעלט איר אביסל זאַלץ; די צווייטע פרוי, לעבן איר, קאַכט גאַר מילכיקע קרעפּלאַך, און ס'פעלט איר אויס קעז; אַ דריטע איז שפּעט אויפגעשטאַנען (זי האָט געכטן ביינאַכט גע־שפּילט אַ פּעני־פּאָוקער ביז דריי פאַרטאָג), קאַכט זי ערשט אַ טאָפּ מיט קאַווע און זי כאַפּט זיך, אַז זי האָט קיין צוקער ניט; באַ אַ פערטער וויינט דאָס קינד אין קערידזש, לויפט זי אַרויס אין דרויסן צום קינד און די יויך פון טאָפּ לויפט איר נאָך, טריפט אַריבער. . . . אַ פינפטע פרוי שטעלט זיך דערוויל איבער־וואַשן די דאַיפּערס . . . לויפט זי פון טאָפּ צו די דאַיפּערס און פון די דאַיפּערס צום טאָפּ . . . אַ מיש און אַ וואַש . . . אַ וואַש און אַ מיש . . . בקיצור, עס איז דער אמת'ער מיש־מאַש. . . .

היינט האָט איר שוין געמעגט זעהן ווען אַלע געקעכצן ווערן פאַרטיק . . . ווי אַזוי מ'לויפט מיט די טעלער אין די הענט, פאַרכאַפּן אַן אָרט אין דער אַלגע־מיינער דאַינינג רום, באַ דעם אַלגעמיינעם טיש. . . . דאָס מוזט איר אַליין אַרויסקומען און זעהן . . . ווארים וויסן זאָלט איר, אַז דאָ וואוינען אַ דרייסיק־פערציק פאַמיליעס, און אונזערע „עמך'ס" זיינען ניט ווי די מיליאָנערן, וועלכע האָבן קיין קינדער נישט . . . יעדע פרוי קומט דאָ, קיין עין הרע, מיט אַ דריי־פיר קינדערלאַך, און דער אַפּעטיט אין דער קאָונטרי איז באַ זיי דוקא ווי באַ די מיליאָנערן, וועלכע שטייען איין אויף יענער זייט, אין דעם גרויסן האָטעל. און ווען אַכציק אָדער הונדערט קינדערשע מיילעכלאַך שרייען — מאַמע, כ'וויל עסן! — קלינגט דאָס ווי אַ רעגעלער דזשעז בענד פון גאַלע ברעס אינסטרו־מענטן. . . . היינט באַרעכנט נאָר, אַז דער זעלבער קאָנצערט ווידערהאָלט זיך דאָ דריי מאָל אַ טאָג, וואָלט איר דאָ אַפּילו אַ טאָג ניט געשטאַנען, אַ יאָ? פונדעסטוועגן זאָג איך אייך, אַז די יאַטען פון די „קאָך אַליינס" זיינען לעבעדיק, געזונט און פריילאַך . . . אפשר געזינטער פון די „מיליאָנערן" אין די האָטעלן, וועלכע ליידן פון צופיל איבערעסן זיך. . . .

אדרבא, זאָגט אַליין, וואָס פעלט זיי, די „קאָך אַליינס"? באָדן קומט מען זיך אין דעם „סווימינג פּול" פון האָטעל; ביינאַכט געהט מען אין דער קאַסינאָ צו די קאָנצערטן; און, ווי איך האָב אייך פריער געזאָגט, דער הימל איז פונקט אַזוי בלוי, און די גראָז פונקט אַזוי גרין אַרום דער „רומינג" הויז ווי ביים האָטעל. אי דאָס קאָכן? אונזערע ווייבער זיינען געוואוינט צום שטיין ביים טאָפּ. . . . זעהט איר, איך אַליין וואָלט דאַרטן ניט איינגעשטאַנען. איך האָב ליב אַז מען דערלאַנגט מיר אַלץ פאַרטיגעס.

# די בערג און מיין פעטער גרונם

אַ גרוס אייך פון מיין פעטער גרונם. ווי איר ווייסט, האָב איך אים מיטגענומען, דעם פעטער גרונם, אהערצו, אין די בערג אריין, און אזוי ווי מיין פעטער איז צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן אין די קעטסקילס, קען ער זיך גאָר ניט אָנזעטיקן מיט די וואונדערליכע לאַנדשאַפטן, וואָס שפּרייטן זיך פאַר זיינע אויגן איבער בערג און טאָלן. אַ גאַנצן טאָג געהט ער ארום אָנגעטאָן אין אַ פּאָר „ניקערס", מיט אַ שטעקן אין האַנט, וואָס ער האָט זיך אויסגעשניצט פון אַ דעמבענעם צווייג, זיין קורץ־געשוירן בערדל פאַרריסן צום הימל, און די באַברילטע אויגן נעמען דורך די בערג, ווי ער וואָלט זיי, די בערג, געוואָלט איינזאַפּן אין זיך. . . .

— אי, אי! — קוועלט ער פון התפעלות — שוין העכער פופציק יאָר האָב איך אָפּגעלעבט און ערשט איצט האָב איך אויסגעפונען וואו דער גן־עדן געפינט זיך. . . . ניט אַנדערש ווי דאָ האָט זיך אָנגעפאַנגען מעשי בראשית. . . . דאָ, אין די בערג, האָט זיך אָנגעפאַנגען דער וועלט־באַשאַף, כאָטש קיין באַרדערס זיינען נאָך דאַן ניט געווען דאָ און קיין ליובקעס האָט מען ניט געשפּילט. דו זעהסט דעם שפּיץ פון דעם הויכן באַרג דאָרטן? אויף יענעם באַרג רוהט דער הימל, און פון דאָרטן האָט דער בת־קול אָפּגעקלונגען איבער אַלע בערג: יהי אור! . . . ליכטיק זאָל ווערן! . . . איך מוז אויף אַ טשיקאַווע אַרויפקלעטערן אויפ׳ן שפּיץ פון יענעם באַרג און אָנטאַפּן דעם הימל . . . דערנאָך וועל איך מאַכן די ברכה שכוחו וגבורתו מלא עולם. . . .

אָט אַזוי האָט מיין פעטער גערעדט מיט באַגייסטערונג און זיך געלאָזט צום באַרג!

— פעטער! — האָב איך אים פּרובירט אָפּהאַלטן — ווי קומט איר צו קריכן אויף אַזאַ הויכן באַרג? איר האָט פאַרגעסן אַז איר האָט אַסטהמאַ? . . . און וואָס איז עפּעס מכח אייער קורצן אָטעם? און דער רומאַטיזם אין די פיס־געלענקען וועט אייך ביינאַכט ניט נאָכלאָזן . . . לאָזט שוין דאָס קלעטערן איבער פאַר אינגערע פון אייך. אַ חוץ דעם איז דאָס האַרץ אויך באַ אייך ניט מיט אַלעמען. . . .

ענטפערט מיר מיין פעטער מיט אַ הוסטנדיקן געלעכטערל:

— קכע . . . קכע . . . — מאַכט ער — ניט געפערליך . . . די בערג האָבן

# אין די בערג

באַ מיר מיינע קראַנקהייטן ווי מיט'ן האַנט צוגענומען. . . . ווייסט דאָך, וואָס נעהענטער צו גאָט, אַלץ ווענינקער האָט מען מורא פאַר'ן טויט. . . . און ווידער, מיינסט טאַקע, אַז מען מוז אַרויפקריכן אויפ'ן באַרג צו דערגרייכן דעם הימל ? אַ מענטש מיט פאַנטאַזיע קאָן דערלאַנגען צום הימל שטעהענדיק אין טאָל; אַן אַנדערער, ווידער, קען שטעהן אויפ'ן העכסטן באַרג און מער ווי דעם אָפּגרונט זעהט ער ניט. . . . איך וועל שוין אָפּלייגן דאָס קלעטערן אויף אַן אַנדערס מאָל . . . דער דינער גלעקל קלינגט. . . .

נאָכ'ן דינער האָט זיך מיין פעטער ערשט ריכטיק פאַנאַנדערגערעדט. אַ צופרידענער, אַ זאַטער, גלעטנדיק זיך דעם בייכל, מאַכט מיין פעטער צו מיר:

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, פּלימעניק מיינער, דאָ איז דער גן־עדן אויף דער וועלט . . . דאָ איז די אמת'ע קאָמונע. . . . פרעמדע מענטשן קומען זיך צוזאַמען באַ איין טיש און מ'עסט זיך אַזוי פריידליך . . . ווילסט נאָך אַ „פּאָרשאַן", איז נאָך אַ „פּאָרשאַן" . . . און איינער איז גרייט דעם אַנדערן צו באַדינען מיט „פּלעזשור" . . . דער דערלאַנגט דיר די קרים און יענער גיסט דיר אָן די קאָפע, און אַ דריטער „אָפּערט" דיר אַ פּאַפּיראָס און גיט דיר נאָך פייער אויך. . . . פאַרוואָס קאָנען מענטשן ניט זיין אַזוי פריינטליך איינער צום צווייטן אין שטאָט ? . . . מסתמא דערפאַר וואָס יעדער איינער איילט זיך אין אַן אַנדער „דירעקשאַן". . . . ווען מ'וואָלט געקאָנט אַלע מענטשן צו־זאַמעננעמען באַ איין גרויסן טיש און זיי געבן זאַט אָפּצועסן, וואָלטן מיר געהאַט די אמת'ע קאָמונע אויף דער וועלט. . . .

אָבער אין זיין העכסטער שטופּע פון באַגייסטערונג איז מיין פעטער אַריינ־געפאַלן ווען ער האָט ביינאַכט צום ערשטן מאָל דערזעהן דאָ דעם אויסגע־שטערנטן הימל און די פולע לבנה. די שטערן זיינען דאָ אַזוי גרויס, אַז אייך דוכט זיך, דאָס זיי זיינען די פענסטער דורך וועלכע מ'קען אַריינקוקן אין די הימלען אַריין. . . . און די פולע לבנה ליגט אויסגעשפּרייט איבער אַ האַלבן הימל, אַ רונדע, אַ גאָלדענע, אַקוראַט ווי זי וואָלט עס געווען דאָס טעלערל פון הימל. . . . און אָט אַזוי שווימט זי זיך, די לבנה, דורך מיליאַרדן שטערן, איבער אַ הימל וואָס איז כמעט דורכזיכטיק. . . . נו, איז עפּעס אַ וואונדער וואָס מיין פעטער איז אַזוי באַגייסטערט פאַר די בערג ? וואוד'נט יו ? . . .

### גיט אַ שמייכל

## בערג, מיינע ליבע בערג, אַף ווידערזעהן

אויף אַלץ קומט אַ צייט, אַפילו אויף דעם ליבן זומער־לעב. און אַט איז געקומען די צייט ווען איך דאַרף מיך געזעגענען מיט די בערג.

ווען איך האָב זיך אָנפאַנג זומער אַרויסגעלאָזט אַהער אין די בערג, האָט מיין האַרץ געקלאַפּט פון דערוואַרטונג, פּונקט ווי בײַ אַ חתן־בחור׳ל וואָס פאָרט צום ערשטן מאָל אָנקוקן זיין באַשערטע . . . און די בערג האָבן מיר באַגעגנט אויסגעפּוצטע, גרין באַגראָזטע און פריש־שמעקנדיקע, ווי יונגע כלה־מיידלאַך אין זייער חופּה־טאָג. . . . און די ליבע אונזערע איז געווען אַ געגנזייטיקע. אין מיר האָבן די בערג געפונען אַ פאַרעהרער, אַ באַוואונדערער, און ניט איין טאָג האָב איך פאַרבראַכט מיט זיי, מיט מיינע כלה־מיידלאַך, די בערג, אין יחידות, אין איינזאַמקייט. בלויז איך מיט די בערג און ווייטער קיינער. . . . און זיי, די בערג, האָבן מיר צוריקגעצאָלט נאָך מיט מער ליבשאַפט; ניט נאָר כלה־מיידלאַך זיינען זיי געווען צו מיר, נאָר מאַמעס! פּונקט ווי מאַמעס באַשיצן זייערע קינדער פון דער דרויסנדיקער וועלט, פון דרויסנדיקע געפאַרן, אַזוי האָבן די בערג מיך פאַרשטעלט און אויסבאַהאַלטן פון דער רעאַלער וועלט, פון דער רויער ווירקליכקייט. . . .

איך האָב זיך געפילט ווי דער מיטל־אַלטערליכער פּרינץ, וואָס האָט זיך פאַרמאַכט אין זיינע מיטל־אַלטערליכע שלעסער, אין די בערג, אום קיין קלאַנג פון דרויסן זאָל אים ניט דערגרייכן. . . .

איצט מוזן מיר זיך שיידן, געזעגענען. . . . עס איז אלול לויט דעם אידישן לוח, און אלול איז בײַ מיר אין האַרצן . . . אַוועק דער זומער, און דער ווינטער איז שוין ניט ווייט. . . . אַפילו די בערג, מיינע כלה־מיידלאַך, קוקן שוין איצט אויס ווי צו ערב־סליחות . . . די בלומען־קראַנצן אויף זייערע קעפּ זיינען שוין פאַרוויאַנעט, די גרינע גרעזעלאַך ליגן צעטראָטן, ווי די נאַצישע חלומות . . . אַ קאַלטער ווינטל בויגט די צווייגן פון די ביימער ווי ער וואָלט זיי וועלן איבערברעכן, און די בלעטער וואָס זיינען נאָך ניט אַרונטערגעפאַלן, טרייסלען זיך מורמלען: „א־ל־ו־ל” . . . עס איז אלול אויף דער וועלט. . . .

וואָס דאַרפט איר מער, אַפילו די קאָרטן־שפּילער האָבן זיך שוין אויפגעכאַפּט פון די קאָרטן־טישלאַך און זיך גענומען פּאַקן די רענצלאַך... בלאַסע,

# אין די בערג

ניט־דערשלאָפענע, מיט שווארצע רינגען ארום די אויגן, האָבן זיי זיך אויפ־געכאפט ווי צו תחית המתים, און איילן זיך צוריק אין שטאָט אריין, צוריק צווישן די לעבעדיקע. ניט זיי וועלן בייַנקען נאָך די בערג, און ניט די בערג האָבן געשיקט נאָך זיי. . . .

בערג, מיינע ליבע כלה־מיידלאך, לאָמיר זיך געזעגענען. א סך פרעהליכע טעג האָבן מיר פארבראכט צוזאמען, אָבער אויך אנטוישונגען האָב איך דאָ געהאט. . . . איך האָב דאָ געטראָפן אידן וועלכע האָבן ליב דאָס אידישע וואָרט מיט מסירת נפש; און אידן, וועמען דער היטלעריזם אפילו האָט גאָר ניט געלערנט . . . און זיי האָבן פיינט „דזשואיש ענטערטעינמענט". . . .

איך האָב דאָ געטראָפן אונזערע האָרעפּאַשניקעס, וועלכע קומען זיך אביסל ערהאָלן נאָך א יאָר שווערע, ערליכע ארבעט; און איך האָב דאָ אויך באגעגנט אָפּגעפרעסענע. רייכע בעל־עבירה'ניקעס, געמבלערס און שניפּישאַקער „יענקים". . . .

אָבער אָפּגעזעהן פון די אַלע טיפּן און פארשוינען, ליכטיקע און טונקעלע, זיינען די בערג אייביק, און מיין בייַנקשאַפט נאָך זיי איז אַן אייביקע. זיי, די בערג, זיינען דער ערד־מקלט, וואו א מענטש קאָן אנטלויפן פון דער וועלט, און אפילו פון זיך אליין, און בלייבן מיט זיך אליין. . . .

אויף ווידערזעהן, מיינע ליבע בערג!

# אַמעריקאַנער גליקן

## (אַ מאָנאָלאָג פֿון אַ אידן וואָס לעבט פֿון פּאַסטן)

איר הערט, אַז ס'איז באַשערט אַ גליק, קומט דאָס אַפּילו דורכ'ן פֿענסטער! איך זאָג דאָס אַנטקעגן מיין נייער דירה, זאָג איך עס.

ווי אַזוי איך קום צו אַ נייער דירה?

גאָר פּשוט: דער לענדלאָרד פֿון מיין אַלטער דירה האָט מיך אַרויסגע־שטעלט אויף דער גאַס. ס'הייסט ניט מיר האָט ער אַרויסגעשטעלט, חלילה. אַזוי גראָב וועט ער ניט זיין. אַרויסגעשטעלט האָט ער מיינע בעבעכעס, בין איך שוין במילא געגאַנגען . . . נאָר גאָר ניט. ווי זאָגט איר, קאַרג דירות זייַ־נען דאָ אין אַמעריקאַ? האָט גאָט געהאָלפֿן און איך האָב געקראָגן אַן אַנדער דירה. אַריינגעמופֿט, הערט איר, איז מיר ערשט געוואָרן קאַלעמוטנע אויפ'ן הארצן, וואָרים עסן ווילט זיך און עס איז ניטאָ וואָס.

איז טאַקע ביטער. ווייל מיט רענט ווי מיט רענט, אָבער עסן? . . . גאָר גאָר ניט, איך מיט מיינע בני בית זיינען שוין צו דעם אויך צוגעוואוינט. מיר האָבן אַפּילו אַן אויסגעפּרובירטן מיטל דערצו — שלאָפֿן גיין . . . און גלויבט מיר, ווען איר שטייט אויף מאָרגן אין דער פֿרי, פֿאַרגעסט איר גאָר אַז איר האָט נעכטן ניט געגעסן, ווייל אייך ווילט זיך ווידער עסן. . . .

בלייבט, הייסט עס, שלאָפֿן גיין. ליג איך מיר אַזוי אויף מיין געלעגער, ווי דער פּסוק זאָגט, בתופים ובמחולות, אין געהאַקטע צרות . . . און איך קען ניט איינשלאָפֿן, וואָרים פּונקט ווי אויף צו להכעיס, דערטראָגט זיך צו מיין נאָז אַ ריח פֿון געהאַקטע לעבערלעך מיט שמאַלץ, געפּרייטע גענזענע פּופּיקלעך. און נאָך אַזעלכע געפּעפּערטע מאכלים, און איך פֿיהל דעם אמת'ן ריח ניחוח . . . און איך קען ניט איינשלאָפֿן. ניט אַנדערש, טראַכט איך מיר, אַז איך בין געשטאָרבן פֿון הונגער און איך בין איצט אין גן עדן, וואו מען סערווירט אָט די אַלע גוטע זאַכן. . . . פֿונדעסטוועגן ווילט זיך מיר אין דער מינוט, אַז מיין חיה גיטל זאָל אויך געניסן פֿון די אַלע גוטע זאַכן . . . און איך נעם זי וועקן — חיה גיטל! דו פֿיהלסט עפּעס? ערשט, זי פֿיהלט דאָס אייגענע וואָס איך. וואָס־זשע, פֿרעג איך זי, דו ביזט אויך געשטאָרבן? . . . בטלט זי אויס אַלע בייזע חלומות צו מיין קאָפּ. נעה, מאַכט זי, בעסער אַרונטער און מאַך צו

דאָס פענסטער. ווייל עס שלאָגט ארויף אַ ריח נאָר צום חלש'ן. . . . אוי! זאָג איך, חיה גיטל, אפילו די פּאָר מינוט אין גן עדן פאַרגינסטו מיר אויך ניט. . . . און איך געה ארוגטער צומאַכן דאָס פענסטער. ערשט, איך גיב אַ קוק, אונטן, פּונקט הינטער מיין פענסטער, איז אַ רעסטאראַן, און עס ווערט מיר קלאָר פון וואַנען דער גן עדן ריח קומט . . . און עס ווערט מיר ליכטיק אין די אויגן. היה גיטל! קינדער! — גיב איך אַ געשריי — שוין, מיר זיינען געראַטעוועט! און פּאָר שמחה געה איך אַ טענצל. . . . מיינע כאַפּן זיך אויף ניט טויט ניט לעבעדיק, און קוקן אויף מיר ווי אויף אַ משוגענעם. אָבער ווען ארט עס? איך בין גליקלעך'! עס וועט שוין זיין וואָס צו עסן! . . .

חיה גיטל! קינדער! — גיב איך אַ קאַמאַנדעווע — קומט אהער צום פּענ־סטער און שמעקט וויפיעל אייער הארץ גלוסט . . . נאָר גיט אכטונג, כאַפּט אייך ניט צו מיט איינמאָל, איר זאָלט אייך חלילה ניט איבערעסן. . . . און וואָס זאָל איך אייך זאָגן? עס איז באַ מיר געוואָרן אַ שטוב פון כל טוב . . . הלוואי אויף ראָקעפעלער'ן געזאָגט געוואָרן! . . .

— אָבער הפּנים דאָס גרעסטע גליק האָלט ניט אָן אייביג. איר קענט דאָך מיין עלטערע טאָכטער? אַ וואוילע מיידל, זי גייט אויס . . . מיט אַ באָי גייט זי אויס. וואָס אזוינס דאָס אויסגיין איז? פרעגט מיך בחרם . . . מיין טאָכטער זאָגט, אַז אין אמעריקא איז דאָס אַזאַ סטייל, אַז איידער מ'האָט חתונה, מוז מען אויסגיין . . . נאָר אַזוי ווי ער גייט אויס נאָך איר, און זי נאָך אים, וועלן זיי שוין בעסער אויסגיין צוזאַמען. איז אַנומעלטן פרעגט זי מיך, אויב זי קען אים — דעם באָי הייסט עס — ארויפברענגען אין שטוב צוגאַסט. זאָג איך — אך, פאַרוואָס ניט? קיין עסן חלילה פעלט ניט. . . . און כך הוה, אין אַ שעהנעם זונטאג נאַכמיטאָג, איך גיב אַ קוק, והילד איננו, דער בחור קומט ארויף. . . . נו, פאַרשטעהט זיך, אַז מען נעמט אים אויף ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ גאַסט — מען גייט צום טיש, און איך עפן אַלע פענסטער . . . ערשט איך גיב אַ קוק, ווערט מיר פינסטער אין די אויגן, ניטאָ מער קיין רעסטאראַן . . . ארויסגעמופט מסתמא. . . . נו, וואָס זאָגט איר ניט צו די אַמעריקאַנער גליקן? . . . וואָס זאָגט איר? איך'ל זיך מוזן נעמען צו מיין אַלטן מיטל, שלאָפן גיין? . . . האָט זשע מיר טאַסקע אַ גוטן, איך מוז שוין אהיים גיין, קוים וואָס איך שטעה אויף מיינע פיס . . . גוד באָי!

יאָ, אפשר ווייסט איר עפּעס פון אַ גוטער דירה, מיט אַן אנשטענדיקן רעסטאראַן פון אונטן? . . .

## טיפן און פאַרשווינען

# די „מישפּאַכטע"

האָט איר אַמאָל געהערט פון אַ קראַנקהייט מיט'ן נאָמען „פּעמיליראַיטיס"? אויב ניט, פאַרזיכער איך אייך, אַז דאָס איז אַ געפערליכע קריינק . . . עס איז נאָך ערגער פון ניוריאַטיס מיט אַרטראַיטיס. . . .

די סימפּטאָמען פון דער קריינק זיינען זייער לייכט צו דערקענען. אויב איר האָט טאַטע, מאַמע, שוועסטער, ברידער, אָנקלס, טאַנטעס, פּלימעניקעס, פּלימעניצעס, שוואָגערס, שוועגערינס, גליד־שוועסטער־קינדער, קוזינס מיט קור־זינעס, גלאַט קרובים, און אַ פערד־פּוס־פּאַדקאָווע'ס אייניקל פאַר אַ צוטשע־פּעניש, ליידעט איר פון פּעמיליראַיטיס. . . .

אויף פּראָסט מאַמע־לשון הייסט די דאָזיקע קריינק: די משפּחה; אָדער, ווי מען פאַרציט עס נאָך שענער: די מישפּאַכטע. . . .

זאָל גאָט אויף אייך רחמנות האָבן אויב די „מישפּאַכטע" פאַרלייגט זיך אויף אייך . . . זי קען אייך נודיען, גריזשען, עסן און יאַדען, ביז זי עסט אייך אויף אַ לעבעדיקן. . . .

און ווער שמועסט נאָך, אַז אייער ווייב האָט אויך אַ „מישפּאַכטע", זיינט איר שוין גאָר אַ פאַרפאַלענער. . . . די שעה זאָל גאָר ניט זיין, ווען ביידע „מישפּאַכטעס" קומען זיך צוזאַמען און פאַרלייגן זיך אויף אייך . . . מאַכן אייך פאַר דעם שעיר לעזאזל . . . מ'נעמט זיך פאַרהערן אין יחוס: מיין משפּחה, דיין משפּחה . . . ביזט דיין ווייב'ס משפּחה געטרייער ווי דיינע אייגענע בלוט און פלייש. . . . אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז אייער אייגענע ווייבל קאָן עס שוין מער ניט אויסהאַלטן און זי פאַלט אויך אַרויף אויף אייך מיט טענות: צי וואָס האָסטו מיך געשלעפּט אַהער, צו דער מישפּאַכטע דיינער? . . . איך האָב דיר געבעטן זאָלסט ניט גיין אַהער. . . . וואַרט, איך וועל זיך שוין אָפּרעכענען מיט דיר אין דער היים! . . . און זי הויבט זיך אויף מיט איר מישפּאַכטע און לאָזט אייך איבער אַליין, מיט אייער מישפּאַכטע. . . . דעמאָלט זיינט איר ערשט דער אמת'ער קרבן־פּסח . . . ווער עס איז אייך מקנא, זאָל איבערקומען אויף אייער שטייגער. . . . גלייבט מיר, איך בין אייער פריינט, און איך וואָלט ניט געוואָלט זיין דערביי. . . .

אַן און פאַר זיך איז, דוכט זיך, יעדער מיטגליד פון דער משפּחה אַ מענטש מיט מענטשן גלייך, און זאָל עס מיר זיין, וואָס ער ווינשט אייך. געפערליך

## גיט אַ שמייכל

ווערט די משפחה נאָר ווען זי קומט זיך צוזאַמען. . . . אָנהויבן קען זיך עס פון אַ קליינינקייט:

אייער ברודער, צום ביישפּיל, גיט אַ קיבעץ דער ווייבל אייערער, זיין שוועגערין, הייסט עס.

— זעה נאָר — מאַכט ער — ווי דאָס האָט זיך אויסגעפּוצט און אָנגע־פּארבט די בעקעלעך, אַקוראַט ווי אַ יונג מיידעלע. . . .

אויב איר ווילט, קאָנט איר עס אָננעמען פאַר אַ קאָמפּלימענט. פאַר־שטייט דאָך אָבער אייער ווייבל, אַז עס איז דאָ אַ שמאָך דערביי. ענטפערט זי אים אָפּ:

— מעקסעלע, האָסט שוין אָנגעהויבן? . . . ווען עס געפעלט ניט, יענעם זאָלן די אויגן ארויס — מאַכט אייער ווייבל און זי פּודערט אָן דאָס נעזל אויף דאָס ניי.

איז וואָס־זשע מיינט איר? מעקסעלע׳ס ווייבל איז אויך ניט קיין שיפּע־זיבעלע . . . און זי נעמט זיך אָן פאַר איר מאַן:

— קוק איר נאָר אָן — קרימט זיך מעקסעלע׳ס ווייבל, און אַ גרינער פייערל ברענט אין אירע אויגן — קוק איר נאָר אָן, דער פּריצ׳טע . . . מ׳האָט איר אָנגערירט די קרוין פון קאָפּ . . . אַ וואָרט קאָן מען איר ניט זאָגן . . . ווער עס ווינשט אונז בייז, יענעם זאָל דאָס מויל פאַרדרייט ווערן אויף אַ זייט. . . .

וואָס־זשע מיינט איר? די אַנדערע מיטגלידער פון דער משפחה וועלן זיצן און זיך צוהערן צו אַזאַ מענה־לשון מיט פאַרלייגטע הענט? . . . ווערט ערשט די אמת׳ע סומאַטאָכע . . . די שווייגער האַלט מיט איין שנור, דער שווער — מיט דער אַנדערער, די ברידער ווילן איינשטילן די ווייבער, און פאַר איין וועגס צוקריגן זיי זיך אַליין . . . און אַז גאָט העלפט אייך מיט גוטע שכנים, מישן זיי זיך אויך אריין. . . . בקיצור, איר וואָלט ניט געוואָלט זיין דערביי? . . . אי דאָג׳ט בלעים יו . . . איך — אויך ניט. . . .

אָבער מיינט ניט, אַז בּאַ אייער ווייב׳ס משפחה וועט איר כאַפּן אַ בעסערן אָפּשניט. פאַרקערט, אַמאָל נאָך אָן ערגערן. . . . בּאַ זיי, בּאַ אייער ווייב׳ס משפחה, זייט איר דאָך גלאַט אַ לא־יוצלח, אַ שלימזל, וואָס קאָן אַ קאַץ דעם עק ניט פאַרבינדן . . . און זיי באַדויערן אייער ווייב וואָס זי איז, נעבעך, אַזוי אריינגעפאַלן. . . .

מילא, וואָס איז דער חילוק? אייער משפחה, איר משפחה — איר זיינט סאַי ווי אַ פאַרפאַלענער . . . ניטאָ קיין רפואה צו פעמיליראַיטיס. . . . און ווי פלעגט מיין באָבע זאָגן? רוף מיך קנאַקניסל, נאָר וואַרף מיך צווישן איינענע. לאַנג לעבן זאָלן די משפחות אונזערע. . . .

## גיט אַ שמייכל

# מיין איינציקער פאַרעהרער

פּאַראַן, הערט איר, גרויסע שרייבער, וואָס קענען זיך באַרימען אַז זיי האָבן צענדליקע טויזנטער לעזער, אָבער קיין איינער פון זיי קאָן זיך ניט באַרימען מיט אַ געטרייערן לעזער ווי איך האָב. . . . איין לעזער האָב איך . . . באַט הי מעיקס אַפּ פאָר דהי רעסט אָוו דעם. . . . מיין לעזער איז מיר ממש געטריי מיט מסירת נפש. . . .

אַנומעלטן האָב איך געדאַרפט געהן צו אַ פאַרזאַמלונג, וואו מ'האָט מיך איינגעלאַדן איך זאָל פאָרלעזן פון מיינע הומאָריסטישע שריפטן. אַרום אַכט אַזייגער, ווען איך בין שוין געווען פאַרטיג צו געהן, קלינגט באַ מיר דער טעלעפאָן.

— האַללאָו — דאָס זיינט איר דער באַרימטער הומאָריסט סאָ ענד סאָ? פאָלגט מיין עצה און געהט ניט צו דער פאַרזאַמלונג . . . חברה קלייבן זיך אייך דאָרטן אויסצופייפן. . . . זיי זאָגן, אַז איר זיינט אַזוי אַ הומאָריסט ווי מיין באָבע איז אַ „גלעמאָור גוירל” . . . זיי קאָנען אייך נאָך אָנברעכן די ביינער און אַרונטערוואַרפן פון אַלע טרעפּ. . . . דהעי אַר עי טאַף באָנטש. . . .

מיין איך דאָך אַז דאָס איז עפּעס אַ לץ, וואָס וויל מיר אָפּטאָן אַ שפּיצל. שיק איך אים צו אַלדע רוחות, און איך וויל שוין אויפהענגען דעם רעסיווער. שווערט ער זיך פאַר מיר אין טעלעפאָן:

— איך זאָל אַזוי דערלעבן צו הערן אַז איר האָט צוגעקראָגן נאָך אַ לעזער, ווי איך זאָג אייך קיין ליגן ניט. . . . געהט ניט, מ'וועט אייך אויספייפן.

— אָבער פון וואַנען ווייסט איר דאָס? — פרעג איך אים אַ צורייצטער.

— וואָס מיינט איר — מאַכט ער — פון וואַנען איך ווייס, מיך רופט מען גימפּל מיט דער נאָז . . . ליוו איט טו מי . . . איך דערשמעק שוין. . . . שאַ, ווייסט איר וואָס? קומט צו צום האָל און שטעהט אין דרויסן פאַר די טרעפּ, איך וועל שוין זיין אויבן, איך וועל זיך אָנגעבן פאַר אייך . . . איך וועל זיי זאָגן, אַז איך בין איר . . . ענד יו'ל סי דהי רעזאָלט. . . .

זעה איך דאָך שוין, אַז דער מענטש מיינט מיין טובה, ער וויל פאַרהיטן מיין כבוד . . . זאָג איך אים צו אַז איך קום גלייך אַריבער, נאָר איך וועל שטעהן אין דרויסן. און אַזוי איז געווען. אָפּשטעהענדיק אין דרויסן לעבן

האָל א צען מינוט, זעה איך ווי עפּעס א באַנדל קייקלט זיך פון אַלע טרעפּ, און בלייבט ליגן אונטן לעבן מיינע פיס. . . .

איך האָב אים געהאָלפן זיך אויפשטעלן. ער האָט זיך אָפּגעשטויבט, און מיט א שוואכער שטימע זיך פאָרגעשטעלט פאר מיר:

— דאָס בין איך גימפּל . . . גימפל מיט דער נאָז . . . איר זעהט וואָס איך האָב זיך אויסצושטעהן צוליב אייך. . . . אזוי ווי איך האָב זיך נאָר פאָרגע־שטעלט אז איך בין איר, האָט מען מיר ניט געגעבן א „טשענס" ווייטער צו ריידן . . . מ'האָט מיך אָנגעכאַפּט פאר'ן קאַלנער און ארונטערגעשליידערט פון אַלע טרעפּ. . . . פּע, א מיאוס'ע פּרנסה דאָס שרייבערייַ . . . אי וואָלט'ן דו איט פאָר עי מיליאָן. . . .

— אָבער צו וואָס זיינט איר זיך אזוי מוסר נפש פאר מיר? — פרעג איך אים מיט געפּיהל.

— וואָס הייסט — מאַכט ער — א שרייבער מוז האָבן כאָטש איין לעזער וואָס זאָל אים זיין געטריי . . . די אַנדערע זיינען דאָך אייך דם שונאים. . . . איר זעהט אָט די בלויע אויג וואָס איך האָב? דאָס איז ניט פון היינט . . . דאָס איז נאָך פון לעצטע וואָך . . . אויך צוליב אייך. . . .

— צוליב מיר? — פרעג איך אים איבער.

— יאָ — פאַרזיכערט ער מיר — דאָס האָב איך געקראָגן אין דער יוניע. איך בין דאָרטן געזעסן „לאַנטש טאַים", געלייענט אייער ארטיקל און געלאַכט. איך האָב אזוי הויך געלאַכט, אז א רעדל פון ארבעטער האָבן זיך ארומגע־קליבן ארום מיר און געוואָלט וויסן וואָס איך לאַך. ווייז איך זיי אייער אר־טיקל און זאָג, אז דאָס לאַך איך פון אייך. . . . צולאַכן זיי זיך נאָך העכער פון מיר. פרעג איך דאָך זיי וואָס זיי כאַכאַטשען אזוי? . . . ענטפערט מיר איינער: — דאָס לאַכט מען פון דיר מיט דיין שרייבערוק . . . זאָלסט אזוי האָבן דעם קאָפּ אויף זיך מיט אים אינאיינעם צי ער קאָן שרייבן.

— פאַרדריסט דאָך מיר וואָס מען באַליידיגט „מיין" שרייבער, זאָג איך צו זיי:

— גראָבע יונגען, עם הארצים וואָס איר זיינט . . . וואָס ווייסט איר פון שרייבערייַ? . . . יענער איז דאָך א חכם גדול. . . . ווען איך האָב א האַלבן פון זיין קאָפּ, וואָלט איך דאָך אויך געווען א שרייבער. . . . און אויב איר ווערט אים נאָך איין מאָל באַליידיגן, שפּיי איך אייך אָן א פולע צורה . . . טפו זאָלט איר ווערן! . . . נו, האָבן זיי מיר געמאַכט אָט די בלויע אויג. . . .

אָט אזוי האָב איך זיך באַקאַנט מיט מיין געטרייען לעזער גימפּל, און ער האָט גענומען אריינקומען צו מיר אין הויז אריין. —איך וויל זיין דערביי ווי

## טיפן און פאַרשווינען

איר שרייבט — פלעגט ער מיר זאָגן — איר שרייבט, און איך וועל לאַכן . . .
א יונגן שרייבער דאַרף מען געבן „קאַרעדזש". . . .

אָבער איצט ליגט מיין גימפּעלע, מיין געטרייער לעזער, געפערליך קראַנק,
און ער פאָכעט מיט דער נשמה. . . .

די וואָך רופט מיך אָפּ די ווייב זיינע, די גימפּעלעכע, איך זאָל שוין
אַריבערקומען, וואָרים גימפּל איז פאַרביי. . . .

קום איך צולויפן הענדום פענדום, און פרעג וואָס דאָ האָט פּאַסירט.
דערצעהלט מיר די ווייב זיינע:

— דאָס האָט די משפּחה אים אַזוי צו'מימת'ט. איר האָט לעצטע וואָך
באַשריבן די „מישפּאָכטע"; נו, זיינען זיי אַרויפגעפאַלן אויף אים מיט טענות:
גימפּעלע, האָסט אָנגערעדט אויף אונז צו דיין שרייבערוק, און ער האָט אונז
באַשריבן אין פּעיפּער; טאָ, נאַ דיר. . . . און דיין שרייבערוק וועלן מיר אויס־
ברעכן אַלע פינגער. . . . אויב איר ווילט אַז מיין גימפּל זאָל בלייבן לעבן,
טאָ הערט אויף צו שרייבן אינגאַנצן . . . אַז ניט פאַרלירט איר אייער איינציגן
געטרייען לעזער. . . .

איך וועל איר אפשר מוזן פאָלגן . . . ווי מיינט איר? . . .

## גיטע שמייכל

# אַ באַגעגעניש אין פּאַרק

איך בין געזעסן אין פּאַרק און געלייענט אַ צייטונג, ווען צו מיר האָט זיך צוגערוקט אַ מאַן, ניט קיין געשעיווטער, מיט רויטע פאַרשלאָפענע אויגן, און מיך געבעטן איך זאָל אים געבן אַ סיגאַרעט.

ווען ער האָט פאַררויכערט און אַריינגעצויגן דעם רויך, איז ער געוואָרן באַרעדעוודיק.

„מיסטער — מאַכט ער צו מיר, אַרויסלאָזנדיק דעם רויך — אויב עמיצער וועט אייך זאָגן, אַז אַ שוויגער קאָן צושטערן אייער שלום בית, זאָלט איר אים ניט גלויבן. . . . מיך האָט מיין שוויגער פּשוט גליקליך געמאַכט. ווען ניט מיין שוויגער, וואָלט איך קיינמאָל אין פּאַרק ניט אַריינגעשמעקט. . . . איר קוקט מיך אָן, זעה איך, ווי אַ משוגענעם . . . איר גלויבט ניט אַז אַ שוויגער זאָל זיין אַזוי גוט צו איר איידעם. . . . אדרבה, אויב איר האָט צייט, וועל איך אייך דערצעהלן ווי מיין שוויגער האָט מיך גליקליך געמאַכט. . . . איר האָט אפשר נאָך אַ סיגאַרעט? . . . אַ דאַנק. . . . ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך אַ יונגערמאַן, ניט קיין פאַרשלאָפענער, כאָטש איך בין ניט אויסגעשלאָפן. איך האָב אַ סטעדי דזשאָב און מאַך אַ פיינעם לעבן, און מיין ווייבל, איר האָט זי געמעגט אָנקוקן . . . יונג און שעהן, נאָר אַ ברכה צו מאַכן . . . און דער עיקר, מיר וואוינען דאָ, און איר מאַמע וואוינט אין ניו־יאָרק. . . . זאָגט אַליין, קאָן זיך אַ מענטש ווינטשן עפּעס בעסערס? . . .

„וואָס זשע, מיינט איר? האָבן מיר טאַקע די ערשטע חדשים נאָך אונ־זער חתונה געלעבט ווי אָדם און חוה אין גן־עדן, איידער די שלאַנג האָט זיך אַריינגעמישט. . . . איר האָט אפשר נאָך אַ סיגאַרעט? . . . וואוילע סיגאַ־רעטס אייערע. . . . וואו־זשע האַלט איך? . . . יאָ, באַ דער שלאַנג. . . . איינ־מאָל, קומענדיק אַהיים פון דער אַרבעט, באַגעגענט מיך מיין ווייבל מיט אַ צופרידענעם שמייכל — דו ווייסט — מאַכט זי — מיר געהען האָבן אַ גאַסט. מיין מאַמע קומט אַהער מאָרגן פון ניו־יאָרק.

„בשעת זי האָט דאָס מיר געזאָגט, הערט איר, האָב איך געפילט ווי אַ גרוב עפנט זיך פאַר מיר, און איך זינק. . . . כ'וויל דאָך אָבער ניט געהן ערגערן מיין ווייבל, וועלכע איז יונג און שעהן, און מיר זיינען ערשט אַ פּאָר חדשים נאָך אונזער חתונה. . . . ענטפער איך איר, אָלראַיט, זאָל זי קומען געזונטער־

## טיפן און פֿאַרשווינען

היינט, פֿאַרקערט . . . דו ווייסט, אַז איך האָב ליב דײַן מאַמע, פֿאַרקערט . . . זאָל זי דאָ זײַן ווי לאַנג זי וויל נאָר אַליין, פֿאַרקערט. . . . — אַזוי — מאַכט זי — ביזטו אַ „גוד באָי". מאָרגן וועסטו נעמען אַ טאָג „אָף" און וועסט געהן מיט מיר צום סטעישאַן אָפּנעמען מײַן מאַמען. . . .

„אַ ברירה האָב איך געהאַט? . . . כ'האָב געשוויגן. . . . ווען איר האָט אַ יונגע, שעהנע ווײַבל, אַ פּאָר חדשים נאָך דער חתונה, וואָלט איר אויך געשוויגן. . . .

„מילא, וואָס זאָל איך אײַך לאַנג ברייען! דער אמת'ער גיהנום האָט זיך אָנגעפאַנגען פאַר מיר, ווען איר מאַמע איז שוין געווען בײַ אונז. . . . מײַן ווײַבל איז שטענדיק געווען פאַרנומען מיט דער מאַמען. . . . וואָס קאָכט מען פאַר דער מאַמען? . . . וואָס וועט מײַן מאַמע עסן? . . . וואוהין געהט מען מיט דער מאַמען? . . . מאַמע און מאַמע. . . . איך האָב זיך גענומען פיהלן ווי אַן איבעריקער אין הויז. . . . דערצו האָט זיך די שוויגער גענומען צו־קוקן ווי איך געה אַנגעטאָן, ווי אַזוי איך זיץ בײַם טיש און עס, און עס איז איר קיין זאַך ניט געפעלן געווען. — דו ווייסט — מאַכט זי איינמאָל בײַם טיש צו דער טאָכטער — איך האָב דאָך שוין געזעהן חזירים, אָבער אַזאַ חזיר ווי דײַן מאַן האָב איך נאָך ניט געזעהן. . . . ער זאָל כאָטש איינמאָל בײַם טיש זאָגן: „שוויגער, עסט מיט אַפּעטיט". . . . נו, און אַז איך זאָג עס ניט, פרעסט איר ניט ווי אַ פערד? . . . דוכט זיך, וואָס אַזוינס האָב איך דאָ געזאָגט? . . . מ'איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש . . . און איך האָב אויך נערוון. . . . אָבער מער האָב איך ניט באַדאַרפט. . . . אַ נײַער סעט דישעס, אַ פּרעזענט פון מײַן שאַפּ, איז געלעגן אַ צעבראָכענער אין סינק. . . . וואָלט שוין דאָס אויך קיין אומגליק ניט געווען . . . זיינען אָבער די דישעס אויפ'ן וועג צום סינק פאַרבײַגעפלויגן מײַן קאָפּ. . . . און אַזוי איז יעדן טאָג גע־קומען צו אַ פרישן אַרגומענט, און יעדן טאָג האָט מען עפּעס אַנדערש צע־בראָכן פון די שטוב זאַכן. . . .

„עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז עס זיינען שוין ניט געבליבן קיין טשערס אויף וואָס צו זיצן . . . אָבער די „מאַמקע" אירע איז אַלץ געזעסן . . . ניט געוואָלט צוריקפאָרן קיין ניו־יאָרק. . . . — „מיר איז דאָ גאַנץ גוט — פלעגט זי מיר שטעכן — וועמען עס איז ענג, דער זאָל אָפּטרעטן". . . .

„אָבער געה טרעט אָפּ, ווען דו האָסט אַ יונגע, שעהנע ווײַבל, ערשט אַ פּאָר חדשים נאָך דער חתונה. די מאַמע — האָב איך געטראַכט — וועט דאָך אייביק ניט זיצן . . . האָב איך געליטן און געשוויגן. . . . גיט מיר שוין נאָך אַ סיגאַרעט . . . כ'וועל אײַך אָפּקויפן אַ גאַנצן פּעקל. . . . איר ווילט וויסן דעם סוף? דעם סוף זעהט איר דאָך . . . איר „מאַמקע" האָט פאַר קיין פאַל

ניט געוואָלט אָפּטרעטן . . . און די טאָכטער האָט געהאַלטן מיט דער מאַמען. אַלע טאָג איז מען אויסגעגאַנגען צו ברידזש פּאַרטיס, אין די מאַוויס, און איך פּלעג אַפילו קיין סאַפּער ניט טרעפן. . . .

„האָב איך געמאַכט אַ סקאַנדאַל: אָדער איך, אָדער זי. . . . רופט זיך אָפּ מיין ווייבל, אַז אויב איך וועל באַליידיגן איר מאַמען, לאָזט זי מיך אינ־גאַנצן איבער. . . . און אַזוי איז טאַקע געווען. . . . זי איז אַוועקגעפאָרן מיט דער מאַמען אין ניו־יאָרק. איצט בין איך גליקליך . . . צוריק אַ פרייער פויגל. איך הער ניט מער קיין אַרגומענטס; זי שלאָפט מיט דער מאַמען, און איך שלאָף דאָ אין פּאַרק. . . . און ווען אימיצער וועט אייך זאָגן, אַז אַ שוויגער קאָן צושטערן דעם שלום בית, זאָלט איר ניט גלויבן . . . מיך האָט מיין שוויגער גליקליך געמאַכט . . . איך בין איצט אַ פרייער מענטש. . . . איר האָט ניט מער קיין סיגאַרעטס? . . . אַ שאָד . . . גוד באַי."

מיט די רייד האָט ער מיך איבערגעלאָזט.

# אַ דראַגיסטמאַנ'ס צרות.

באַקלאָגט זיך פאַר מיר אַ באַקאַנטער דראַגיסט מיינער:

„גלויבט מיר", מאַכט ער, „אַז אַ דראַגיסט־מאַן איז ניטאָ וואָס מקנא צו זיין. אָט נעמט טאַקע מיר אַליין. איר זעהט? אַ פולע סטאָר מיט מענטשן, נאָר קיין קאסטאמער האָב איך ניט. . . . אָט די צוויי, וואָס קוקן אַרויס דורך דער גלעזערנער טיר אין גאַס אַריין, וואַרטן אויף אַ סטריט קאַר. . . . ס'איז זיי צו קאַלט צו שטיין אין סטריט, קומען זיי אַריין זיך אָנוואַרימען. . . . און יענער, דאָרטן ביים צייטונגס־טישל, קומט אַריין יעדן טאָג, נישטערט דורך אַלע צייטונגען, לייענט זיך אָן ווי אַ קעסל־פּויק, און גייט זיך אַוועק. . . . איך דאַרף נאָך זיין אַוועקגיין צוריק סאָרטירן די צייטונגען און זיי אַוועקלייגן אויף אַן אָרט. . . . אָט איר זעהט? איך זאָג אייך קיין ליגן ניט, אָט גייט ער אַוועק. . . . דאָ ניט לאַנג קומט אַריין אַ ווייבל, — איך בין גראַדע געווען ביזי צוגרייטן אַ מעדיצין, — און זי צושרייט זיך אויף מיר:

— סעי, מיסטער, — מאַכט זי, — וואַט קאַינד אָוו עי ביזנעסמען אַר יו טו לעט יור קאסטאָמערס וועיט? האַרי־אַפּ, איך האָב קיין צייט ניט!

מיין איך דאָ, אַז זי איז געקומען אויסקויפן כאָטש אַ האַלבע סטאָר . . . לאָז איך שטיין די מעדיצין און לויף איר אַנטקעגן. איז וואָס־זשע מיינט איר האָט זי געוואָלט? — אַ דריי־סענטיקן סטעמפּ. . . . נו, וואָס וועט איר זאָגן דאַרויף? . . . און זי איז ניט די איינציקע. . . .

נעכטן קומט אַריין אַ יונגע ווייבל, מיט אַ וויינענדיק קינד אויף די הענט, און איידער איך האָב באַוויזן זי צו פרעגן וואָס זי וויל, האָט זי מיר אַריינגעוואָרפן די בעיבי אין די הענט אַריין, און האָט נאָך די חוצפה מיך צו בעטן, איך זאָל איר אויסבייטן צוויי ניקלס פאַר אַ דאַים, ווייל זי דאַרף מאַכן אַ „קאָל". און פונקט דאַן איז גראַד אַריינגעקומען אַ קאסטאָמער פאַר אַ טיוב שעיווינג־קרים. . . . אָבער ווי אַזוי האָב איך זיך געקענט רירן מיט אַ וויינענדיקער בעיבי אויף די הענט? . . . איז דער קאסטאָמער אַוועקגעגאַנגען. . . .

מיינט איר דאָך, אַז די ווייבל האָט מיר כאָטש באַדאַנקט פאַר צוהאַלטן איר בעיבי ווייל זי האָט טעלעפאָנירט? . . . קאָנט איר ניט די ווייבלאַך. . . . פאַרקערט, זי האָט מיר נאָך געגעבן אַן אַרגומענט: „וואַט קאַינד אָוו עי מען אַר יו?" — מאַכט זי צו מיר — „איר ווייסט אפילו ניט ווי איינצושטילן אַ בעיבע".

## גיט אַ שמייכל

אָבער דאָס איז נאָך גאָרנישט.

לעצטע וואָך — עס איז שוין געווען אַרום 12 אַזייגער ביינאַכט, איך האָב זיך שוין געקליבן צו פאַרמאַכן די סטאָר — קומט אַריין אַ פּאָרל. ער, אַ יונגער־מאַן מיט וואָנצעלאַך, טראָגט אַ יוניפאָרם; און זי, די מיידל, מסתמא זיין כלה, זעצן זיך אַוועק בּאַ אַ טישל און אָרדערן צוויי אייז־קרים סאָדאַס. גיב איך זיי די סאָדאַס און וואַרט זיי זאָלן פאַרטיק ווערן און אַרויסגיין. אָבער זיי, ווייזט אויס, האָבן גאָר פאַרגעסן אַז איך בין דאָ . . . לאַנגזאַם זופּן זיי די סאָדאַ־וואַסער דורך אַ שטרויעלע . . . ער דערציילט איר מעשות, קוקט איר אין די אויגן אַריין . . . מ'האַלט זיך פאַר די הענט . . . און דאָס מיידל קווועלט און לאַכט. . . . דער אייז־קרים איז שוין, דוכט זיך, צושמאָלצן געוואָרן, אָבער זיי באַמערקן דאָס גאָרנישט. . . . און דאָ שטיי איך אין געהאַקטע וואונדן . . . ס'איז שוין איינס דער זייגער. זיי זיצן שוין אַ שעה, הייסט עס . . . איך וויל פאַרמאַכן די סטאָר, די אויגן קלעפּן זיך מיר . . . אָבער זיי רירן זיך ניט פון אָרט. גיי איך שוין צו און זאָג זיי, אַז ס'איז שפּעט, איך וויל צומאַכן. צו־שרייט ער זיך אויף מיר גאָר, דער סאָלדאַטל:

— „איז דהעט דהי ועי יו טריט יור קאַסטאָמערס? א'ל רעפּאָרט יו טו דהי בעטער ביזנעס ביוראָ . . . ״

קוים זיי אַרויסגע'פּטר'ט, אַרויף אַפּסטעירז און זיך געלייגט שלאָפן. קלינגט דער טעלעפאָן. וואָס איז? איך מוז זיך שוין אָנטאָן און אַרונטער־קומען אין סטאָר; ס'איז לעבנס־געפערליך. . . . טו איך זיך שוין אָן און לויף הענדום־פּענדום אַרונטער. שטייט אַ פרוי מיט אַ רעצעפּט אין האַנט — איר מאַן קאָן ניט שלאָפן, האָט דער דאָקטאָר אים פאַרשריבן אַזעלכע פּילן צום שלאָפן, איז אַ גאַנצן טאָג האָט זי דעם רעצעפּט ניט געוואָלט מאַכן; געמיינט, אפשר וועט ער אַזוי איינשלאָפן . . . וועט זי „סעיוון״ פינף־און־זיבעציק סענט. אָבער איר מאַן קאָן ניט איינשלאָפן, וויל זי איך זאָל איר איצט מאַכן די פּילן.

ווען איך האָב אַביסל מער „נווירוו״, איר הערט, וואָלט איך זי דאַמאָלסט דערוואָרגן. . . . וואָס איז, איך דאַרף ניט שלאָפן? גלויבט מיר, איך וואָלט געטאָן אַ גוטע זאַך ווען איך פאַרמאַך אינגאַנצן די סטאָר, אָבער פון וואָס וועל איך מאַכן אַ לעבן? . . .

„עקסקיוז מי״, דוכט זיך אַ קאַסטאַמער איז אַריינגעקומען. . . . ניין, ס'איז גאָר אַן אינספּעקטאָר פון רעוועניו אָפיס. . . . קיין ביזנעס טו איך ניט, אָבער טעקסעס מוז מען צאָלן.

דער קאָפּ טוט וועה, איך וועל נעמען אַ פּאָר אַספּירינס. . . .

אַט אַזוי האָט זיך מיין באַקאַנטער דראָגיסט פאַר מיר אַרונטערגערעדט פון האַרצן. וואָס מיינט איר, עס איז ניט אמת? . . .

# אַ דאָפּלטע פּערזענליכקייט

אַפּנעהיטן, הערט איר, זאָל מען ווערן פון אַ מענטשן וואָס פאַרמאָגט אַ דאָפּלטע פּערזענליכקייט, און ווער שמועסט נאָך אַז די דאָזיקע פּערזענליכקייט איז אַ קאָמבינאַציע פון אַ שוישפּילער וואָס שרייבט, אָדער פון אַ שרייבער וואָס שפּילט טעאַטער. איז פּשוט אַ רחמנות אויפ'ן מענטשן אין וועמען די דאָזיקע דאָפּלטע פּערזענליכקייט וואוינט. . . . דאָס איז אַזאַ סאָרט „דאָקטאָר דזשעיקל און מר. הייד". מיט וועמען מ'דאַרף גיין צו אַ פּסיכאָאַנאַליטיקער. . . . און דאַן בין איך ניט זיכער, אויב עס איז דאָ דער דאָקטאָר וואָס קען אַזאַ מענטשן העלפן. . . .

איך זאָג דאָס טאַקע אַנטקעגן מיר אַליין. . . .

אַזוי שנעל ווי מיין דאָפּלטע פּערזענליכקייט האָט זיך דערוואוסט פון די ציייטונגען, אַז איך און מיין פרוי גרייטן זיך צו אונזער זילבערנער חתונה, איז דער שרייבער, וואָס וואוינט אין מיר בשכנות מיט'ן אַקטיאָר, געוואָרן אייפערזיכטיק אויף אים:

— קוק עס נאָר אָן דעם אַקטיאָרשטשיק — האָט זיך געקאָכט דער שרייבער — גאָט האָט אים געהאָלפן, ער האָט דערלעבט זיין זילבערנע חתונה, מאַכט ער אַ יובילעאום, און וויל צונעמען דעם גאַנצן כבוד פאַר זיך אַליין. . . . גאַנצע טעג גייט ער אַרום און זינגט און טאַנצט, קוקט אין שפּיגל אַריין, און קוועלט אָן פון זיך אַליין. . . . און איך, נאַר, דאַרף זיצן און שרייבן פאַר אים.

— דו שרייבערוק — האָט זיך צעקאָכט דער אַקטיאָר אין מיר — וואָס גלייכסטו זיך צו מיר? . . . איך בין געווען אַ אַקטיאָר נאָך איידער דו האָסט געקענט לייענען און שרייבן. . . . אויב דו קענסט זיך דערמאָנען אָן אונזערע קינדער־יאָרן, אין דעם קליינעם שטעטל אין דער אַלטער היים, ווייסטו דאָך ווי אַזוי איך פלעג נאָך אַלס קינד נאָכמאַכן און איבערקרימען די דערוואַקסענע. און כאַפּן פּעטש דערפאַר. . . . געדענקסט ווי אַזוי לייזער דער בעדער האָט מיר איינמאָל אָנגעדרייט די אויערן דערפאַר וואָס איך האָב נאָכגעמאַכט ווי אַזוי ער רעדט מיט אַ ווייבערשן קול, און ווישט די נאָז מיט דער קאַפּאָטע ווי אַ אידענע מיט'ן פאַרטוך? ! . . . איך האָב שוין דאַמאָלסט געליטן פאַר דער קונסט . . . וואָס־זשע גלייכסטו זיך צו מיר? . . .

— באַבקעס! — האָט דער שרייבער אין מיר געענטפערט מיט ביטול

## גיט אַ שמייכל

אין קול — קונסט . . . שמונסט . . . אויך מיר אַ קונסט, איבערקרימען יענעם, דאָס איז מאַנקי־ביזנעס. . . . דו פאַרגעסט אַז אַזוי שנעל ווי איך האָב זיך אויסגעלערנט צו שרייבן און אויסלייגן דעם אלף־בית, האָב איך שוין פאַר־פאַסט לידלעך וואָס די גאַנצע שטעטל אונזערע האָט געזונגען. . . . ווייבער פלעגן מקנא זיין דער מאַמען אונזערער — אוי, האָט איר אַ אינגל, עלטע קרוין — פלעגן זיי זאָגן — ער האָט אַ קעפּל. . . . ווען ער מאַכט זיך ניט נאַריש מיט די לידלעך זיינע, וואָלט געקענט אויסוואַקסן פון אים אַ לייט . . . אפשר ווערן אַ רב . . . טאַ ווי אַזוי גלייכסטו זיך צו מיר? . . . שרייבן, גוטער ברודער, דאַרף מען קענען. . . . וויפיל אַקטיאָרן, ווייז מיר, קענען אינגאַנצן שרייבן און לייענען? . . .

— „יו גאַט סאַם נוירוו!” — האָט זיך דער אַקטיאָר אין מיר צעקאָכט אויפ'ן שרייבער אין מיר — וואָס דערצעהלסטו מיר אַ מעשה וועגן לייענען און שרייבן? . . . ווייז מיר וועלכער שרייבער עס קאָן אַרויסגעהן אויף דער ביהנע פאַר אַ גרויסן עולם (עס מאַכט זיך אַמאָל אַז עס איז דאָ אַ גרויסער עולם . . .) און זאָגן חכמה'ס, זינגען און טאַנצן? . . . אַדרבא, ווייז מיר . . . רוף מיר אָן איינעם. . . .

— דו רעדסט ווי אַ באַרימער — האָט דער שרייבער אין מיר זיך צע־לאַכט — דאָס קאָנסטו אפשר דעם עולם דערצעהלן, אַז די חכמה'ס. די וויצן, און די לידלעך זיינען דיינע אייגענע. . . . אַזוי זיינט איר אַלע אַקטיאָרן . . . פּוסטע באַרימער . . אָבער דעם אמת ווייסטו דאָך אַליין. . . . ווען מיר, שריי־בער, זאָלן ניט אָנשרייבן פאַר אייך די דאַזיקע חכמה'ס, ווען מיר זאָלן זיך ניט ברעכן די קעפּ פאַר אייך, וואָלט איר דאָך ניט געהאַט וואָס צו פאַרקויפן . . . וואָלט איר דאָך געווען פון די פּוסטע כלים, פון וועלכע דער ווין איז אויס־גערונען. . . .

— ווער בעט דיך, אַז דו זאָלסט פאַר מיר שרייבן? — האָט דער אַקטיאָר זיך צעבייזערט אויפ'ן שרייבער — איך קאָן מיין שטעטל אַליין באַשטעהן . . . איך שמיר אָן אַ שעהן פּנים'ל . . . טוה מיר אָן דעם שעהנעם סוטל . . . גיב אַ טאַנץ, גיב אַ שפּרינג . . . און די ווייבער קוועלן. . . . איצט איז מיר שוין קיין וואונדער ניט פאַרוואָס איך שלאָף ניט קיין גאַנצע נעכט, דאָס איז צוליב דיר . . . צוליב דיין שרייבן. . . . איך האַלט, דוכט זיך, אין בעסטן שלאָף, און חלום פון די אַפּלאָדיסמענטן וואָס „מיין” פּובליקום וועט מיר צוטיילן . . . מיט אַמאָל . . . אהא . . . דעם שרייבערוק איז עפּעס איינגעפאַלן אַ געדאַנק . . . דאַרף איך אויפשטעהן מיט אים פון מיין זיסן חלום און זיך אַוועקזעצן שרייבן. און וואָס איז דער סוף? דו שרייבסט טאַקע עפּעס אָן, און איך געה אויף מאָרגן אַרום מיט קישקעס אונטער די אויגן. . . .

## טיפן און פאַרשווינען

— דאָס. זעהסטו, גיב איך צו — האָט דער שרייבער אין מיר איינגע־שטימט מיט'ן אַקטיאָר — שרייבן איז אַ שווערע מלאכה. . . . צו געפינען אַ טעמע איז כמעט אַזוי שווער ווי צו געפינען דעם פאַרבאָרגענעם אוצר. . . . אָבער צוליב וועמען טוה איך דאָס, אויב ניט צוליב דיר? . . . איך וויל שווינען דיין כבוד . . . זאָל מען ניט זאָגן, אַז די חכמה'לע האָט מען שוין געהערט פון דיר . . . אַז דאָס לידעלע האָסטו שוין אַמאָל געזונגען. . . . דערפאַר ברעך איך זיך דעם קאָפּ פאַר דיר, און שרייב פאַר דיר נייע זאַכן. . . . אָבער איך קען דאָך דיר . . . דו פאַרמאָגסט דאָך אין זיך אַקטיאָרסקע בלוט . . . ס'וועט קומען די נאַכט פון דיין זילבערנער חתונה, וועסטו אַרויסגעהן און זאָגן נייע חכמה'ס, זינגען נייע לידער, און צונעמען אַלע אַפּלאָדיסמענטן פאַר זיך אַליין, וועסט גאָר פאַרגעסן אַז דאָס האָב איך צוגעגרייט פאַר דיר. . . . זאָג איך דיר אָן בפירוש. אַז עס וועט דיר מער ניט פעהלן. . . .

— כאַ, כאַ, כאַ — האָט זיך צעלאַכט דער אַקטיאָר אין מיר — איך וועל זיין אַ בעלן צו זעהן וואָס דו קענסט מיר טאָן. . . .

לאַך, לאַך — האָט דער שרייבער גערעדט אַ צורייצטער — איך וועל דיר די אויגן אויסדראַפּען. . . .

ווער ווייסט, מיינע פריינט, אויב דער שרייבער אין מיר וואָלט ניט אויס־געפירט זיין סטראַשונאַק (אויף אַ שרייבער איז אַלץ צו גלויבן) . . . אויב דער פעטער גרונם וואָלט זיך ניט אַריינגעמישט און געמאַכט שלום צווישן אונז ביידן. . . .

— שאַט, קינדער. קריגט זיך ניט — האָט דער פעטער אונז פאַנאַנדער־גענומען — זייט ניט אַזוי ווי אונזער רבקה'ס קינדער, אויף וועמען דער פּסוק זאָגט, ויתרוצצי הבנים בקרבה. . . . די זילבערנע חתונה איז אייער ביידנס יובילעאום, און איר וועט זיך מוזן טיילן מיט'ן כבוד . . . אויב ניט וועל איך עס איינטיילן צווישן אייך ביידן. . . . דער עיקר דאַרפט איר ביידע זעהן אַר־בעטן שווער, זיך צו פאַרדינען דעם כבוד. . . . קאָם אַן, גיט זיך די הענט . . . אָט אַזוי. . . . מזל טוב אייך ביידן. צו אייער זילבערנער חתונה. . ..

אָט אַזוי האָט דער פעטער גרונם שלום געמאַכט צווישן דעם אַקטיאָר מיט'ן שרייבער. . . . אָבער איך זאָג אייך נאָך אַמאָל, אַז איך בין ניט מקנא דעם מענטשן אין וועלכן עס וואוינען אַזעלכע צוויי כבוד־זוכער, ווי אַן אַק־טיאָר מיט אַ שרייבער.

# פאַרלאָרן אַ פאַרערער

פון צייט צו צייט קומט מיר אויס זיך צו טרעפן מיט א טשיקאַוון פּאַר־שוין, וועלכער האָט די ווערט אַז מ'זאָל אים באַשרייבן, און מיט אַזאַ פּאַרשוין וויך איך אייך טאַקע איצט באַקענען.

א פּעטינקער, מיט א זעלבסט־צופרידענעם פּנים, און א גראָבן סיגאַר אין מויל, האָב איך אים אָנגעטראָפן אין דער באַנק.

ווי קום איך עפּעס אין דער באַנק?

אָט דאָס האָט ער אויך געוואָלט וויסן.

— העלאָו! — האָט ער מיך באַגריסט ווי אַן אַלטן באַקאַנטן — וואָס מאַכט איר עפּעס?

— פון וואַנען קענט איר מיך, מיסטער? — האָב איך אים צוריק־געענט־פערט מיט א פראַגע.

— ווער קען אייך ניט? — האָט ער געשמייכלט — אייך קען מען דער־קענען אפילו אַן אָפּגעשוונדענעם. . . . דוכט זיך, ווען מען קוקט אויף אייך, זעהט מען גאָרניט . . . אָבער דאָרטן, אויף די ברעטלאַך, זיינט איר אַלראַיט . . . און פּאַטשקען פּאַטשקעט איר אויך ניט שלעכט. . . . איך לייען אַ סך מאָל וואָס איר שרייבט. . . . זאָגט־זשע מיר, וואָס טוט איר דאָ?

— איך בין געקומען דעפּאָזיטן אַ פּאָר דאָלער — האָב איך אים געזאָגט.

— וואָס רעדט איר? ! — האָט ער זיך אַ צאַפּל געטאָן, אַז דער סיגאַר איז אים שיער ניט אַרויסגעפאַלן פון מויל — עס קען ניט זיין!

— פאַרוואָס ניט? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— ווען איר זאָלט מיר אפילו מיין קאָפּ אַרונטערנעמען, קען איך עס ניט גלויבן . . . אַ אידישער אַקטיאָר זאָל טראָגן געלט אין דער באַנק! . . . סיידן ס'איז משיח'ס צייטן! . . .

— וואָס חידוש'ט איר זיך אַזוי? — האָב איך אים פּרובירט צו באַרו־היגן — אַן אַקטיאָר דאַרף אויך אַמאָל זיין פּראַקטיש.

דאָ האָב איך אים גאָר געקוילעט.

— הערט אויף! — האָט ער זיך פאַרשטעלט די אויערן מיט ביידע הענט —

## גיט אַ שמייכל

איר דער׳הרג׳עט מיר מיינע איבערצייגונגען . . . אַז אַקטיאָר זאָל זיין פּראַק־טיש . . . כאַ־כאַ־כאַ! סעי, מיסטער, מיך בלאָפט מען ניט. . . .

— וואָס האָב איך אייך צו בלאָפן? — האָב איך זיך פאַרענטפערט פאַר אים, ווי איך וואָלט געווען אין עפּעס שולדיק — אַט זיינט איר דאָך אויך אַ פּראַקטישער מענטש. טראָגט איר דען ניט קיין געלט אין דער באַנק?

— פּלענטי! — האָט ער מיר פאַרזיכערט און געקייעט דעם גראָבן סיגאַר — אַ חוץ מיין שאָדן אויף אייך געזאָגט געוואָרן. . . . אָבער פאַר מיר פּאַסט עס, און פאַר אייך ניט. . . . איך בין דאָך אַ מאַנופעקטשורער, אַ בורזשוק . . . און איר זיינט אַ קינסטלער . . . סיידן איך האָב געהאַט אַ טעות אין אייך, איר זיינט גאָר קיין קינסטלער ניט. . . .

— און אַלץ דערפאַר וואָס איך סעיוו אַ פּאָר טאָלער? — האָב איך אים געצווינגן פאַר׳ן צונג.

— יעס! יעס! — האָט ער זיך געקאָכט — טאַקע דערפאַר . . . אַ קינסט־לער טאָר ניט האָבן קיין געלט. . . . דאָס פּאַסט פאַר אַגראָבן יונג . . . אַז אַקטיאָר דאַרף גיין אָן אַ מאַנטל, און אַ שרייבער דאַרף געהן אָן שיך. . . . ווי איר קוקט מיך אָן, האָב איך אין די יונגע יאָרן זיך אַליין געשניטן אויף אַן אַקטיאָר. . . . איך האָב דעמאָלט געוואוינט אין ניו־יאָרק און באַלאַנגט צו אַ דראַמאַטיק קלאָב. אָבער שפּעטער, ווען איך האָב זיך באַקענט מיט מיינער, און איר טאַטע האָט פאַרמאָגט אַ פעקטאָרי פון שוירטס, מיט צוויי מאָל הונ־דערט טויזנט דאָלער קעש, האָב איך חתונה געהאַט און בין געוואָרן אויס קינסטלער. . . .

— איר האָט געהאַנדלט פּראַקטיש — וואַרף איר אים אַריין אַ שפּילקע.

— יאָ — מאַכט ער, זיך גלעטנדיק דעם בייכל — איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ שמאַלץ־גרוב. עס ציהט מיר אָבער נאָך אַלץ צו מיינע אַמאָליקע חברים. אַז איך פאָר אַמאָל אין ניו־יאָרק פאַר ביזנעס, פאַרפאָר איך גלייך אין דער „קאַפע ראָיאַל״, דאָרט וואו אידישע אַקטיאָרן און שרייבער פאַרברענגען זייער צייט. איבערהויפּט האָב איך הנאה צו פאַרברענגען מיט די אָרבעטסלאָזע עקטערס . . . דעם „טריט״ איך מיט אַ שנאַפּס . . . יענעם מיט אַ סטעיק. . . . איך האָב פּשוט הנאה צו זעהן ווי אַזוי זיי זיינען זיך מקריב פאַר דער קונסט . . . און איך „טריט״ אַלעמען מיט גוטע סיגאַרן. . . . דאָרט וואו עס זיצן די „גרויסע״ עקטערס, מיט די „גרויסע״ שרייבער, געה איך אפילו ניט צו. . . . זיי זיינען זיך ניט מקריב פאַר דער קונסט, „ענד אַי העוו נאָ יוז פאַר דהעם״. . . . אַט האָב איך גערעכנט אַריינצוגעהן מיט אייך אַנטקעגן אין דער קאַפּעטעריע, אייך „טריטן״ מיט עפּעס . . . אָבער אַז איר טראָגט גאָר געלט אין דער באַנק, און איר געהט אָנגעטאָן ווי אַ פּראַנט, האָט איר באַ מיר אַלץ פאַרלאָרן. . . .

## גיט אַ שמייכל

— פונדעסטוועגן — האָב איך אים געפרעגט — אז איך וועל שפּילן טעאַטער וועט איר מיך קומען זעהן?

— ניין! — האָט ער כמעט ווי אויסגעשריען — נאָ מאָר! סיידן איך וועל אייך זעהן אָן שיך... ניט פריער....

מיט די רייד האָט ער מיך איבערגעלאָזט. און אַט אזוי, ווי איר זעהט, האָב איך איצט פארלוירן אַ פּאַרעהרער.... ווען איך וויים עס פריער, וואָלט איך יענעם טאָג ניט געגאַנגען אין דער באַנק אריין... וואָס טוט ניט אַ קינסט־לער פאַר זיינעם אַ פּאַרעהרער!...

# טענות פון אַ מאַנופעקטשורער

באַקלאָגט זיך פאַר מיר אַ היגער מאַנופעקטשורער, אַ איד, וואָס אַ חוץ זיין שאָדן אויף אונז געזאָגט געוואָרן.

מאַכט ער צו מיר אַזוי:

„איך זאָג אייך, אַז פון די קבצנים, פון די אַרבעטער, איז גאָר ניט אויס־צוהאַלטן. . . . זיי איז, דוכט זיך, נאָך קיינמאָל אַזוי גוט ניט געווען ווי איצט, און רק זיי באַקלאָגן זיך. וויפיל זיי פאַרדינען איז זיי ניט גענוג, די וועלט איז זיי קנאַפּ. . . . טענה איך צו זיי: שנאָרערס וואָס איר זיינט, וואָס בור־טשעט איר? אייך איז דאָך בעסער פון מיר. . . . אויב עס איז אויף אימיצן אַ רחמנות איז עס אויף מיר, ניט אויף אייך . . . וואָרים וואָס, אימשטיינס גע־זאָגט, האָט איר צו פאַרלירן? . . . אייערע הייזער? . . . די געלט אין די בענק? לאָכן זיי פון מיר אין פנים אַריין און דרעהען זיך אויס צו מיר מיט דער פלייצע. . . . ווי געפעלט אייך אַ העזה פון אַזעלכע שנאָרערס? . . . וואָס דאַרפט איר מער? נעמט אַ שטיינער מיין בעיסטער, יאָסל פאַסטריגע, פאַרדינט ער באַ מיר גאַנצע פופציק דאָלער אַ וואָך. דאָס איז דאָך אַ מאַיאָנטעק מיט געלט. . . . מיינט איר, אַז ער איז צופרידן? אַ נעכטיקער טאָג. . . . באַשר וואָס — טענה'ט ער — מ'נעמט אים אַרונטער פינף דאָלער אַ וואָך פאַר אינקאַם טעקס. . . . דערקלער איך דאָך אים, ווי דער אמת איז, אַז אים איז בעסער פון מיר . . . ער דאַרף זיין גליקליך וואָס ער קומט אָפּ מיט אַ פינפערל, וואָרים מיך קאָסט אָפּ דער אינקאַם טעקס פּלעגנטי . . . באַ מיר נעמט מען דאָך אַרונ־טער עטליכע הונדערט דאָלער אַ וואָך . . . מ'קען דאָך, חלילה, בדלות ווערן. נו, זאָגט איר שוין, אדרבא, וועמען איז בעסער, מיר צו אים? . . . באַקלאָגט ער זיך ווייטער פאַר מיר, אַז עס קאָסט אים נאָך פינף דאָלער אַ וואָך באָנדס. זאָג איך אים, דעם שנאָרער, נו, איז וואָס? בלייבט דיר נאָך אַלץ פערציק דאָלער אַ וואָך. איך — זאָג איך אים — האָב דאָך שוין ביז איצט געקויפט פאַר צען טויזנט דאָלער באָנדס . . . און איך באַקלאָג זיך גאָר ניט. . . . האָט ער נאָך געהאַט די חוצפה באַ מיר צו מאָנען אַ רעיז. . . . ער האָט ניט גענוג — מאַכט ער — אויף צום לעבן . . . אַלץ איז בראַנד־טייער, אַ פונט פלייש קאָסט איצט אַ טאָלער. . . . זאָג איך אים — דערפאַר ווילסטו אַ רעיז? . . . דו

# גיט אַ שמייכל

סבצה'ניוק איינער! וויפיל פלייש, אימשטיינס־געזאָגט, קויפט עס דיין ווייב אויף אַמאָל? . . . אַ פונטעלע פלייש? . . . באַ מיר, אַז מ'געהט צום טיש שטעלט מען דאָך אַוועק אַ האַלבע בהמה . . . היינט ווען קאָסט מער צו לעבן, מיר אָדער דיר? . . . אָבער כאָטש האַקט אים און בראָקט אים, וויל ער ניט אריינגעהן אין מיין לאַגע . . . ער האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז איך מוז אים געבן אַ רעיז. . . .

„מיינט איר, אַז ער איז דער איינציקער? אַלע מיינע אַרבעטער זיינען אַזוי . . . אומדאַנקבאַרע נפשות. . . . נעמט, אַ שטייגער, מיין פרעסער, חיים'קע ביגלאַייזן . . . אַרבעט שוין באַ מיר העכער צוואַנציק יאָר, האָט אָנגעפאַנגען באַ מיר מיט זיבן דאָלער אַ וואָך . . . איצט גיב איך אים זעכציק. וואָלט איר דאָך געקענט מיינען אַז ער וועט קושן מיינע טריט . . . איז ער אויך געקומען מיך מאָנען אַ רעיז. . . . ס'קאָסט אים, זאָגט ער, זעכציק דאָלער אַ מאָנאַט רענט . . . און ער קען ניט אויסקומען מיט זיינע פאַרדינסטן. . . . גיב איך דאָך אים אַוועק די אמת'ע גאָב, דעם סבצה'ניוק . . . ווען — פרעג איך אים — איז ערגער, מיר אָדער דיר? . . . איך האָב אויסגעבויט אַ הויז וואָס קאָסט מיך אַף פינף־און־צוואַנציק טויזנט דאָלער . . . אָן אַ העמד קען מען דאָך בלייבן. . . . צי נעמט, אַ שטייגער, מיין פּאַקעט־מאַכער, סעמקע קעשעניק . . . האָט ער אַוועקגעשיקט דאָס ווייב מיט די קינדער פאַר צוויי וואָכן אויף אַ פאַרם, וואו עס קאָסט זעכצן דאָלער אַ וואָך, און ער האַלט אין איין וויינען, אַז ער קען נאָך ניט קומען צו זיך. . . . וואָס זאָל איך שוין זאָגן? . . . מיין ווייב מיט די קינדער שטעהען אַ גאַנצן זומער אין די ווהאַיט מאָונטעינס, אין איינעם פון די גרעסטע האָטעלן . . . ס'קאָסט דאָך מיך אַף אַ פאַרטשון . . . אָבער אַז איר רעדט מיט די שנאָרערס, מיט מיינע אַרבעטער, וואָלט איר גע־מיינט אַז נאָר זיי איז שלעכט און ווייטער קיינעם ניט . . . און אַלע ווי איינער קומען זיי פון מיר מאָנען אַ רעיז. . . . זאָג איך זיי — וואַרט אויס, מיר וועלן שפּילן אַ פינאַקל, איך וועל האָבן אַ פיר־הונדערט האַנט, וועל איך אייך רעיזן. . . . רופן זיי מיך „קאַרגער הונט". . . . נו, פאַר מיין גוטסקייט קומט עס מיר טאַקע. . . .

„אָט איז מען אַנומעלטן געווען באַ מיר אין שאַפּ פון דעם „רעד קראָס". האָבן די אַרבעטער מיינע געגעבן ווער אַ דאָלער, ווער צוויי, און איינער האָט אפילו געגעבן אַ דריידאָלער, האָט אים דער גאַנצער שאַפּ געפּאַטשט בראַוואָ. . . . אַז איך האָב געגעבן אַ פינפערל, איז עד־היום רופן זיי מיך חזיר. . . . פרעג איך אייך, האַנדלען אַזוי מענטשן? . . . ס'איז זיי צו גוט, שפּרינגען זיי פון דער הויט. . . .

„נעמט, אַ שטייגער, מיין באַטנהאָל־מעיקער, ברוכ'קע לעבלמאַן . . .

## טיפּן און פאַרשווינען

טרייבט ער א קאר, א שעוורא‏לעיקע. פּוצט ער זי אליין און וואשט זי אליין, און סעיוועט געלט. . . . באַ מיר, האָבן מיר דריי קארס — איך א ביואיק, און מיין ווייב א קעדילעק, און די קינדער טרייבן א פּעקארד.

ס'קאָסט מיר בלוטיקע געלט בלויז צו וואשן און פּוצן די קארס . . . איז, וואו זאָל איך נאָך נעמען פאר די ארבעטער אויך ? . . . איך קען דאָך ניט פאַר־זאָרגן די גאנצע וועלט. . . .

אָבער זיי, די ארבעטער, כאָטש נעם און גיב זיי אוועק דעם שאפּ אינגאנצן. און, בעליוו מי, איך וואָלט עס געטאָן אויך . . . בין איך אָבער א מענטש מיט א הארץ . . . און איך וויל ניט, אז מיינע ארבעטער זאָלן האָבן מיינע צרות. . . . אָבער א רעיז האָב איך זיי געמוזט געבן. . . . דעריבער זאָג איך אייך, אז זיי איז בעסער פון מיר . . . די לעצטע העמד צו פארזעצן, נאָר א קבצן צו זיין!"

וואָס זאָגט איר אויף דעם מאנופעקטשורער'ס טענות ? . . .

# דער לאַנדסמאַן מיט „גאָלדענע הענט"

איך האָב אַ לאַנדסמאַן, קלמן קרויטניק, איז ער געבענטשט פון דער נאַטור מיט גאָלדענע הענט. צו וואָס ער רירט זיך צו, מאַכט ער דערפון גאָלד.

מיינט איר דאָך אודאי, אַז ער איז אַ גרויסער אַלכעמיקער, וואָס האָט אויסגעפונען דעם סוד ווי אַזוי צו פאַרוואַנדלען אייזן אין גאָלד, האָט איר אַ טעות. קלמן קרויטניק האָט קיין אַלכעמיע ניט שטודירט, און ער ווייסט אפילו ניט מיט וואָס מ'עסט דאָס. . . . קלמן קרויטניק'ס אוצר, זיינען די פינגער זיינע . . . ער האָט אַזאַ געהיימע קראַפט אין זיינע פינגער, אַז צו וואָס נאָר ער רירט זיך צו, בלייבט עס שטעקן צווישן זיינע פינגער און ווערט דאָרט פאַר־פאַלן. . . . דורך זיינע פינגער זיינען שוין דורכגעגאַנגען זילבערנע לעפל, גאָלדענע זייגערס, דימענטענע רינגלעך, און גאָרנישט . . . פאַרפאַלן, אַזוי ווי אין דר'ערד אריין ! . . .

וואָס דאַרפט איר מער ?

ווען בא זיינעם אַ שכן, איציקל שמיגעגע, איז פאַרפאַלן געוואָרן די ווייב זיינע, איז דער ערשטער חשד באַלד געפאַלן אויף קלמנ'ען, צי איז זי נישט אַקאָרשט אַריינגעפאַלן צו אים, צו קלמנ'ען אין די הענט אריין. . . .

איר זאָלט אַריינקומען צו אים אין שטוב אַריין, וואָלט איר געמיינט אַז דער גרעסטער מיליאָנער וואוינט דאָרטן, כאָטש קלמן איז אַ פשוט'ער אַר־בעטער, וואָס דאַרף כלומר'שט מאַכן אַ לעבן פון שווערער פראַצע. . . . אָבער אַ דאַנק זיינע פינגער, טוט קלמן ניט אַריין אַ פינגער אין קאַלט וואַסער. . . .

איר וועט בא אים אין שטוב טרעפן פולע שראַנקען מיט טייערע זילבערוואַרג, גלאָזוואַרג, זייגערס, געשליפענע שפיגלען, און אָט די אַלע זאַכן און חפצים האָבן אים קיין סענט ניט געקאָסט . . . קלמן האָט בלויז אויסגעלעדיקט די פינגער זיינע אַהיימקומענדיק. . . .

ס'טוט אים נאָר באַנג, וואָס די פיאַנאָ האָט ער געמוזט קויפן פאַר געלט, וואָרים אַ פיאַנאָ איז אַביסל צו גרויס פאַר די פינגער זיינע. . . . אָבער קיין קעש געלט האָט אים די פיאַנאָ אויך ניט געקאָסט. ער האָט די פיאַנאָ אָפּגע־שפּאָרט פון עסן. . . . מיינט איר דאָך אודאי, אַז קלמן האָט געשפּאָרט „קישקע געלט" ? האָט איר ווידער אַ טעות. . . . קלמן האָט זיך זיין אייגענע אָריגינעלע מעטאָדע ווי אַזוי צו שפּאָרן געלט פון עסן. ער געהט אריין אין אַ רעסטאַראַן

## מיפּן און פאַרשווינען

און פרעסט זיך אָן מיט אַ גוטן דינער, און ווען ער האָט שוין ביים דעזערט, הויבט ער אָן צו ניסן . . . האפּטשו ! . . . און נאָך אַמאָל, האפּטשו ! . . . אַזוי הויך אויף אַ קול, אַז די קאַסטימער בא זיין טיש און די אַרומיקע טישן נעמען זיך אָוועקרוקן פון אים. אָבער קלמן ניסט נאָך שטאַרקער, האפּטשו ! דער רעסטאַראַן אייגנטימער דערזעהט אַז די קאַסטימער זיינע צוגעהען זיך, גיהט ער צו צו קלמנ'ען און בעט אים אַז ער זאָל אויפהערן צו ניסן, וואָרים ער פאַרטרייבט אים די קאַסטימער. אָבער קלמן ניסט נאָך שטאַרקער — האפּטשו ! . . . איך קאָן ניט . . . האפּטשו ! . . . . . . סטאָפּן, האפּטשו ! . . . האָט שוין דער רעסטאַראַן־קיפּער קיין אַנדער ברירה ניט, ווי אים אָנצוכאַפּן פאַר'ן קאָלנער און אַרויסוואַרפן . . . „גערארי־היער, יו באָם!" . . . דעמאָלט לויפט קלמן אַהיים, כאַפּט אַרויס אַ דאָלער פון פּאַקעט און וואַרפט עס אַריין אין אַ סעיפעלע . . . דאָס האָט ער זיך אָליין באַצאָלט פאַר'ן דינער זיינעם. . . . אויף מאָרגן גיהט ער אין אַ צווייטן רעסטאַראַן. מ'שמועסט, אַז די גאַנצע שטוב מיט פוירניטשור און קאַרפּעטס, מיט דער פּיאַנאָ אַריינגערעכנט, האָט ער אַזוי אָפּגעשפּאָרט פון עסן. . . .

אָבער מיינט ניט אַז קלמן לאָזט דער ווייב זיינער איינקויפן עסנוואַרג פאַר'ן הויז . . . אַפילו דאָ פאַרשפּאָרט ער דער ווייב די טרחא, און זיך אַליין די פּאָר סענט. . . . קלמן גיהט צו דער אַרבעט אויך אָן אַ לאָנטש־באָקס . . . אַלץ וואָס ער נעמט מיט, איז אַ פּאַקעט־מעסערל . . . און דינער־טאַים, אַזוי ווי די אַרבעטער זעצן זיך אוים עסן, גיהט ער פון איינעם צום אַנדערן און „אָפּערט" אים דאָס מעסערל — אפשר דאַרף עמיצער צושניידן אַן אָרענדזש, אַן עפּל, אָדער אַ סענדוויטש. . . . יענער כאַפּט זיך־אָן אָן קלמנ'ס גוט־האַרציג־קייט . . . און גיט אים אַ האַלבן אָרענדזש, אַ האַלבן עפּל, אָדער אַ האַלבן סענדווידזש. . . . דער סוף איז, אַז פון דער אַרבעט קומט קלמן אַהיים מיט אַ גרויסן בעג . . . מיט האַלבע עפּל, האַלבע אָרענדזשעס, האַלבע טאָמייטאָס — אַלץ האַלבע. . . . זיין פרידזשידעיר איז שטענדיק פול אַ דאַנק דעם מעסערל זיינעם. . . . אָבער אויך דאָס מעסערל האָט אים קיין געלט ניט געקאָסט . . . ער האָט אים געפונען צווישן די פינגער. . . .

און איצט, אַז איר זיינט שוין באַקאַנט מיט מיין לאַנדסמאַן קלמן קרוימ־ניק, וואָרן איך אייך, אַז איר זאָלט מיט אים ניט שפּילן אין קאָרטן . . . סאַידן איר וועט האַלטן דעם פּאַקעט־בוק הינטער זיך און זיצן אויף אים, אַז ניט וועט ער זיכער פאַרפאַלן ווערן ביי קלמנ'ען צווישן די פינגער . . . היט זיך ! . . .

## גיט אַ שמייכל

# אַ לעקטשור איבער פּסיכאָלאָגיע

ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך בטבע אַ מענטש וואָס האָט פיינט געהן צו לעקטשורס. וואָרים, ווי זאָגט איר, שלאָפן קאָן איך דאָך אין דער היים . . . ניין? . . . אָבער ווען איך האָב די וואָך דערהאַלטן אַן איינלאַדונג פון די זאַזולקער אנשי חולי נופלים אונטערשטיצונג פאַראיין, וואו מיין פעטער גרונם איז דער פרעזידענט, אַז זיי האָבן איינגעלאַדן דעם באַרימטן לעקטשורער און פּסיכאָלאָג, פּראָפעסאָר לעקזאַליץ, וועלכער וועט לעקטשורן איבער אַזאַ אינטערעסאַנטע טעמע, ווי: „פּסיכאָלאָגיע, בייזע חלומות און נעכטיקע טעג", בין איך געגאַנגען הערן די לעקציע.

אויף דער פּלאַטפאָרמע אין דעם אָנגערויכערטן זאַל האָב איך שוין געטראָפן דעם פּראָפעסאָר — אַן אויסגעדאַרטער מענטשל, מיט צושויבערטע האָר, אַ באַברילטע נאָז און אַ פּאָר אויגן וואָס האָבן אַרויסגעשטאַרצעט פון אונטער די ברילן ווי צוויי לאַמטערנעס אין אַ פינסטערער נאַכט. . . .

מיין פעטער האָט פאָרגעשטעלט דעם פּראָפעסאָר, וועלכער האָט זיך אַביסל אויסגעהוסט, אָפּגעמאָסטן דעם עולם מיט זיינע צוויי לאַמטערנעס, און אָנגעהויבן בזה הלשון:

„פּסיכאָלאָגיע, מיינע פריינט. איז אַ וויסנשאַפט פאַר פּסיכאָלאָגן . . . וואָלטן ניט געווען קיין פּסיכאָלאָגן, וואָלטן מיר ניט געהאַט קיין פּסיכאָלאָגיע . . . און פאַרקערט, וואָלט ניט געווען קיין פּסיכאָלאָגיע, וואָלטן מיר ניט געהאַט קיין פּסיכאָלאָגן. . . . פּסיכאָלאָגיע, מיינע פריינט, איז ניט קיין וויסנשאַפט וואָס מען זויגט אויס פונ'ם פינגער. . . . פּסיכאָלאָגיע קומט פון מאַרך, און אַזוי ווי יעדער איינער פון אייך האָט דאָך מער אָדער ווייניגער אַ ביסל מאַרך, דעריבער קאָן יעדער איינער פון אייך זיין זיין אייגענער פּסיכאָלאָג. . . . נעמט, למשל, אַ זויגנדיק קינד, גיט אים דער מאַמע'ס ברוסט, וועט ער זויגן; גיט אים אפילו אַ פלעשל מילך, איז אַבי דאָס פלעשל האָט נאָר דעם ראָבערנעם ניפּל, וועט ער דאָס זויגן. אָבער פּרובירט אים געבן אַ זעג מיט אַ שטיק האָלץ, וועט ער דאָס זעגן? . . . אָוו קאָרס, נאָט. . . . אָבער מיינט ניט, מיינע פריינט, אַז אום צו זיין אַ גרויסער פּסיכאָלאָג, דאַרף אַ מענטש באַזיצן אַ גרויסן מאַרך. פאַרקערט, מיין קאָלעגע, דער באַרימטער מאַרך־ספּעציאַליסט פּראָפעסאָר בריינסטאָרם, האָט לעצטנס אַרויסגעבראַכט די טעאָריע, אַז צופיל מאַרך פאַר אַ

## טיפן און פאַרשווינען

מענטשן איז אומגעזונט. . . . אז א מענטש וואָלט זיך געקאָנט באַגעהן מיט א דריטל פון דעם מארך וואָס ער פאַרמאָגט. . . . גליקלעך איז דער מענטש וואָס האָט איינגאַנצן קיין מארך ניט . . . יענער איז אָן אמת׳ער „סופער־מען״ . . . קיין זאַך אַרט אים ניט . . . אַפילו מיין לעקציע אויך ניט. . . .

* * *

„איצט, מיינע פריינט, קומען מיר צו דער צווייטער טייל פון מיין לעקציע, נעמליך: די אויסטייטשונג פון בייזע חלומות. . . .

„די אויסטייטשונג פון חלומות, מיינע פסיכאָלאָגישע צוהערער, הויבט זיך ניט אָן מיט פּראָפעסאָר פרויד, ווי א סך גאַליציאַנער מיינען. . . . יוסף הצדיק איז געווען דער ערשטער גרויסער אויסטייטשער פון חלומות, און קיין פּראָפעסאָר נאָך אים האָט זיך ניט אַזוי אַרויפגעאַרבעט ווי ער. יעקב האָט געהאַט א חלום וואָס איז זייער פסיכאָלאָגיש סימבאָליש . . . ער קריכט אויף א לייטער, און דער לייטער דערלאַנגט אַזש צום הימל אַרויף . . . ער קריכט און קריכט, און קאָן ניט דערקריכן . . . וואָס העכער ער געהט, אַלץ מער האָט ער צו געהן . . . און ווען ער כאַפּט זיך אויף, ליגט ער גאָר אויף דער הוילער ערד, מיט א שטיין צו־קאָפּנס. . . . וואָס זאָגט די מאָדערנע פסיכאָלאָגיע אויף דעם? — „יו קענ׳ט גאָו עבאָוו יאור אָון העד״ — אַזוי ווייט קאָנסטו געהן, דערנאָך בלייבסטו שטעהן. איצט זעהט איר שוין ווי גרינג עס איז צו זיין א פּסיכאָלאָג, און אויסטייטשן חלומות? . . . אַפילו אייער אייגענע ווייב קאָן דאָס טאָן . . . בטל׳ט זי דען ניט אוים אַלע בייזע חלומות צום מאַנ׳ס קאָפּ? . . . א געבוי־רענער פּסיכאָלאָג. . . .

„און דער אמת איז, מיינע פריינט, אַז יעדער איינער פון אייך קאָן זיך אויסלערנען אויסטייטשן זיינע אייגענע חלומות, אָן דער הילף פון א פּראָ־פעסאָר. . . . טאָמער חלומ׳ט זיך אייך, א שטייגער, אַז די הויכע פּרייזן אויף לעבנס־מיטלען וועלן פאַלן, איז א סימן פאַרקערט . . . אַז זיי וועלן גאָר שטייגן . . . פּונקט ווי בא יעקב׳ן מיט׳ן לייטער. . . . און דער בעסטער מיטל ניט צו חלומ׳ען פון אַזעלכע פאַנטאַסטישע זאַכן, איז צו שלאָפן מיט א שטיין צו־קאָפּנס. . . .

„טאָמער חלומ׳ט זיך אייך, אַז דער ׳האַוזינג שאָרטעדזש׳ איז שוין אַריי־בער — מ׳בויט נייע הייזער, און איר קאָנט זיך שוין אַריבערקלייבן אין א נייעם אַפּאַרטמענט — איז א סימן אַז איר האָט צופיל הנאה פון אייער שלאָף. טאָ שלאָפט געזונטערהייט . . . כאַפּט זיך ניט אויף . . . וואָרים איר וועט גלייך אויסגעפינען, אַז דאָס איז ניט מער ווי א חלום . . . א נעכטיקער טאָג. . . .

## גיט אַ שמייכל

איך וואָלט אייך געקענט געבן נאָך ביישפּילן פון בייזע חלומות און נעכטיקע טעג . . . אַ שטייגער די לעקציע מיינע. . . . אָבער פאַר היינט וועט זיין גענוג, איך וויל ניט אַז איר זאָלט איינשלאָפן . . . ווער ווייסט פון וואָס איר קאָנט נאָך חלומ'ען ? . . . מיינע פּסיכאָלאָגישע פריינט, איך האָב געענדיקט." . . .

* * *

דער פּראָפעסאָר איז אַרונטער, דער עולם איז זיך שנעל צעגאַנגען, אָבער איך האָב זיך די דאָזיקע לעקציע אַריינגענומען גוט אין זינען . . . איך האָב מיר אַ נדר געגעבן, מער ניט צו גערן צו פּסיכאָלאָגישע לעקציעס . . . עס איז צו טיף פאַר מיר. . . . איך בין אויף מאָרגן נאָך דער לעקציע אויפגעשטאַנען מיט אַ קאָפּ־ווערטאָג . . . צו־פיל מאַרך באַ מיר . . . ווי מיינט איר ? . . .

# ווען זאָל ער באַגעהן זעלבסטמאָרד?

דער באַרימטער דיכטער, כאַצקעל גראַמענפלעכטער, סטראַשעט דער וועלט, אַז ער וועט איינגיכן באַגעהן זעלבסטמאָרד, און טאָמער — סטראַשעט ווייטער כאַצקעל — טאָמער מישט זיך עמיצער אַריין און פּרובירט אים אָפּהאַלטן פון באַגעהן זעלבסטמאָרד — נעמט ער זיך דעם לעבן. . . .

מיינט איר דאָך אַז כאַצקעל איז פון דער העלער הויט משוגע געוואָרן, אָדער די היץ האָט אים אַזוי דערקוטשעט אַז ער קאָן דאָס ניט איבערטראָגן, און דערפאַר וויל ער זיך איבערפּעקלען אויף יענער וועלט, האָט איר אַ טעות. כאַצקעל קאָן גראָד פאַרטראָגן די גרעסטע היץ, וואָרים אַ גאַנץ יאָר — אַחוץ די פּאָר מאָנאַטן זומער — שוויצט כאַצקעל אין אַ פעקטאָרי, וואו ער אַרבעט אַלס אַ פּרעסער באַ „ניע־פּענטס", שוויצט און מאַכט אַ לעבן. קומט אָבער דער ליבער זומער, ווען די בוימער צובליהען זיך, די גראָזן צושפּראָצן זיך, און די בלומען צושמעקן זיך, ווערט כאַצקעל אַ דיכטער און הערט־אויף צו אַר־בעטן. . . . ניט נאָר די ווייב זיינע ווייסט ווען די „מוזע" קומט צו כאַצקלען, נאָר אַפילו דער „באָס" זיינער, באַ וועמען ער אַרבעט אַלס פּרעסער . . . אַז עס קומט די ערשטע וואָך אין דזשון, געהט־צו צו אים דער באָס זיינער, דערלאַנגט אים זיין „פּעידע" און געזעגנט זיך מיט אים:

— נאַ, כאַצקעל, נאַ דיר דיין „פּעידע" און געה אַהיים, און ווייטער זאָל דיר גאָט העלפן. . . . קום צוריק אין סעפּטעמבער.

פונדעסטוועגן זאָלט איר ניט מיינען אַז כאַצקעל געהט אַהיים און זעצט זיך אַוועק, אַזוי מיר ניט, דיר ניט, וואַרטן אויף סעפּטעמבער. יענער האָרע־וועט און פּראַצעוועט איצט נאָך מער ווי אין שאַפּ, וואָרים גלייך ווי כאַצקעל קומט אַהיים, פאַרקאַטשעט ער די „סליווס" און זעצט זיך אַרבעטן אויף פּאָעזיע. . . .

— באַ מיר — באַרימט זיך כאַצקעל — איז ניטאָ קיין פוילן זיך. איך קאָן זיך אַוועקזעצן און אָנשרייבן אַ „געדיכט" נאָך שנעלער ווי איך פּרעס־אוים אַ פּאָר הויזן. . . .

און ער זעצט זיך גלייך אַוועק, אָט אַזוי ווי ער רעדט מיט אייך, און שרייבט אָן אַ געדיכט:

## גיט אַ שמייכל

מיין פאָלק, מיין פאָלק,
דו לעבסט אָן אַ טאָלק . . .
הער אויף וויינען און שרייען,
ענד לעט'ס גאָו טו זייאָן. . . .

דאָס גיט ער אייך אַ „סעמפּל" פון זיינע נאַציאָנאַלע לידער . . . אָבער
באַצקעל שרייבט סאַטירישע לידער אויך, אַ שטייגער:

צו פאָרן אויף וואַקעישאַן,
איז מער ניט קיין סענסעישאַן . . .
וואָס־זשע וועל איך טאָן? איך וויים שוין . . .
איך וועל אויסנוצן דעם „אָקעיזשאַן"
און בעסער וואַרטן אויף דער „אינוועיזשאַן". . . .

אָט אַזעלכע מייטערווערק קאָן באַצקעל אָנשרייבן אין אַ פּראָסטן מיט־וואָך. . . . איצט קאָנט איר זיך שוין פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ קונסט־ווערק באַצקעל שרייבט אָן אַ שבת, אָדער זונטאָג . . . ממש ניט צו פאַרשטעהן. . . .

איז אָבער די צרה מיט באַצקלען, וואָס ער קען ניט געפינען קיין רעדאַק־טאָר וואָס זאָל וועלן דרוקן זיינע „געדיכטע". . . .

— אַז איך זאָל דרוקן אייערע פּאַטשקערייען — האָט אים איין רעדאַקטאָר דערקלערט — וואָלט איך אויף דער עלטער געמוזט ווערן אַ פרעסער באַ „ניע־פּענט", אַזוי ווי איר. . . .

און דאָ געהט באַצקלען אין לעבן צו זעהן זיין נאָמען אין די „פּעיפּערס", עס איז אים שוין אַ שאַנדע ניט נאָר פאַר זיין אייגענע ווייב, וועלכע קאָן ניט פאַרשטעהן וואָס ער האָט איינגאַנצן פון זיינע „גראַמעלאַך" . . . ער שעמט זיך שוין זיין פּנים צו ווייזן פאַר די שכנים, פאַר דעם גראָסערימאַן, פאַר דעם בוטשער, פאַר וועמען ער לייענט אַלע מאָל זיינע „געדיכטע". . . . און וואָס, אַ שטייגער, קאָן ער זאָגן זיין באָס? . . . וואָס פאַר אַ תירוץ גיט מען אים פאַר אָוועקוואַרפן די אַרבעט אַלע זומער אויף דריי מאָנאַטן — אויב מען דרוקט אים ניט? . . .

— באַ מיר — טענה'ט זיין באָס — איז ביזי, און איך דאַרף דיך. . . .

— ווען דאָס טרעפט אויף מיר — בייזערט זיך באַצקעל'ס בוטשער — וואָלט איך אַרויף צום רעדאַקטאָר און אים אויסגעטרייבערט אַ זיים. . . .

בקיצור, באַצקעל האָט באַשלאָסן — איינמאָל פאַר אַלעמאָל — ער מוז האָבן זיין נאָמען אין „פּעיפּער" . . . האָט ער גענומען זיין פּאַק מיט לידער, אַוועק צום רעדאַקטאָר און געסטראַשעט, אַז אויב דער רעדאַקטאָר נעמט ניט צו באַ אים זיין פּעקל, וואַרפט ער זיך אַרויס דורכ'ן פענסטער . . . באַגעהט ער זעלבסטמאָרד.

אָבער דער רעדאַקטאָר איז ניט פון די שרעקנדיקע. ער האָט נאָך כאַצ־קלען צוגעגעבן מוט.

— זעהר גוט וועט איר טאָן — האָט אים גע'עצה'ט דער רעדאַקטאָר — ווען איר באַגעהט זעלבסט־מאָרד, וועל איך ניט נאָר אַריינשטעלן אייער נאָמען אין פּעיפּער, נאָר אייער „פּיקטשע" אויך. . . .

איצט ווייסט איר שוין פאַרוואָס כאַצקעל סטראַשעט אַז ער וועט באַגעהן זעלבסט־מאָרד ? . . . יענער האָט אַזאַ גאָלדענעם „טשאַנס" צו ווערן באַרימט ! איז אָבער די צרה וואָס כאַצקעל ווייסט ניט ווען ער זאָל באַגעהן זעלבסט־מאָרד. . . . ער איז צופיל נאַציאָנאַליסט, אַז ער זאָל פאַרשטערן אַ אידישן יום־טוב . . . צופיל אַמעריקאַנער פּאַטריאָט, אַז ער זאָל זיך נעמען דאָס לעבן אין אַ נאַציאָנאַלן יום־טוב טאָג . . . און אין אַ פּראָסטן מיטנוואָך־טאָג פּאַסט אויך ניט פאַר אַ דיכטער צו שטאַרבן ! . . .

אָט אַזוי געהט איצט אָרעם כאַצקעל און ווייסט ניט ווען צו באַגעהן זעלבסט־מאָרד. . . . נאָר ווען דאָס וועט געשעהן, מיינע פריינט, וועל איך אייך אפילו ניט דאַרפן לאָזן וויסן, וואָרים איר וועט זעהן כאַצקעל'ס „פּיקטשע" אין פּעיפּער. . . .

גיט אַ שמייכל

# אַ וועגעטעריאַנער סטעיק פּרעסער

איך ווייס ניט צי איר האָט אַזוי ליב פליישׁ ווי איך, אָדער ניט; נאָר איך בין אַ גרויסער ליב־האָבער פון פליישׁ. בין איך אַריין אין אַ רעסטאָראַן און געאָרדערט אַ סטעיק מיט „פרענטש פראַיד פּאָטייטאָס״.

איידער מ׳האָט מיר דערלאַנגט דעם סטעיק, האָב איך געמיינט אַז דאָס חיות געהט מיר אויס. . . . און ווען דער ווייטער האָט מיר צוגעבראַכט דעם סטעיק מיט די „פרענטש פראַיד פּאָטייטאָס״, האָב איך זיך צוגעכאַפּט צו אים ווי אַ וואָלף אין דער מדבר . . . איך האָב דעם סטעיק געשלונגען ממש מיט די אויגן. איך האָב גענומען אַ שטיקל סטעיק אויפ׳ן גאָפּל און צוגעטראָגן צו די ליפּן, ווען איך האָב פּלוצים דערהערט אַ שטימע הינטער מיר:

— וואַרט! — האָט געריעדט די שטימע, וועלכע האָט באַלאַנגט צו אַ מאַן מיט קודלעוואַטע האָר און טונקעלע ברילן אויף דער נאָז — זאָל אייך אסור זיין, אויב איר וועט עסן דאָס פליישׁ ! . . .

איך האָב צוריקגעלייגט דעם גאָפּל אויפ׳ן טעלער און אים געפרעגט ווער ער איז, און וואָס ער וויל.

— איך בין דער סעקרעטאַר פון דעם היגן וועגעטעריאַנער פאַראיין, „מאַכט־אייך־ניט־פליישיק״ . . . מיין נאָמען איז מיסטער פליישער. . . .

— אַבּיסל מאָדנע, פאַר אַ וועגעטעריאַנער זיך צו רופן פליישער — האָב איך אַ לאַך געטאָן.

— ניט מיין שולד — האָט ער געענטפערט און זיך צוגעזעצט — דאָס געהט אַזוי אין דער משפּחה. מיין עלטער־זיידע איז געווען אַ שוחט, מיין זיידע אַ מוהל, און מיין טאַטע אַ קצב . . . אַ משפּחה פון בלוט־צאַפּערס . . . און דערפאַר בין איך געוואָרן אַ וועגעטעריאַנער. . . .

— פרעהט מיך אייך צו קאָנען — האָב איך אַ בורטשע געטאָן פון יוצא וועגן און זיך צוריק גענומען צום סטעיק.

— סטאָפּ! — האָט ער אַ געשריי געטאָן, אַזש דער גאָפּל איז מיר פון האַנט אַרויסגעפאַלן — זייט ניט קיין פּאַראַזיט! . . . קיין בלוט־זויגער! . . . ווי לאַנג נאָך וועט איר עסן יענעמס פליישׁ? . . .

— סעי, מיסטער — בין איך שוין געוואָרן אין כעס — פאַרנעמט אייך פון דאַנען, דער סטעיק קאָסט מיר אַ דאָלער־נײַנציק, אַ חוץ אַ „טיפּ״, איך בין הונגעריק ווי אַ וואָלף, לאָזט עסן! — און איך האָב זיך אַ וואָרף געטאָן אויפ׳ן

סטעיק מיט א רציחה. . . .

— מערדער! — האָט ער געגעבן א קלאַפּ אין טיש, אז דער טעלער האָט אזש אָפּגעקלונגען, און מענטשן האָבן זיך אַרומגעקוקט — צוליב אייך געהען דאָך יונגע טשיקנס פון דער וועלט . . . אומשולדיקע קעלבעלעך און לעמעלעך פאַרלירן זייערע יונגע לעבנס צוליב אייך . . . ווען מ'זאָל אויסשטעלן אַלע טשיקנס וואָס איר האָט שוין אויפגעפרעסן אין אייער לעבן, וואָלט דאָך די לאַין דערגרייכט פון דאַנען ביז קאַליפאָרניא. . . . זאָגט אַליין, ווען מ'זאָל פאַר אייך דאָ אַוועקשטעלן די בהמה פון וועלכער מ'האָט אָפּגעשניטן דעם סטעיק, וואָלט איר געהאַט דעם „נוירוו" איר צו קוקן קלייך אין די אויגן אריין? שעמען מעגט איר אייך . . . איר זייט דאָך ניט בעסער פון היטלער'ן. . . .

ווען ער האָט געענדיקט רעדן, הערט איר, האָב איך געפיהלט ווי צום חלש'ן. . . . איך האָב אַוועקגערוקט פון זיך דעם טעלער מיט'ן סטעיק און גע־בעטן דעם וועיטער ער זאָל מיר וואָס שנעלער דערלאַנגען א גלאָז טיי.

— אָט אזוי זייט איר א מאַן! — האָט דער וועגעטעריאַנער זיך געריבן די הענט א צופרידענער — איר וועט שוין פאַרזאָגן א צענטן ניט צו עסן קיין פליישׂ! . . . איך מוז אייך נאָך מאַכן פאַר א מעמבער פון אונזער פאַר־איין. . . . גיט מיר א דאָלער וועל איך אייך שוין פאַרשרייבן. . . .

איך האָב אים דערלאַנגט א דאָלער און ער האָט אים פלינק אַרונטערגע־לאָזט צו זיך אין פּאָקעט אריין.

— אַלבעטשע — מאַכט ער צו מיר — אַלבעטשע, אז אייער סטעיק איז שוין קאַלט געוואָרן.

ער האָט צוגערוקט דעם טעלער צו זיך, אָפּגעשניטן א שטיקל סטעיק און פאַרזוכט.

— הם . . . — האָט ער גערעדט קייענדיק — קאַלט ווי אייז . . . איך וואָלט פאַר אזא סטעיק ניט באַצאָלט. . . .

— ווי קומט איר צו עסן פליישׂ? — האָב איך אים געפרעגט א דער־שטוינטער — איר זייט דאָך א וועגעטעריאַנער. . . .

— א קאַלטער סטעיק — האָט ער מיר געענטפערט קייענדיק — איז שוין ניט מילכיק און ניט פליישיק . . . און א וועגעטעריאַנער מעג אים אויך עסן. . . .

איך האָב אים איבערגעלאָזט קייענדיק מיין סטעיק, באַצאָלט, און איך בין אַרויסגעלאָפן ווי אַן אונטערגעשאָסענער. . . .

נאָר אייך, מיינע פריינט, וואָרן איך: אויב איר קלייבט זיך צו אָרדערן א סטעיק אין א רעסטאַראַן, זאָלט איר זיך פריהער גוט אַרומקוקן אויב דאָרטן איז ניטאָ דער מאַן מיט קודלעוואַטע האָר און ברילן אויף דער נאָז . . . וואָרים טאָמער איז ער דאָרטן דאָ, וועט ער שוין עסן דעם סטעיק, ניט איר. . . .

## גיט אַ שמייכל

# אַמעריקע געהט צו די „דאָגס"

האָט איר אמאָל בייגעוואוינט די „דאָג רעיסעס"? אויב ניט, זאָלט איר מיר מוחל זיין, זיינט איר נאָך אַ „גרינער", און איר ווייסט ניט וואו אמעריקע געפינט זיך. . . . אָבער מיינט ניט אַז איר אַליין זיינט אַזוי „גרין", איך קאָן אייך זאָגן — „דאָס זעלבע פון מיר צו הערן." . . . צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך די וואָך זיך אריבערגעכאַפּט צו די „דאָג רעיסעס, און איך האָב אויסגעפונען, אַז אין דער צייט וואָס איך און איר געהען שלאָפן, געהט אמעריקע „טו דהי דאָגס". . . . קיין שרייבער, לעקטשורער, אָדער אפילו דער קאָנגרעסמאַן פון אייער דיסטריקט וועט ניט „ציהען" אַזאַ עולם, ווען ער רעדט, ווי די הינט ציהען ווען זיי לויפן. . . .

היינט דעם פּאַראַד, פּאָמפּ און פּען־פּער, וואָס מען מאַכט ארום די כלבים, קאָן מען נאָר פאַרגלייכן מיט די אַמאָליקע נאַצי־פּאַראַדן פאַר זייער פירער. . . . מוזיק שפּילט, אַ צערעמאָניע־מייסטער געהט פאָראויס, און הינטער אים אַכט יונגען אין פּרעכטיקע מונדירן האַלטן די הינט אויף דער צוים, אַט פּונקט ווי היטלער'ס זיינע דייטשן. . . . און אַזוי מאַרשירן זיי פאַרביי דעם אַנגעלאָפּענעם המון, וועלכער איז געקומען זוכן זיין „לאַקי דאָג".

יעדער הונט ווערט געוואויגן און געמאָסטן. יעדער הונט האָט זיין „פּעדיגרע", וואָס זאָגט אייך ניט נאָר ווער זיין טאַטע, דער כלב, איז געווען, נאָר אפילו וואָס פאַר אַן עלטער־באָבע ער האָט געהאַט. . . . דאָס איז זייער וויכטיק צו וויסן באַ די כלבים, פּונקט ווי באַ די נאַציס. . . מחמת איר דאַרפט זיכער זיין, אַז דער דאָזיקער כלב, אויף וועלכן איר „שטעלט איין", איז טאַקע אַ ריין־ראַסיגער הונט און ניט עפּעס גלאַט אַ כלב שבכלבים, אויף וועלכן איר וועט ניט אַרויסוואַרפן אייערע צוויי דאָלאַר'דיגע. . . .

אָבער מער פון די הינט האָבן מיך אינטערעסירט די מענטשן, וועלכע זיינען געקומען „מאַכן אַ לעבן" פון די הינט. . . . דאָ, מיינע פריינט, וואָלט מען געדאַרפט האָבן אַ רעמבראַנדט, אָדער אַן אַנדער קינסטלער־מאָלער, וואָס זאָל אָפּמאָלן די פּנים'ער, די טיפּן, די כאַראַקטער־שטריכן, די אַנגעצונדענע, אָדער אויסגעלאָשענע אויגן, די פרייליכע, אָדער אַנטוישטע גרימאַסן פון די הינטישע „קליענטן", פון די געווינער און פאַרשפּילער. . . .

איר טרעפט דאָרט גרויס און קליין, יונג און האַלט, פרויען פּונקט אַזוי ווי מענער, אַלטע פאַרזויערטע מוידן און „טין־עידזש" מיידלעך מיט זייערע

„באַי פרענדס", דעם דזשעניטאָר מיט דעם באַנק פּרעזידענט, דעם אַרבעטער צוזאַמען מיט'ן „ביג באָס" פון אינדוסטריע, דעם מאַטראָז און זיין קאַפּיטאַן, דעם סאָלדאַט מיט זיין אָפיצער, די דינסטמיידל און דעם „פּלעי באַי" פון די הויכע פענסטער, און איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז יענער דאָרטן, מיט דער „וואַן־דאַיק" בערדל און ליולקע אין מויל, איז אַ פּראָפעסאָר. . . . אַלע קומען זיי אַהער, צום הינטישן „רעיס טרעק", צו פּרובירן זייער מזל, און — ווי די פּסיכאָלאָגן וואָלטן עס אָנגערופן — באַרוהיגן די נערוון דורך „עקסאַיטמענט".

אַט שטעהט אַ מאַן, אַ ברייט־פּלייציגער, מיט רויטע באַקן, און שוין קרוב צו אַ זעכציקער. זיין ווייב איז אויך מיט אים, זעהט אויס עלטער פון אים, און די „רעיסעס", זעהט מען, געהען איר אָן ווי דער פּאַראַיאַריקער שניי. אָבער געקומען צום „טרעק" איז זי טאַקע צוליב אים, צוליב איר מאַן, וועל־כער זופּט דעם ביטערן טראָפּן פון אַ פלעשל וואָס ער האַלט אין „פּאַקעט", און אַזוי שטילט ער זיין דאָרשט צווישן איין „רעיס" און דעם צווייטן. . . . אַ זופּ געטאָן, כאַפּט ער זיך ווידער צום פּאַקעט־בוק, ווערט אויף אַ ווייל־ע נעלם פון דער ווייב און מאַכט זיין „בעט" אויף „זיין" אויסדערוועהלטן הונט, און קומט צוריק. . . . קענטיג, אַז „זי" קאָן דעם „אַלטן" אירן, און זי ווייסט אַז עס איז גלייכער פאַר איר אַז זי זאָל מיטגעהן מיט אים צום „טרעק", וועט זי כאָטש זיין זיכער אַז „דזשאָן" וועט היינט אַהיים קומען. . . .

און אָט שטעהען דריי מיידלעך, קאָנטיג נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, און וויט פון צו זיין רייך. אַ סימן, אַלע דריי ליגן זיך צונויף אויף איין "בעט". וואָס האָט זיי געבראַכט אַהער? די מאָנאָטאָנקייט אין דער היים, דער „עקסאַיט־מענט" פון דער שפּיל, אָדער זיי ווילן טאַקע דאָ, פון די הינט, באַגליקט ווערן? שווער צו טרעפן — אפשר אַלע דריי מאָטיוון צוזאַמען? . . .

היינט האָט איר שוין געמעגט זעהן די הינט, ווען מ'לאָזט זיי אַרויס פון די שטייגן, אויף דעם וועט געלויף. אַזעלכע הונגעריקע הינט האָב איך נאָך ניט געזעהן זינט די נאַציס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איינצושלינגען די וועלט. אָבער וואָס איז דער סוף? אויך פונקט ווי בא די נאַציס . . . אַ מכה קריגן זיי ניט קיין קראָליקל. . . .

יאָ, מיינע פריינט, דער הינטישער „רעיס טרעק" איז אַ וועלטעלע אין מיניאַטור. דאָ זעהט איר דעם מענטש אַ נאַקעטן, כאָטש ער געהט אָנגעטאָן . . . און מיט די הינט איז אויך דאָס זעלבע . . . אַלע הינט לויפן, אָבער ניט אַלע הינט דערלויפן. . . .

אי, וועט איר דאָך פרעגן: ווי פּאַסט עס אינגאַנצן פאַר מענטשן צו נעמ־בלען, איינשטעלן געלט אויף אַ הונט? . . . וועל איך זאָגן, ווי מיין פעטער גרונם זאָגט — „איך וועל בעסער פאַרלירן אויף אַ הונט, איידער געווינען מיט אַ הונט." . . .

# ער וואַקסט

פינף יאָר צייט האָט זלמן אָפּגעאַרבעט אין אַ שאַפּ אַלס ניפּענטס אָפּע־רייטאָר; פינף יאָר צייט האָט זלמן נעבאַך געשוויצט, געמאַכט רייכער זיין בעל הבית און אַליין אויך געסייווט אַ פּאָר „טולער". . . . פּאַר גאַנצע פינף יאָר האָט זלמן ניט געוואוסט פון קיין אַנדער זאַך ווי אַרבעטן, אַרבעטען, און ווייטער אַרבעטן. . . . נאָר פּלוצלונג איז זלמן „פויל" געוואָרן, ער וויל ניט אַר־בעטן, און טוט אים עפּעס. . . . אַלע זיינע באַקאַנטע, און זיין מיסעס פון דער לאָזשי, האָבן זיך געוואונדערט — ווי קומט עס אַז זלמן זאָל אויפהערן אַרבעטן ? סטייטש, זלמן ! . . .

די אורזאַך איז געווען אָט וואָס: אין דעם פּעיפּער וואָס זלמן פּלעגט לייענען, „דער טעגליכער בלאַפער", איז איינמאָל געווען אָפּגעדרוקט אַן אַר־טיקל איבער דער טעמע: „גרויסע מענער און זייערע שוואַכקייטן". אין דעם אַרטיקל האָט דער שרייבער באַוויזן, אַז די גרעסטע קינסטלער, שרייבער, פּאָעטן, זיינען נעבאַך במחילה גרויסע פוילענצער; און, פּאַרקערט, וואָס אַ קינסטלער איז גרעסער, אַלץ מער פוילענצער איז ער. . . . און אַ קינסטלער, אַ שרייבער, אָדער אַ פּאָעט, וואָס איז ניט פויל, איז גאָר קיין קינסטלער ניט, קיין פּאָעט ניט.

געענדיקט האָט זיך דער אַרטיקל דערמיט, אַז פילע מענטשן, וועלכע זיינען אַריינגעטאָן אין זייער טאָג־טעגליכן לעבן, וואָלטן געקענט זיין גרויסע לייט ווען זיי זאָלן נאָר אַביסל פויל זיין. . . . איר דאַרפט — זאָגט דער שרייבער — איר דאַרפט נאָר ניט אַרבעטן, אַרומגעהן שטענדיק פאַרטיפט אין געדאַנקען, און איר וועט זיכער ווערן אַ גרויסער מענטש, אַ דיכטער, און אפשר גאָר אַ פילאָזאָף. . . .

פון דאַן אָן איז זלמן אַן אַנדער מענטש געוואָרן. אַ נייע וועלט האָט זיך פּאַר אים געעפנט. . . . סטייטש ער, זלמן, קען ווערן אַ גרויסער מענטש, אַ שרייבער, אַ דיכטער, דורך אַזאַ קלייניגקייט ! . . . און זלמן געפינט אויס, אַז סך הכל האָט ער גאָר קיינמאָל ניט געוואָלט אַרבעטן; אַז זיין גאַנץ לעבן, זינט ער געדענקט, איז ער געווען אַ פוילענצער . . . ניט מער, אין דער וויסטער אַמע־ריקאַ, וואו אַרבעטען איז אַ „מוז", האָט ער זיך אין דעם אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן; אָבער וועלן, האָט ער קיינמאָל ניט געוואָלט. . . . אַ באַוויז, אַז אין אים שטעקט טאַקע אַ צוקונפטיגער גרויסער מענטש, אַ שרייבער, אַ פּאָעט.

זלמן האָט אַלזאָ אויפגעהערט צו אַרבעטן. ער האָט גענומען טרייען זיין בעסט וואָס מער פויל צו זיין. דאָס פויל זיין איז בא אים געוואָרן א הייליקער פּרינציפּ, א מיטל צו א גרויסן ציל. . . .

פאַר דער צייט האָט זלמן פאַרוואָרפן אַלע רעדאַקציעס מיט דערציילונגען, סקיצן און באַלאַדן, וועלכע פלעגן אימער אָנקומען אויף צוריק גאַנצע פּעק. . . . נאָר זלמן האָט ניט פאַרלוירן דעם מוט. מן הסתם — פלעגט ער זיך טרייסטן — בין איך נאָך ניט גענוג פויל, כדי צו דערגרייכן די שטופּע פון א דיכטער . . . און זלמן האָט זיך גענומען פוילן טאָפּעלט, מיט פאַראייניגטע קרעפטן . . . ער איז ניט נאָר געוואָרן פויל צו אַרבעטן, נאָר פויל צו וואַשן זיך, פויל זיך איבער־צוטאָן, פויל צו שייוון זיך — הקיצור, פויל צו אַלצדינג.

אָבער דערפאַר איז זיין מיסעס ניט געווען פויל (ניט אַלע פאַרמאָגן דאָך פּאָעטישע נשמות...) און האָט אים געמאַכט צום מופן. האָט דאָס דער־הערט דער גראָסערי־מאַן, בא וועמען ער האָט שוין פאַר א לאַנגע צייט גע־באָרגט זיינע עסנס, און האָט אים אויפגעהערט באָרגן. נאָר זלמנ'ען האָט דאָס ניט געקימערט. פאַרקערט, זלמן איז געווען שטאָלץ; זלמן האָט אָנגע־קוואָלן פון זיך אַליין — ענדליך וועט ער שטעהן אויף איין שטופּע מיט די גרעסטע פּאָעטן. . . .

און ליגנדיק אין פּאַרק אויף א האַרטער באַנק, ניט קיין געגעסענער, פלעגט זיך זלמן טרייסטן, ריידן צו זיך אַליין: זלמן, דו וואַקסט, דו וואַקסט א גרויסער מאַן! . . .

# דער „וועלט פאַרזאָרגער"

לאָמיר איך פאָרשטעלן א נייעם טשיקאָוון פאַרשוין, מיט וועלכן מיר איז אויסגעקומען זיך צו באַקענען דאָ ניט לאַנג צוריק אין איינער פון די אידישע קאַפעטעריעס אויף דער עוועניו.

א צופּאַטעלטער, מיט צושויבערטע האָר, און רויטע פאַרשלאָפענע אויגן, איז ער געזעסן בא א טישל, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויףביידע הענט, און געזיפצט אויף א קול. . . .

— ווער איז דער מאַן, און וואָס זיפצט ער אַזוי? — האָב איך א פרעג־געטאָן דעם אייגנטימער.

— אָט דער אָ? — האָט זיך דער רעסטאָראַן־קיפּער צולאַכט — וואָס־זשע, איר קענט אים ניט? דאָס איז דאָך גדליה דער „וועלט־פאַרזאָרגער". . . . אָט

אַזוי זיצט ער דאָ אָפּ טעג מיט נעכט און וויל ניט אַהיימגייען. אדרבא, קומט צו מיט מיר צו זיין טישל. פאַר אַ טעפּעלע קאַווע ווערט ער באַרעדעווודיג. . . .

ער האָט אָנגעגאָסן דריי טעפּעלאַך קאַווע און צוגעטראָגן צו גדליה׳ס טישל, און מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט.

— נאַ, גדליה — רוקט אים צו דער רעסטאַראַן־קיפּער אַ טעפּעלע — טרינק. דו זעהסט אויס שלעכט. . . .

— ווען איר האָט מיינע זאָרגן — ענטפערט גדליה און רוקט צו דאָס טעפּעלע קאַווע צו זיך — וואָלט איר אויך ניט בעסער אויסגעזעהן. . . .

— וואָס זאָרגט איר זיך עפּעס מער פון אַלעמען? — האָב איך אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט.

כאַ, כאַ, כאַ — האָט זיך גדליה צולאַכט, און מיך אָפּגעמאָסטן ווי איך וואָלט געווען אַ יאָלד — אַ שעהנע פראַגע . . . מיסטאָמע קאָנט איר ניט גדליה׳ן. איך בין ניט אַזוי ווי איר און אַלע אַנדערע מאַטעריאַליסטן, וועלכע זאָרגן זיך נאָר פאַר זיך. . . . מיינע אייגענע זאָרגן האָב איך אין ד׳ערד . . . גדליה זאָרגט זיך פאַר דער גאַנצער וועלט, מיט כל ישראל אינאיינעם. . . . איצט פאַרשטעהט איר שוין פאַרוואָס איך זעה אַזוי אויס? . . . דער קאָפּ ווערט דאָך מיר צושאָסן אויף שטיקער. . . .

— אפשר האָט איר גענומען אויף זיך אַ צו־שווערע אויפגאַבע? — האָב איך אים ווייטער געצויגן פאַר׳ן צונג — נאָך אַלעמען זיינען דאָך פאַראַן נאָך אַ פּאָר מענטשן וועלכע פּרובירן פאַרזאָרגן די וועלט; אַ שטייגער, טרומאַן, עטלי, און נאָך אַ פּאָר. . . .

— מיט פרעמדע הענט איז גוט פייער צו שאַרן — האָט זיך גדליה צוהיצט — נאָר, גאָרניט . . . איך האָב ניט דאַגעגן אַז זיי זאָלן מיר העלפן זאָרגן, אָבער די הויפּט זאָרג פאַלט אויף מיין קאָפּ. . . . וואָלט איך געווען רייך, וואָלט איך געדונגען מענטשן זיי זאָלן מיר העלפן זאָרגן פאַר דער וועלט . . . אַזוי אָבער, מוז איך דאָס טאָן אַליין. . . איר האָט אפשר נאָך אַ טעפּעלע קאַווע? . . . קאַווע צורייצט די נערוון, און עס מאַכט מיר גרינגער דאָס זאָרגן זיך. . . .

דער רעסטאַראַן־קיפּער האָט אים אונטערגעטראָגן נאָך אַ טעפּעלע קאַווע, און איך האָב אים ווידער אַ פרעג געטאָן:

— און וואָס איז מכוח פּרנסה, מאַכן אַ לעבן, איר האָט דאָך אַ ווייב, קינדער, ניין? . . .

— איר רעדט, זייט מיר מוחל, ווי אַ בורזשוי . . . ווי אַ גראָבער מאַטעריאַליסט — איז גדליה געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער — איך טריי צו פאַרזאָרגן די גאַנצע וועלט, זאָל איך זיך נאָך זאָרגן פאַר אַ ווייב מיט קינדער? . . . אַביסל

## טיפן און פאַרשווינגען

זאָרג מעג דאָך א ווייב אויך האָבן אויפ'ן קאָפּ . . . נו, זאָל זי זיך זאָרגן פאַר'ן הויז. . . . איך האָב פיינט אַז מען באַדערט מיך מיט אַזעלכע נאַרישקייטן. . . . דערפאַר טאַקע זיץ איך דאָ און גיי ניט אַהיים.

— אָבער א מענטש דאַרף אַרבעטן — האָט דער רעסטאַראַן־קיפּער זיך אַריינגעמישט.

— אַרבעט געזונטערהייט, ווער לאָזט אייך ניט? — איז גדליה געוואָרן אויסער זיך — אַז איר וועט נאָך אַמאָל ריידן צו מיר אייערע מאַטעריאַליסטישע רייד, וועל איך אויפהערן אַריינקומען אַהער. . . . גיט מיר שוין נאָך א טע־פּעלע קאַווע . . . ס'מאַכט ניט, איר וועט אָרימער ניט ווערן. . . . איך גיט סאַי־ווי ניט קיין קרים אין דער קאַווע . . . ער מיינט איך ווייס ניט. . . . ניש'־קשה, איך בין א מבין . . . איך בין שוין אויסגעזעסן אין א וועלט מיט רעס־טאַראַנטס. . . . א „גווירוו" פון א מענטשן, מיך צו שיקן אַרבעטן. . . . אדרבא, ווען האָב איך צייט צו אַרבעטן? . . . איך דאַרף דאָך פאַרזאָרגן א וועלט. . . .

— און ווי אַזוי רעכנט איר צו פאַרזאָרגן די וועלט? — האָב איך אים א קיבעץ געטאָן.

— אָט האָסטו דיר! — האָט זיך גדליה א כאַפּ געטאָן פאַר'ן קאָפּ — טאָמער איז מיר ניט געווען גענוג די זאָרג פון דער גאַנצער וועלט, דאַרף איך זיך נאָך איצט זאָרגן ווי צו פאַרזאָרגן די וועלט . . . דאָס איז א נייע זאָרג אויף מיין קאָפּ . . . אָן א טעפּעלע קאַווע קאָן איך גאָרניט טראַכטן דערפון. . . .

דער רעסטאַראַן־קיפּער איז געגאַנגען אים אָנגיסן נאָך א טעפּעלע קאַווע, און איך האָב אים איבערגעלאָזט זיצנדיק ביים טיש, וואו ער זיצט נאָך. . . .

אויב איר גייט אַמאָל אַריין אין דער קאַפּעטעריע און איר טרעפט דאָרטן גדליה'ן, דעם „וועלט־פאַרזאָרגער", מעגט איר זיך צוזעצן בא זיין טיש. אים העלפן די וועלט פאַרזאָרגן קאָנט איר טאַקע ניט, אָבער א טעפּעלע קאַווע וועט ער פון אייך נעמען. . . .

## גיט אַ שמייכל

# ער פּעדלט מיט אידעאַלן

כאַפּט מיך אָן די וואָך אַ איד אויף דער עוועניו, און פאַרפירט מיט מיר אַ שמועס:

— איר זיינט עס דער עקטער וואָס שרייבט אין „פאָרווערטס"? איך האָב אייך דערקענט פון דער „פּיקטשור" אייערער. וואו האָב איך זי געזעהן? דוכט זיך אין דער „גאַלעריע פון פאַרשוואונדענע מענער". . . . איר שרייבט ניט שלעכט, נאָר עס פעלט אייך אַן אידעאַל. . . .

— ווער זיינט איר? — פרעג איך דעם אידן, וועלכער זעהט מיר אויס צו זיין אַ טשיקאַווער פּאַרשוין — און וואָס איז אייער באַשעפטיגונג?

— אָט וועגן דעם וויל איך טאַקע ריידן מיט אייך — ענטפערט דער איד מיט אַ וויכטיקער מינע — איך האַנדל מיט אידעאַלן. . . .

— וואָס איז דאָס פאַר אַ סחורה? — פרעג איך אים, מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן — און ווער זיינען אייערע קאַסטאַמער?

— דאָס איז דאָך די צרה — זיפצט אָפּ דער איד — וואָס אויף אידעאַלן זיינען היינטיקע צייטן ניט פאַראַן קיין בעלנים. . . . עך, מיט דרייסיק יאָר צוריק איז עס געווען אַנדערש. . . . אין ניו־יאָרק, אויף איסט בראָדוויי האָט עס געשוויבלט און געגריבלט מיט פּאַרטייען — ציוניסטן, פּועלי ציוניסטן, סאָציאַליסטן, טעריטאָריאַליסטן, אַנאַרכיסטן, און אַנדערע איסטן. . . . די אַלע פּאַרטייען האָבן זיך געגנויטיקט אין לאָזונגען, און עס איז געווען לייכט פאַר מיר אויסצוגעבן מיינע אידעאַלן. . . . איך בין געלאָפן פון איין מיטינג צום אַנדערן, פון איין רעסטאָראַן אין אַנדערן — יעדער פּאַרטיי האָט זיך געהאַט איר רעסטאָראַן וואו די מיטגלידער פלעגן קומען עסן — און אַז איך בין אריינגעקומען אין אַ רעסטאָראַן און אַ זאָג געטאָן: חברים, איך האָב אויסגעאַרבעט פאַר אייך אַ נייעם אידעאַל — האָט מר קיין עסן ניט געפעלט . . . איידער איך האָב פאַר זיי אַנטוויקלט מיין נייעם אידעאַל, בין איך פאַרטיק געוואָרן מיט אַ גוטן דינער. . . . אָבער איצט איז מיר ניט גוט . . . די וועלט איז צו מאַטעריאַליסטיש . . . און איך טראָג זיך אַרום מיט מיינע אידעאַלן. איר זעהט מיינע פּאַקעטס? זיי זיינען אָנגעשטאָפּט מיט אידעאַלן. . . . באַ מיר אין הויז, איז דאָך שוין אָפּגערעדט — אידעאַלן וואַלגערן זיך ממש אונטערן בעט. . . . מיינע סטראַשעט מיך, אַז אויב איך וויל ניט גיין אַרבעטן, וועט זי מיך אַרויס־

ווארפן פון הויז מיט די אידעאַלן. . . . אזוי זיינען זיי שוין די ווייבער, מאַטעריאַליסטיש געזאָגנען. . . . „וואָס טויג מיר — זאָגט זי — דיינע אידעאַלן, אז איך גיי אָן אַ קלייד? . . .״ אַ אידענע בלייבט אַ אידענע.

— קענט איר דאָך איר צוליב טאָן — ווארף איך אַריין אַ וואָרט — און גיין אַרבעטן?

— און פאַרשוועכן מיינע אידעאַלן? — מעסט מיך אָפּ דער איד מיט אַ גזלנ׳ישן בליק — ניט איך. . . . דאָס וואָלט געווען פון מיין זייט ניט אידעאַליסטיש. . . . דרייסיק יאָר אַז מען אַרבעט אָפּ ביי איין פאַך, איז שווער אויף דער עלטער זיך צו נעמען צו עפּעס אַנדערש. . . .

— וואָס־זשע דענקט איר פאַרט צו טאָן? — גיי איך אַריין אין זיין לאַגע.

— איך וואַרט אַז די מלחמה זאָל זיך ענדיקן — מאַכט דער איד — און דאַמאָלסט וועט מען מיין סחורה פאַרצוקערן. . . . די וועלט וועט דאַמאָלסט זיין מער אידעאַליסטיש און זי וועט זיך לייכט אָנכאַפּן אָן נייע אידעאַלן. . . . איך אַרבעט איצט אויף אַ אידעאַל פאַר דער יוגנט אונזערער נאָך דער מלחמה. איר ווייסט דאָך, היינטיקע צייטן איז אונזער יוגנט צורודערט, צושרויפּט, גלויבט שוין קיינעם ניט. . . . אַ סך יונגוואַרג ווערט איצט צולאָזן צופּיל. . . . זעכצן און זיבעצן יאָריקע באָיעס און מיידלעך פאַרדינען מער געלט וויפּיל זייערע טאַטעס האָבן ווען עס איז פאַרדינט, און נאָך דער מלחמה וועט דאַריבער זיין אַ גרויסער יוגנט פּראָבלעם, אַרבעט איך איצט אויף אַ נייעם יוגנט אידעאַל. איך האָב שוין געשריבן וועגן דעם קיין וואַשינגטאָן, נאָר קיין ענטפער האָב איך נאָך ניט געקראָגן. . . . מיין אידעאַל איז, אַז מ׳זאָל אָפּשאַפן מלחמות . . . מ׳זאָל געבן דער יוגנט אַ „טשענס״ זיך צו עלטערן . . . און אַזוי אַרום וועט שוין מילא ניט זיין קיין יוגנט־פּראָבלעם. . . . אַ געניאַלער געדאַנק, ווי מיינט איר? עס איז מיר נאָר אַ חידוש וואָס וואַשינגטאָן האָט מיר נאָך ניט געענטפערט. איר ווייסט? אַ שרייבער דאַרף אויך האָבן אַן אידעאַל . . . עס וועט אייך צוניץ קומען. . . .

— וואָס פאַר אַ אידעאַל, אַ שטייגער, האָט איר פאַר מיר? — פרעג איך אים.

— קומט אַריין מיט מיר דאָ אַנטקעגן אין דער קאַפעטעריע, וועל איך אייך איבערגעבן דעם אידעאַל — מאַכט דער איד — און נעמט מיר גלייך אונטערן אָרם און פירט מיך. . . .

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט בא אַ טישל, און איך האָב אים געהייסן עפּעס אָרדערן.

— איך בין ניט הונגעריג — זאָגט ער — נאָר אַז איר בעט מיך, וועל איך עפּעס נעמען.

ער האָט זיך אָפּגעזאַמט ביים קאַנטער אַ פופצן מינוט, און איז צוריק־

## גיט אַ שמייכל

געקומען צום מישל מיט אַ טאַץ אויף וועלכן עס האָט זיך געפונען געהאַקטע לעבער, אַ סטייק מיט פרענטש־פּראַיד פּאַטייטאָס, געקאָכטע פלוימן, און טיי מיט קעיק.

— ווי איר זעהט — מאַכט ער — בין איך ניט קיין גרויסער עסער . . . איך עס נאָר די נשמה צו דערהאַלטן — און ער האָט גענומען קייען אויףביידע באַקן. . . .

— און איצט זאָגט מיר עפּעס וועגן אייער אידעאַל, וואָס איר האָט פאַר מיר — האָב איך אים געבעטן.

— אַ שרייבער ווי איר — ענטפערט ער מיט אַ פולן מויל — האָט געמעגט האָבן אַביסל מער טאַקט, און ניט באַדערן אַ מענטשן אין מיטן עסן . . . דער אידעאַל וועט ניט אַנטלויפן . . . אָבער דער סטייק וועט קאַלט ווערן. . . . דאָ האָט איר מיין ביל, און אויב איר האָט צייט מאָרגן, טרעפט מיך דאָ, אין דער זעלבער קאַפעטעריע, וועל איך אייך שוין איבערגעבן דעם אידעאַל. . . .

טאָמער טרעפט איר דעם אידן אַמאָל אין דער קאַפעטעריע, זאָלט איר וויכן פון אים, ווארים זיין אידעאַל וועט אייך קאָסטן אַ דאָלער מיט ניינציג סענט.

# כ׳האָב פיינט פעברואַר

דער מאָנאַט פעברואַר האָט זיך מיר אַזוי איינגעגעסן אין די ביינער (און מיסטאָמע אייך אויך...), אַז איך האָב שוין געוואַרט אויף זיין לעצטן טאָג, פונקט ווי אַ איד וואַרט אויף משיח׳ן.... און ווען זיין לעצטע שטונדע האָט געשלאָגן, בין איך צוגעגאַנגען צום קאַלענדאַר און אַ ריס־געטאָן דאָס בלעטל פעברואַר מיט אַזאַ כעס, אַז דאָס לאַכנדיקע מיידל אויפ׳ן טאָוול פון מיין קאַלענדאַר האָט זיך אַזש פאַרקרימט....

— סאָם נוירוו! — האָט זי אויסגערופן — האָסט מיך שיער אומגעוואָרפן....

— עקסקיוז מי — האָב איך געענטפערט, נאָך אַלץ מיט רוגזא — צו דיר האָב איך גאָרניט... ביזט אַ שעהן מיידל... נאָר אים קען איך ניט אָנקוקן — האָב איך איר אָנגעוויזן אויף דעם בלעטל, וואָס איך האָב נאָך געהאַלטן אין האַנט....

— פאַרוואָס? — האָט זי מיך געפרעגט מיט מיידלשער טראַציגקייט.

— פאַר אַ סך זאַכן — האָב איך זיך צעלאָזט נאָך מיט מער כעס — און גלויב מיר, אַז ניט פאַר זיין שעהנעם פּנים.... ווען עס ווענדעט זיך אָן מיר, וואָלט איך אים אויפ׳ן קאַלענדאַר ניט אַרויפגעלאָזט.... איך ציטער פאַר אים, אַקוראַט ווי סטאַלין ציטערט פאַר אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן....

— איך פאַרשטעה ניט וואָס דו רעדסט — האָט מיין שעהנע מיידל אויפ׳ן קאַלענדאַר געזאָגט מיט אַ נאַאיוון טאָן — איך ווייס נאָך אַלץ ניט וואָס פאַר אַ שלעכטס פעברואַר האָט דיר געטאָן....

— פלענטי! — האָב איך אויסגערופן, נאָך אַלץ ניט קאָנטראָלירנדיק מיין כעס — דו ביזט נאָך יונג, מיידעלע, דו זעהסט אים מיסטאָמע צום ערשטן מאָל... ווייסטו ניט וואָס פאַר אַ מאַשעניק, וואָס פאַר אַ קונדס, אַ קאַטאָוועס־טרייבער ער איז.... אָבער איך קאָן זיך שוין מיט אים היפּשע יאָרן... און איך ווייס אויף וואָס פאַר אַ שטיק ער איז פעהיג.... ער איז פונקט ווי אַ דיקטאַטאָר וואָס לויפט פאַר פּרעזידענט... ער נאַרט דיך אַריין מיט אַביסעלע זונען־שיין, דערנאָך דערלאַנגט ער דיר אַ פּריטשמעליע מיט אַ שניי־שטורם.... ער צווימט־איין פאַר אַ ווייל די בייזע כחות וואָל העלפן אים בושעווען, און דו מיינסט אַז ער ווערט שוין אַ מענטש מיט לייטן גלייך... אַנשטענדיק... אָבער ניט אויף לאַנג.... באַלד טראָגט ער דיר אונטער אַ געמיש פון אַלע

## גיט אַ שמייכל

בייזע קרעפּטן, פון אַלע בייזע נאָמור כחות אין איין קאָשע — שניי, רעגן, אייז, און אַ גליטש אויף גע׳הרג׳עט צו ווערן. די שעה זאָל ניט זיין — און דאָס אַלץ טוט ער דיר אָפּ אַזוי אומגעריכט, אַז דו האָסט ניט קיין „טשענס” זיך צו באַוואָרענען געגן אים. . . . איצט ווייסטו שוין פאַרוואָס איך בין אַזוי גערן פּטור צו ווערן פון אים?

— וועל, האָט דאָס מיידל אויף מיין קאַלענדאַר מיר געענטפערט צוריק מיט איר ליבליכן שמייכל — איך האָב דאָס ניט געוואוסט. . . . כאָטש מיר איז אויך אַ סך מאָל קאַלט געוואָרן קוקנדיק אויף אים . . . האָב איך ניט געוואוסט פאַר וואָס. . . . איצט ווייס איך. . . .

— ניין! — האָב איך איר פאַרזיכערט — דו ביזט נאָך צו־יונג צו וויסן. ווען איך בין געווען אין דיינע יאָרן, האָב איך אויך ניט געוואוסט, אָדער איך האָב זיך ניט אומגעקוקט אויף דעם דאָזיקן חברה׳מאַן. . . . איך בין אַליין געווען יונג און „פּלענטי” געבושעוועט . . . האָט מיך ניט געאַרט אַז פעברואַר בושעוועט אויך. . . . אָבער איצט, מיין יונג מיידעלע, איז ניט וואָס אַמאָל איז געווען . . . איך קאָן ניט זעהן ווי אַנדערע בושעווען . . . און דערפאַר האָב איך אַזוי פיינט דעם פעברואַר. . . .

— אויב דו האָסט אַזוי פיינט דעם פעברואַר — האָט מיין מיידעלע אויפ׳ן קאַלענדאַר גענומען מישן די אַנדערע בלעטלאַך, פּונקט ווי אַ „סעילס־לעידי” — האָב איך פאַר דיר אַנדערע מאָנאַטן . . . בעסערע . . . פריינטליכערע . . . קאָנסט אויסקלייבן. . . .

— אַ שעהנעם דאַנק — האָב איך איר צוגעשמייכלט — איך וועל נעמען וועלכן מאָנאַט דו וועסט מיר געבן, אַבי נאָר ניט פעברואַר. . . .

— גוט! — האָט דאָס מיידל צוגעשטימט — אויב אַזוי וועלן מיר געהן כסדר. . . . לאָמיר אָנפאַנגען מיט מאַרטש. דו ווייסט? ווען דו ביזט ניט בייז, זעהסטו אויס נאָך גאַנץ יונג . . . און ווען דו שמייכלסט קאָן מען דיך ליב האָבן אויך. . . . אפשר וואָלסטו געמאַכט אַ „דעיט” מיט מיר? . . .

מילא, וואָס זאָל איך אייך זאָגן, מיינע פריינט? איך האָב אין יענעם מאָמענט געוואָלט צולויפן צום ליכטיקן מיידל אויפ׳ן קאַלענדאַר און איר אַרומ־כאַפּן מיט יענעם יוגנטליכן ברען, מיט וועלכן איך האָב אַמאָל געבושעוועט. . . . איך האָב זיך אָבער צוריקגעהאַלטן . . . זומער און ווינטער זיינען ניט קיין פּאָר. . . . איך האָב איר נאָר געבעטן צו וואַרטן ביז׳ן פרילינג . . . פּילייכט וועט דער פרילינג מיר צוריקברענגען די כחות וואָס פעברואַר נעמט פון מיר אַרויס. . . . טייערע, ליכטיקע מיידעלע! האָסט געוואַרט אַזוי לאַנג, וואַרט־זשע ביז׳ן פרילינג. . . .

# די ציפער און זייער קאָנווענשאָן

וואָלט איר דאָס ווען אין אייער לעבן געגלויבט, אַז אונזער אַריטמעטישער אַלף־בית, דאָס הייסט, די אַלט־באַקאַנטע ציפערן פון איינס (1) ביז נול (0), וועלען האָבן אַ מיטינג צווישן זיך מיט׳ן צוועק זיך אָפּצורייסן איינס פון די אַנדערע? . . . איאָ, איר קוקט מיך אָן און גלויבט ניט. . . . עס איז אָבער אַ פאַקט! . . .

געראָפן דעם מיטינג האָט צום אַלעם ערשטן טאָקע דער נומער איינס (1), וועלכער האָט זיך אַליין אָפּאָינטעט אַלס טשערמאַן, און דער נומער (2), וועלכער איז שוין במילא געוואָרן סעקרעטאַר. . . .

דערהערט פון אַזאַ מיטינג, זיינען די איבעריקע ציפערן געקומען צולויפן הענדום־פּענדום, אַ חוץ ברודער נול (0), וועלכער איז געקומען דער לעצטער.

— וואָס טוט זיך דאָ? — האָט נול (0) געסאָפּעט אַ פאַרשוויצטער — כ׳האָב איבערגעלאָזט אַזויפיל ביכער ניט צוזאַמענגערעכנט . . . וואָס עפּעס אַ מיטינג אין מיטן דערינען? . . .

— די ביכער וועלן זיך באַגעהן אָן אייך — האָט דער טשערמאַן נומער איינס (1) געקלאַפּט מיט׳ן האַמער — פאַרגעסט ניט דערווייל. אַז איר זיינט בלויז נול (0) . . . כאַ־כאַ־כאַ! . . .

אַלע ציפערן, אַ חוץ נול (0), פאַרשטעהט זיך, האָבן זיך צולאַכט און דער טשערמאַן האָט, איינשטעלנדיק „אָרדער״, אָנגעהויבן אין אָן ערנסטן טאָן:

— ברידער — האָט נומער איינס גע׳טענה׳ט — עס איז שוין אַ שעהנע פּאָר הונדערט יאָר ווי מיר האַלטן זיך צוזאַמען . . . קיינמאָל ניט געמאַכט אַ שריט איינער אָן דעם אַנדערן. . . . געהאַט גוטע און שלעכטע צייטן, אָבער שטענדיק זיך געריבן אַ פּלייצע אָן אַ פּלייצע. . . . איצט, מיט דער שטייגנדער כוואַליע פון אינפלאַציע איבער דער גאַנצער וועלט, דענק איך, אַז מיר דאַרפן מער ניט אָנקומען איינס צו דאָס אַנדערע . . . ווי דער אַמעריקאַנער זאָגט: „עווריבאָדי אָן היז אָון״. . . . איך שלאָג דעריבער פּאָר, אַז מיר זאָלן זיך אויפלייזן. . . . אַזוי ווי איך בין נומער איינס (1), וואָוט איך דערפאַר דער ערשטער . . . איך וועל זיך שוין אַליין אַן עצה געבן . . . איר ווייסט דאָך, מ׳קען ניט זאָגן צוויי איידער מ׳זאָגט איינס. . . .

— איך שטים איין מיט ברודער איינס — האָט זיך אָפּגערופן נומער

## גיט אַ שמייכל

צוויי — איך קען זיך אויך באַגעהן אַליין . . . איך בין ניט קיין פאַרשלאָפענער . . . „אַי קען אַלוועיז פוט טו ענד טו טוגעדהער".. . .

— וואָס אנבאַלאַנגט מיך — האָט זיך אָפּגערופן נומער דריי — האָט איר באַ מיר געפועלט . . . איך וועל אויך ניט פאַרפאַלן ווערן. . . . איר ווייסט דאָך, אַז דאָרט וואו צוויי, בין איך אַ דריטער . . . כאַ־כאַ־כאַ ! . . .

— וועל — שלאָגט אים איבער נומער פיר — אויב עס איז גוט פאַר אַלעמען, איז עס גוט פאַר מיר אויך. איך בין אויך ניט קיין שיפּע זיבעלע. . . . איר ווייסט דאָך, אַז דער אַמעריקאַנער זאָגט: „פוט טו ענד טו טוגעדהער ענד איט מעיקס פאָור". . . . מיך אַרט ניט אַז מיר וועלן זיך פאַנאַנדערטיילן. . . .

— דזשאַסט עי מינוט! — האָט נול (0) אויסגעשריען אויף דער העכסטער אָקטאַווע און זיין קיילעכדיקע פיגור האָט זיך נאָך מער אָנגעבלאָזן — קוק זיי נאָר אָן, ווי לייכט זיי ריידן זיך פון פאַנאַנדערטיילן זיך. . . . גאַנצע קנאַקערס, איבערהויפּט דער טשערמאַן . . . אַ יחסן — ער איז דאָך נומער איינס, געהט אַלע מאָל דער ערשטער. . . . ווען איך שטעל זיך ניט הינטער אים, קען ער דאָך אַפילו קיין מנין ניט מאַכן. . . . אַזוי מיט אייך אַלע. אַ שעהנעם ווערט האָט איר אָן מיר . . . ווען מ'נעמט אַרונטער איינעם פון אייך פון דעם אינקאַם טעקס, איז אַ קנאַפּע מציאה, ווען מ'נעמט אָבער מיך אַרונטער פון טעקס, סעיפט מען זיך אַ הונדערטער, און אַמאָל אַ טויזנטער . . . פונדעסטוועגן וויל איך אַז מיר זאָלן „סטיקן" צוזאַמען. . . .

— ברודער נול — האָט דער טשערמאַן געגוואַלדעוועט — האָט אַ פערזענליכן אינטערעס אַז מיר זאָלן „סטיקן" צוזאַמען . . . ווייל אָן אונז בלייבט ער אַליין גאָרניט. . . .

— לאָזט מיך אויך נעמען אַ וואָרט אין דער פראַגע — האָט זיך אָפּגערופן נומער פינף (5) און פאַרדרעהט דאָס היטל אויף אַ זייט — אַזוי ווי איך בין דער מיטלסטער אין דער משפּחה, ווערט איר זיך מוזן גוט צוהערן צו מיר . . . זייענדיק דער מיטלסטער, בין איך אומפּאַרטייאיש. ברודער נול האָט רעכט, מיר מוזן זיך האַלטן צוזאַמען. . . . איך גיב צו, אַז יעדער איינער פון אונז קען זיין שטעטל אַליין באַשטעהן. צוזאַמען זיינען מיר אָבער פאַרט אַ גרעסערער כח . . . צוזאַמען איז אַפילו ברודער נול אַ גרויסע קראַפט, ניט נאָר פאַר זיך. נאָר פאַר אונז אַלע. . . . איך ווייס ניט ווער עס האָט אַמאָל געזאָגט, אַז אין „אייניגקייט ליגט מאַכט" . . . כ'בין געווען אַלע מיינע יאָרן אַזוי פאַרנומען מיט חשבונות, אַז איך ווייס ניט ווער דאָס האָט געזאָגט . . . אָבער געזאָגט האָט דאָס אַ קלוגער מענטש. . . . די צרה איז, וואָס מיר האָבן מיט אונז אַ פאָר יחסנים, וועלכע שטעהען אַלעמאָל פון פאָרנט, און באַ דער ערשטער געלעגנהייט ווילן זיי אַנטלויפן. . . .

— בראַוואָ! — האָט אונטערגעכאַפּט נומער זעקס (6) — אָט דאָס זיינען דיבורים!... ברודער פינף האָט אַלע מאָל אַ לאָגישן שכל, כאָטש דער קאָפּ איז אים אויף אַ זייט.... איך מאַך אַ פאָרשלאַג, אַז מיר זאָלן בלייבן ווי געוועז....

— אונטערשטיצט! — האָט אונטערגעכאַפּט נומער זיבן (7) ווי אַ נע־בעכל... און אים האָבן אונטערגעהאַלטן אכט (8), ניין (9) און נול (0)....

בקיצור, עס איז געקומען צו אַן אָפּשטימונג, און אַזוי ווי די מאַיאָריטעט איז געווען דערפאַר, אַז אַלץ זאָל בלייבן ווי געוועזן, האָט דער טשערמאַן, נומער איינס (1), אַביסל אַ ברוגז'ער, געשלאָסן דעם מיטינג, און אַלע נומערן זיינען אַרוים פון מיטינג צוזאַמען.... אָבער נומער איינס איז אַלץ געגאַנגען דער ערשטער, און ברודער נול האָט זיך נאָכגעשלעפּט פון הינטן....

באַט, וואַט קען יו מאַך?... קיין הונדערט פּראָצענט יושר איז נאָך אויף דער וועלט ניטאָ....

גיט אַ שמייכל

# געפלויגן און פליגלען

צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן בין איך געפלויגן מיט אַן עראָפּלאַן. און וואָס זאָל איך אייך זאָגן? מיין קאָפּ איז נאָך אַלץ אין די הימלען, כאָטש איך שטעה שוין צוריק מיט ביידע פיס אויף דער ערד. . . .

ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינער אינגל, האָבן קיין שום אַנדערע מעשות ניט געריייצט אַזויפיל מיין פאַנטאַזיע ווי די מעשות פון דעם בעל שם טוב. . . . עפּעס אַ קליינינקייט, אַ מענטש איז אַ רואה ואינו נראה . . . ער זעהט אייך, אָבער איר אים קענט ניט זעהן. . . . און אַז ער וויל, באַווייזט ער אַ קונץ פון קפיצת הדרך . . . אָט איז ער, דוכט זיך, ערשט געשטאַנען לעבן אייך, און ער איז שוין ניטאָ . . . פאַרשוואונדן, אַוועקגעפלויגן. . . . איך האָב דעם בעל שם דעמאָלט מקנא געווען, פונקט ווי איך האָב מקנא געווען די פויגעלאך, וועלכע פליהען איבער אַלע דעכער און דערגרייכן אַזש די וואָלקנס. . . . „איז, וואו נעמט מען פליגלען?" האָט מיין קינדערשע פאַנטאַזיע געוויינט אין מיר . . . עס ווילט זיך אַזוי שטאַרק וויסן וואָס עס טוט זיך אויף דער אַנדער זייט פון די וואָלקנס. . . . און פאַרוואָס זאָל אַ פויגעלע קענען זיין נעהענטער צו גאָט ווי אַ מענטש? . . .

אָבער כאָטש איך האָב ניט געהאַט קיין פליגלען, בין איך מיט מיין קינ־דערשער פאַנטאַזיע געפלויגן אַזש ביז צום זיבעטן הימל . . . (קען זיין, אַז דערפאַר טאַקע האָב איך זיך גענומען צו אַזעלכע לופטיקע פּרנסות, ווי טעַ־אַטעריי און שרייבעריי . . .).

און אָט פּאַסירט אַ נס; ניין, ניט קיין איבערנאַטירליכער נס פון אַ שם המפורש, מיט וועלכן מ'קען פּראַווען קפיצת הדרך . . . נאָר אַ נס פון דער מאָ־דערנער טעכניק, וועלכע האָט עס מעגליך געמאַכט אַז די פויגעלעך זאָלן מקנא זיין דעם מענטש . . . און איך פליה. פון אָנהויב, ביים אויפהויבן זיך אין דער לופטן, גיט עס אייך אַביסל אַ קיצל אונטער דער לעפּעלע, אַקוראַט ווי ווען איר פאָרט אַרויף מיט אַן עלעווייטאָר צו אַ הויכער געביידע. . . . אָבער ווען איר זייט שוין אויבן, דערפילט איר אין זיך אַן אומבאַשרייבליכע פרייד, וואָס, דוכט מיר, נאָר מלאכים פילן דאָס. . . . גיט נאָר פילט איר זיך ווי אַ טייל פון מעשי בראשית, ווי אַ נישטיק פינטעלע אין דעם גרויסן יוניווערז,

נאָר פאַרקערט, איר הויבט אָן קוקן אויף זיך ווי אויף אַ העכערן וועזן . . . ניט נאָר ווי אַ באַשאַפענער, נאָר ווי אַ מיט־שעפער. . . . עפּעס אַ קליינינקייט! איך, בנימין בן אברהם־משה פון סוואוואלקער גוּבערניע (קראַסנעפּאָליע, פאַר אייער אינפאָרמאַציע), באַהערש נאַטור'ס עלעמענטן . . . איך פליה אין די וואָלקנס, אריבער די וואָלקנס, שנעלער ווי די פויגעלעך, וועלכע פלעגן פליהען איבער אונזער דאַך אין קליינעם שטעטל. כאַ־כאַ־כאַ . . . אוי, ווען זיי זעהען מיך איצט! . . . און אָט פליה איך איבער די וואָלקנס . . . אונטער מיר אַ ווייסער ים פון וואָלקנס, וועלכע קוקן אוים ווי פאַרשנייטע בערג ביים נאָרד־פּאָל. איבער מיר אָבער שיינט די זון. און ווי הערליך זי שיינט! צי ווייסן די מענטשן אויף דער ערד דאָרטן, אַז אויף דער אַנדער זייט פון די וואָלקנס שיינט ווידער די זון? . . . קען זיין ווען זיי ווייסן דאָס, וואָלטן זיי ניט אַרומ־געגאַנגען אַזעלכע פאַרכמורעטע. . . . אָבער ווער האָט עס איצט צייט צו טראַכטן פון די באַשעפענישן אויף דער ערד, ווען דאָ, אויבן, איז אַזאַ ליכ־טיקער און אומענדליכער הימל? . . . און די בלאָנדע מיידל, די סטואַרד, וועלכע שמייכלט צו איך, קוקט אוים ווי אַן אַמאַזאָנקע, פון ערגעץ אַ ליכטיקן שטערן. . . . איך באַטראַכט מיינע פּאַסאַזשירן. עפּעס קוקן זיי מיר אוים גאָר אַנדערע מענטשן, גאָר אַן אַנדער קוק . . . זיי האָבן פאַרלאָרן זייער ערדיש־קייט. . . . פיליכט איז דאָס צוליב דעם געפיהל, אַז אין דעם מאָמענט טיילן מיר אַלע דעם זעלבן גורל — אַז טאָמער, חלילה, עפּעס זאָל פּאַסירן, וועלן די געטער ניט איבערקלייבן צווישן דעם וואַשינגטאָנער סענאַטאָר, וואָס זיצט לעבן מיר, און מיר. . . . אויב אַזוי, וואָלט איך געראַטן מענטשן — אַלע מענטשן — אַז זיי זאָלן זיך נעמען צום פליהען, וועלן זיי פאַרשפּאָרן זיך אַרומ־רייסן אויף דער ערד. . . . וואָס אַנבאַלאַנגט מיך, — איך בלייב שוין אַ פליהער. (למען השם, זאָגט ניט אוים מיין שעוואָלעיקע, איך וויל איר ניט וועה טאָן).

יאָ, מיינע פריינט, אַנקוקנדיק דעם ליכטיקן הימל אויף דער אַנדער זייט פון די וואָלקנס, האָט זיך מיר ערשט געוואָלט ווייסן, אַ שטייגער, ווי ליכטיק עס דאַרף שוין זיין אויפ'ן זיבעטן הימל. . . . אָבער אויך דאָס האָב איך גע־זעהן, אַקוראַט ווי איך וואָלט געווען דערבּיי . . . וואָרים העכער און שנעלער פון דעם שנעלסטן עראָפּלאַן פליהט נאָך אַלץ די מענטשליכע פאַנטאַזיע. . . .

ווי וואונדערליך עס איז צו פליהען אין די הימלען אַריין! . . . עס איז שווער, כמעט אונמעגליך, צו ברענגען דעם הימל צו דער ערד . . . דערפאַר איז אַזוי גוט ווען מען דערוויטערט זיך אַמאָל פון דער זינדיקער ערד. . . .

גיט אַ שמייכל

# אַי, הערצער, הערצער!

איר האָט עפּעס ליב דאָקטוירים? מסתמא אין דער זעלבער מאָס וואָס איך. . . . בטבע טראָג איך אַ שטיקל הארץ אויף זיי . . . זיי זיינען פּונקט ווי די מעכאַניקער, וועלכע פאַרען זיך אַרום מיין שעווראָלעיקע ווען זי ווערט מכולה. . . . אַליין ווייסט איר ניט וואָס דאַרטן טוט זיך . . . דער מעכאַניקער גיט זיך כלומר׳שט אַ פּאָרקע, מאַכט דעם אָנשטעל, אַז מיט אייער מאָטאָר איז שוין אוים . . . און נאָר ער, דער מעכאַניקער, האָט געראַטעוועט אייער קאַטע־רינקע׳ס לעבן . . . און ער דערלאַנגט אייך אַ ביל . . . אַ ביל פון וועלכן עס ווערט אייך פינסטער אין די אויגן, און איר פילט אַז איר קריגט אַ שוואַך הארץ. . . . מסתמא אַרבעטן די אָטאָמאָביל־מעכאַניקער מיט די דאָקטוירים האַנט אין האַנט. . . . אָבער די וואָך, ווען איך האָב געלייענט אין די צייטונגען אַז די דאָקטוירים האָבן דערקלערט היינטיקע וואָך פאַר אַ „הארץ־וואָך", אַ סאָרט „נעשאָנאַל האָלידעי" . . . אין וועלכן די דאָקטוירים בעטן זיך באַ מיר און באַ אייך, אַז מיר זאָלן זיך דערמאַנען אַז מיר האָבן אַ הארץ, און רחמנות האָבן אויף איר . . . איז מיין הארץ אָפּגעגאַנגען אויף די דאָקטוירים. . . .

אָבער די צרה איז, וואָס די דאָקטוירים גיבן ניט קיין „פּאַרטיקולאַרס" . . . זיי רעדן נאָר פון אַ געזונט הארץ און אַ שוואַך הארץ, ווען אין דער אמת׳ן זיינען דאָ אַזוי פיל מינים הערצער וויפיל מענטשן עס זיינען דאָ. . . . אָט איך אַליין, למשל, קען אייך אויסרעכענען אַ גוטן טוצן מינים הערצער. . . .

געבראָכענע הערצער, צעקראָכענע הערצער, אייזערנע הערצער, שטיינערנע הערצער, ווייכע הערצער, גאָלדענע הערצער, און מענטשן אָן הערצער. . . . צו דער לעצטער קאַטעגאָריע באַלאַנגען לענדלאָרדס, וועלכע מאַכן זייערע טענענטס צו מופן, און פרויען וועלכע ענטפערן ניט אויף דעם פאַרליבטנ׳ס פאַרליבעניש מיט געגן־ליבע. . . . (פּראָפעסאָרן זאָגן אַפילו, אַז די דאָזיקע מינים הערצער זיינען איינס און דאָס זעלבע).

געבראָכענע הערצער האָבן דעם זעלבן מזל וואָס געבראָכענע מענטשן — קיינער באַדערט זיך ניט מיט זיי. . . . דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערן וועגן צוקראָכענע הערצער . . . אַפילו אייער אייגענע ווייב וועט אויף אייך קיין רחמנות ניט האָבן אויב איר האָט אַ צוקראָכענע הארץ . . . מעגט איר אַפילו האָבן אַן אינשורענס פּאָליסי צוזאַמען מיט דער צוקראָכענער הארץ. . . . קיינער האָט נישט ליב אַ לעמעשקע. . . .

צו דער קאַטעגאָריע פון אייזערנע הערצער דאַרפט איר צורעכענען יענע מענער באַ וועמען די ווייב, נעבאַך, בעט אַ פּאָר־קאָוט, ווייל עס איז איר קאַלט, און ער, דער מאַן, וויל זיך בעסער וואַרעמען מיט'ן באַנק־ביכל. . . .

פון שטיינערנע הערצער וואָלט איך אייגנאַנצן ניט געוואָלט רעדן. מ'דאַרף האָבן אַ געזונט האַרץ צו זיי, אָבער רעדן מוז איך, וואָרים עס זיינען, רחמנא לצלן, פאַראַן אַזוי פיל פון זיי . . . און מ'דאַרף זיך אויסהיטן פון זיי. . . .
צום ביישפּיל, מענטשן וועמען עס אַרט נישט יענעמ'ס האַרץ־ווענטאָג, יענעמ'ס טרערן; מענטשן וועמען עס אַרט ניט צרות בכלל, אידישע צרות איבערהויפּט. נאָך אַ נס וואָס עס זיינען דאָ גאָלדענע הערצער אויך, אַז ניט וואָלט גאָר שלעכט געווען. איין גאָלדענע האַרץ, צום ביישפּיל, וועגט אַריבער די שלעכטס וואָס הונדערט שטיינערנע הערצער קענען אָפּטאָן. . . .

מיט איין וואָרט, מיינע האַרץ פּריינט, עס איז גוט וואָס די דאָקטוירים האָבן איצט איינגעפירט אַ „האַרץ־וואָך". אפשר וועלן די שטיינערנע הערצער אויך אביסל רעווידירן דעם צושטאַנד פון זייער האַרץ, פּונקט ווי די מענטשן מיט די שוואַכע הערצער. און אפשר וועלן די מענטשן אָן הערצער אויסגע־פינען צום ערשטן מאָל, אַז זיי האָבן אַ האַרץ פּונקט ווי אַלע מענטשן, נאָר זי ליגט ניט באַ זיי אויף דעם ריכטיקן פּלאַץ. זאָלן אַזעלכע מענטשן געדענקען, אַז אַ שטיינערנע האַרץ קאָן אויך פּלאַצן. . . .

און צו אייך, מיינע האַרץ־פּריינט, זאָג איך: גיט אַכטונג אביסל מער אויף דער אַלטער, שוין אביסל אויסגעטראָגענער האַרץ. נעמט „קער" אויף איר. . . . געדענקט, מ'דאַרף האָבן אַ שטאַרקע האַרץ אויסצוהאַלטן פון אַ שוואַך האַרץ. . . .

און, למען השם, שרייבט מיר אריין אַ פּאָסטל־קאַרד מיט דער זעלבער עצה, וואָרים איך אַליין דאַרף אַזאַ עצה, כדי צו לעבן אויף גאָט'ס שלעכטער, אָבער דאָך אַזאַ גוטער וועלטעלע. . . .

וואָס זאָגט איר? . . .

## גיט אַ שמייכל

# נאַטור און מענטש

גאָט'ס וועלטל, אידישע קינדער, האָט זיך צובליהט מיט טויזנט חנ'ען, כאָטש געה נעם אַ „פּיקטשע" פון איר. . . . די מוטער'ל ערד, וועלכע איז נעבאך געלעגן אַ דערפרווירענע מאַנאַטן לאַנג, מיט אַ צודעק פון שניי און אייז, שמעלצט זיך איצט אין דער וואַרימער פרילינגס זון, פּונקט ווי אַן „אַלרייט-ניצע" אין פלאָרידא ביים ים . . . און ווי אַ מאַמע צו אירע קינדער, אַזוי נערט די מוטער'ל ערד אירע בוימעלעך, בלימעלעך און גרעזעלעך, אַז זיי זאָלן וואַקסן גוט, בליהען גוט, און שמעקן גוט. . . . און זיי, די קינדערלעך — ס'הייסט די בוימעלעך און די בלימעלעך, די גרעזעלעך און די קרייטעכצער, פאָלגן דער מאַמען און וואַקסן אויף וואָס די וועלט שטעהט. . . .

אַט באַאָבאַכט איך די בוימער אין מיין אייגענעם גאָרטן, און איך דער-קען זיי ניט. ווי לאַנג צוריק, דוכט זיך, זיינען זיי געשטאַנען ווי אָפּגעשמיסענע הושענות — נאַקעטע, אָפּגעפליקטע, ווי געקוילעטע הינער — אָן אַ בלעטעלע אויף זייערע צווייגן און אָן אַ גרעזל צופוסנס . . . אפילו די גרויסע בוימער, די ריזן, זיינען געשטאַנען איינגעקאָרטשעטע ווי קאַליקעס . . . פון די קליינע יונגע בוימעלעך איז דאָך שוין אָפּגערעדט, זיי האָט מען כמעט אינגאַנצן ניט ארויסגעזעהן. און איצט שטעה איך און קוק אויף גאָט'ס וואונדער און איך דערקען ניט מיין אייגענעם גאָרטן. מיינע בוימער ווערן מיט יעדן טאָג גרע-סער, פולער, באַוואַקסענער, אַקוראַט ווי דער רבונו של עולם וואָלט זיי גע-פּאַשעט יעדן טאָג מיט ציגענע מילך. . . . און די ערד, אונטער זייערע טיפע וואָרצלען, האָט אויסגעשפּרייט אַ גרינעם קאַרפּעט אונטער מיינע פיס, אַז עס ווילט זיך מיר גאָר ניט גלויבן, אַז ערשט ניט לאַנג צוריק איז מיין גאָרטן גע-ווען פּליכעוואַטע. . . .

אנטקעגן וואָס, פרעגט איר, דערצעהל איך דאָס אייך? אנטקעגן מיין פּעטער גרונם, מיט זיינע קלאָץ-קשיות . . . וואָרים מיין פּעטער, זאָלט איר וויסן זיין, האָט אויך אַ גאָרטן, און אין זיין גאָרטן בליהען שוין אויך די בוימער, פּונקט ווי באַ מיר און באַ אייך. . . . קומט ער צו מיר די וואָך מיט אַ קלאָץ-קשיא:

— גיב אַ קוק — מאַכט ער — פלימעניקל מיינער, ווי שעהן די נאַטור פירט זיך איר וועלטל. . . . אמת, זי, די נאַטור, הייסט עס, האָט אויך אירע

בייזע וועטערן, איר שלעכטע צייט, אָבער פונדעסטוועגן ווייסט זי, די נאַטור, הייסט עס, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַן איבערגאַנגס־צייט, און נאָכ'ן ווינטער מוז באַשטימט קומען פרילינג, און נאָכ'ן פרילינג קומט ערשט דער ליבער זומער. פאַרוואָס־זשע קאָנען די מענטשן אויך ניט איינאָרדענען זייער וועלטל, אַז מ'זאָל באַשטימט וויסן ווען די אַלטע וועלט גייט אוועק און ווען די נייע וועט אָנקומען? . . .

פויל איך זיך ניט, און איך נעם מיין פעטער, פיר אים צו צום פענסטער, און הייס אים אַרויסקוקן אין גאָרטן. . . .

— איר זעהט, פעטער — דערקלער איך אים — אין דער נאַטור גייט אויך ניט צו אַלעס גלאַטיג אָדער פויגלדיק, כאָטש קיין פויגלען פעהלן ניט. . . . איר זעהט דאָרטן יענעם גרויסן בוים? ער שטעהט זיך אַליין, אָפגעזונדערט פון די אַנדערע בוימער . . . וויל מיט זיי קיין מגע ומעשה ניט האָבן . . . אַ יחסן, ווי דער גביר בא אונז אין שטעטל. . . . און אָט שטעהט אַ בוים, אַן אָרימער, נעבאָך, אַן אויסגעדאַרטער. . . . די אַנדערע בוימער בליהען שוין, די צווייגן זיינען שוין באַדעקט מיט גרינע בלעטער, אָבער ער שטעהט נאָך אַ נאַקעטער . . . אַז אַלע בוימער וועלן שוין זיין אָנגעלאָדן מיט פרוכט, וועלן זיי אים אויך עפּעס צוװאַרפן . . . אָבער אַליין קיין פירות וועט ער ניט געבן. און אָט שטעהען צוויי יונגע בוימעלעך צוגעטוליעט איינס צום אַנדערן; מיט זייערע צווייגן נעמען זיי זיך אַרום, פונקט ווי אַ פאַרליבט פאָרל אין אַ שעהנער לבנה נאַכט. . . . זיי זיינען נאָך יונג, צו יונג אפילו נאָך צו האָבן פירות, אָבער פאַרלאָזט זיך, פעטער, אויף דער יונגוואַרג . . . די קנאָספּען אויף זייערע צווייגן זיינען פול אָנגעלאָדן און, פריהער אָדער שפּעטער, וועלן זיי געבן פרוכט. . . . צו זיי געהערט די צוקונפט . . . זיי הויבן ערשט אָן צו בליהען, און זיי האָבן צייט . . . פאַר זיי איז עס אָנגעגרייט די נייע וועלט. . . .

— נו, און די מענטשן? — פרעגט מיך מיין פעטער.

— אַ מענטש — ענטפער איך אים — איז געגליכן צו אַ בוים, און אַ בוים צו אַ מענטשן . . . פאַר דער נאַטור זיינען אַלע גלייך. אויב עס וועט קומען אַ נייע וועלט, וועט עס זיין פאַר אַלעמען. . . . יו געט מי? . . .

## גיט אַ שמייכל

# ניט אַזאַ יחסן ווי אַמאָל...

אַזוי ווי די איצטיקע כוואַליע פון סטרייקס, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס לאַנד, איז אין לעצטן סך הכל אַ קאַמף פאַר ברויט מיט פּוטער, אָדער ווי די עקאָנאָמיסטן באַהויפּטן — אַ קאַמף פאַר „דאָלערס און סענטן" — וואָס דאָס איז אַן אַנדער וועג אָנצורופן ברויט מיט פּוטער, האָב איך באַשלאָסן צו האָבן אַן אינטערוויו, דאָס הייסט, זיך אַביסל דורכשמועסן, מיט דעם הויפּט־מחותן אויף דער חתונה... דאָס מיינט, מיט זיין מאַיעסטעט דעם דאָלער־ביל אַליין. און אַזוי ווי דאָלער בילס זיינען איצט פאַראַן נאָך מער ווי ברויט, שוין אָפּ־גערעדט פון פּוטער... האָב איך אים, דעם דאָלער ביל, הייסט עס, לאַנג ניט געדאַרפט זוכן... איך האָב אים געפונען טאַקע אין מיין אייגענער קעשענע.

— „האַו דו יו דו"! — האָב איך צו אים אויסגעשטרעקט אַ האַנט, מיט דער אַבזיכט אים אַרויסצונעמען פון פּאָקעטבוך.

— ווי קומט עס וואָס דו רעדסט צו מיר? — האָט מיין דאָלער־ביל אויס־געגלאָצט אויף מיר אַ פּאָר גרינע אויגן....

— פאַר וואָס ניט? — האָב איך אים צוריק געענטפערט מיט אַ פראַגע — ביזט באַ מיר אַ גאַנץ אָנגעלעגטער גאַסט.... וואָס, אפשר ניט?

— כ'וויים? — האָט מיין דאָלער־ביל מיך נאָך אַלץ אָנגעקוקט מיט אַ גרינעם קוקעלע פון אומצוטרויען — נאָך דיינע האַנדלונגען די לעצטע פּאָר יאָר, בין איך ניט געווען באַ דיר אַזאַ יחסן ווי אַמאָל.... האָסט זיך געחבר'ט נאָר מיט פינפערלאַך און צענערלאַך... און אויף מיר האָסטו זיך כמעט ניט אומגעקוקט....

— וועל — האָב איך אים אַ שטאָך געטאָן — וועסט דאָך אַליין צוגעבן, אַז זיי זיינען גרעסערע יחסנים פון דיר....

— ווייס איך וואָס! — האָט מיין דאָלער־ביל מיר געענטפערט אַ צור־רייצטער — זיי זיינען אין די זעלבע שיך וואָס איך, ווי דער אַמעריקאַנער זאָגט.... דעם אמת צוגעבנדיק, האָב איך אַליין אַמאָל געהאַט אַ גרויסן דרך ארץ פאַר פינפערלאַך און צענערלאַך. כ'האָב שטענדיק גע'חלומ'ט און גע־האָפט אַז איך אַליין זאָל זיך אַמאָל אַרויפאַרבעטן צו זיין אַ פינפערל אָדער אַ צענערל.... און ווער שמועסט נאָך, אַז מ'האָט מיך אַמאָל אַוועקגעלעגט

לעבן אַ צוואַנציקער, האָב איך שיער די ניכפּע באַקומען . . . און אַ פופציקער, האָב איך קיינמאָל פאַר מיינע אויגן ניט אָנגעזעהן . . . זיי זיינען נאָר געלעגן אין באַנק. . . . היינט האָבן מיר זיך שוין אויסגעמישט איינס מיט די אַנדערע.

—ביסטו איצט מער צופרידן ווי אַמאָל? — האָב איך אים איבערגעשלאָגן.

— נאָסערי! — האָט ער אַ גלאָנץ געטאָן מיט זיינע גרינע אויגעלעך — ווען אַ פינפערל איז געווען אַ גרויסע מטבעה, און צו צוואַנציקער האָב איך באַדאַרפט אַרויפקוקן, בין איך געווען אַ יחסן . . אָבער איצט וואָלגער איך זיך דאָך בײַ יעדן קבצן . . . אַפילו דו קוקסט זיך מער אויף מיר ניט אום. . . .

— פאַרשטעה מיך — האָב איך אים געוואָלט באַרוהיגן.

— דאַרפסט זיך פאַר מיר ניט פאַרענטפערן — האָט מיין דאָלער־ביל מיר איבערגעשלאָגן — „אַי דאָנט בלעים יו" . . . ווען איך האָב ווערט געהאַט מיינע הונדערט פּראָצענט איז געווען עפּעס אַנדערש . . . אָבער איצט, אַז איך בין ווערט ניט מער ווי זעכציק פּראָצענט, פיל איך זיך ווי אַ יורד . . . אַ געפאַלענער. . . . ס'איז ניט דיין שולד. . . .

— יו בעט! — האָב איך אים צוזאַמענגעדרייט מיט מיינע פינגער ווי מען דרייט צוזאַמען אַ האַנט־געמאַכטן סיגאַרעט . . . אָט וואָס פאַר אַ ווערט דו האָסט איצט. . . . אדרבא, זיי אַ קנאַקער און קריג מיר אַ סטעיקעלע.

— וואָס? — האָט מיין דאָלער־ביל זיך אויסגעגליכן פון זיין צוזאַמענגעדרייטער פּאָזיציע — איך זאָל דיר קריגן אַ סטעיקעלע? . . . פאַרוואָס רעדסטו בעסער ניט צו דיינע פינפערלאַך און צענערלאַך? . . . אַ סטעיקעלע זאָל איך אים קריגן! . . .

— אָלראַיט — האָב איך געוואָלט איינגעהן מיט אים אויף אַ פּשרה — לאָמיר זעהן זאָלסט מיר קריגן עטליכע פונט צוקער. . . .

— אַ זים יאָר אויף דיר — האָט דער דאָלער־ביל מיך געקיבעצט — ווען איך קאָן קריגן צוקער, וואָלט איך צו דיר ניט גערעדט. . . . איך וואָלט שוין לאַנג געווען אין דער באַנק. . . .

— אויב אַזוי — האָב איך אים ניט אָפּגעלאָזט — קריג מיר כאָטש אַ פערטעלע פּוטער. . . .

— כי־כי־כי — האָט מיין דאָלער־ביל זיך געשטיקט פון געלעכטער — אַלץ ווילט זיך דיר . . . פּונקט ווי שלום עליכם'ס מלמד, וואָס האָט געזעהן ביים נגיד ווי מ'עסט פיינקוכן, האָט זיך עס אים פאַרשמעקט. . . .

— אַ קונץ צו לעבן מיט די אַלע גוטע זאַכן? . . . לאָמיר זעהן, זאָלסט זיך באַגעהן אָן די אַלע גוטע זאַכן? . . .

— טאָ צוליב וועלכע גוטע יאָר דאַרף איך דיר האָבן! — בין איך שוין

## גיט אַ שמייכל

געוואָרן אין כעס. און געוואָלט מיין דאלער־ביל אַ שמיץ טאָן אויף דער ערד.
—אהא . . . — האָט מיין דאלער־ביל מיך געוואָרנט — ניטע! . . .
וואַרף זיך נים מיט מיר . . . וואָרים עס וועט נאָך קומען מיין צייט אויך . . .
געדענק־זשע! . . .

דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך זיך דערשראָקן פאַר דער וואָרנונג און איך האָב מיין דאלער־ביל צוריק אריינגעלעגט אין מיין פּאָקעטבוק. אָבער צו וואָס טויג עס מיר, אָן פוטער און אָן אַ סטעיק? . . .

ווי מיינט איר? . . .